רודאלף ראקער

# עסייען



ב ו כ ג ע מ יי נ ש אַ פ ט
ביי דער
יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט
ב ו ע נ אָ ס א יי ר ע ס, 1 9 6 1



געצייכנט פון היגן מאָלער
ב. נעמיראָווסקי, אַרום 1920

# אינהאַלט־פאַרצייכעניש:

# פון די אַרויסגעבערס

קורץ נאָך רודאָלף ראָקערס טויט, האָט די יידישע ראַציאָנאַליסטישע געזעלשאַפט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אין יידיש דריי ביכער זייַנע: 1) איין בוך זאָל זיין אַ זאַמלונג פון עסייען, וואָס ראָקער האָט געשריבן אָריגינעל אין יידיש; 2) אַן איבערזעצונג פון זיין בוך „יוגנט פון אַ רעבעל", וואָס איז דער ערשטער באַנד פון זייַנע זכרונות; 3) אַן איבערזעצונג פון „רעוואָלוציע און רעגרעסיע", וואָס איז דער דריטער און לעצטער באַנד פון זייַנע זכרונות. צוזאַמען מיטן צווייטן באַנד זכרונות, א"נ „אין שטורעם", וואָס איז שוין דערשינען אין יידיש אין יאָר 1952, וועלן מיר האָבן אַ פולע יידישע ווערסיע פון ראָקערס מאָנומענטאַלער אויטאָביאָגראַפיע.

אונדזער איניציאַטיווע האָט געקריגן אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, וווּ עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט ביי דער „יידישער אַנאַרכיסטישער פעדעראַציע" אויף צו העלפן אונדז אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג. אַ שטיקל צייט איז געווען אַקטיוו נאָך אַ קאָמיטעט אין לאָס־אַנדזשעלעס, אָבער ער איז אויפגעלייזט געוואָרן נאָכן פּלוצימדיקן טויט פונעם הויפּט־איניציאַטאָר, ה. יפה. עס וואָלט, פאַרשטייט זיך, בישט געשאַדט, ווען עס רופן זיך אויך אָפּ מיט הילף חברים פון אַנדערע לענדער.

מיטן אַרויסגעבן אָט־דאָס בוך איז געמאַכט געוואָרן די התחלה צו פאַרווירקלעכן אונדזער פאַרגענומענעם פּלאַן. דאָס בוך „יוגנט פון אַ רעבעל" וועט אַריינגיין אין דרוק אַזוי שנעל, ווי דער איבערזעצער, פריינד ב. טשערבינסקי, וועט פאַרענדיקן זיין אַרבעט.

מיט די „עסייען" זייַנען מיר אויסן צו געבן אַ פאַרשטעלונג פון ראָקערס אומגעווייַנטלעך פּרוכטיק־שאַפערישער טעטיקייט אין יידיש, וואָס האָט אויסגעיבט אַ געוואַלטיקע השפּעה אויף דעם דעמאָלט קאָכיקן יידישן ישוב אין ענגלאַנד און אויף די יידישע אימיגראַנטן־ישובים אין די מערב־לענדער בכלל. ראָקער איז אין משך פון צוואַנציק יאָר געווען אייַנער פון די אָנגעזעענסטע פּובליציסטן און לעקטאָרן אין דער יידישער שפּראַך, און ער האָט אויפגעשטעלט אַ זייער גרויסע צאָל תלמידים.

ביים צוגרייטן צום דרוק זאַכן, וואָס זייַנען געווען פאַרעפנטלעכט אין אַנהייב יאָרהונדערט, האָבן מיר, נאַטירלעך, געמוזט אויסבעסערן אַ צאָל דייטשמערישע אויסדרוקן, וואָס זייַנען אין יענער צייט „געווען אין דער מאָדע". מיר זייַנען אָבער געווען פּאַרזיכטיק בישט „אויסצובעסערן" צו פיל: מיר האָבן געוואָלט איבערלאָזן דעם שטעמפּל פון יענער צייט און פון דעם מחברס יידישן לשון. מיר דאַרפן אונטערשטרייכן, אַז דער זאַצבוי איז געבליבן כמעט פולשטענדיק ווי אין אָריגינאַל — ווי עס פּאַסט פאַר אַ ליטעראַרישן מייסטער, האָט ראָקער אַרויסגעוויזן אַ זעלטענעם חוש פאַרן זאַץ און פאַרן ריטם פון דער יידישער שפּראַך.

ראָקערס טיטאַנישע טעטיקייט אין דער יידישער סביבה איז איבערגעריסן געוואָרן מיט זיין אַרעסט אין ענגלאַנד, אין יאָר 1915, און זיין שפּעטערדיקער דעפּאָרטאַציע. דערצו נאָך האָט בשעתה די צאַריסטישע צענזור נישט צוגעלאָזט קיין ברייטערע פאַרשפּרייטונג פון ראָקערס שריפטן צווישן דעם דעמאָלטיקן גרעסטן יידישן קיבוץ. זיינען דעריבער איצט פאַראַן אַ סך יידישע לייענערס, וועמען דער נאָמען ראָקער איז אומבאַקאַנט, און נאָך מער זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זיי איז באַקאַנט בלויז דער נאָמען. וועט אפשר נישט שאַטן, וואָס מיר גיבן, ווי אַן אריינפיר צו אָט דעם בוך, די נישט פּרעטענציעזע הספּד־רעדע פון איינעם פון ראָקערס כמעט לעבנסלענגלעכע תּלמידים. על כּל פּנים, וועט מען זיך באַקענען מיט דער באַציונג, וואָס עס האָבן געהאַט צו רודאָלף ראָקערן די, וואָס האָבן גענאָסן פון זיין גייסטיקער שפע און זיך געשפּיגלט אין זיין וווּנדערלעכן לעבן.

נאָוועמבער, 1960.

# רודאָלף ראָקער*)

„ווען איך גיב אַ קוק אויף צוריק אויף אָט די זעכציק יאָר נישט איבערגעריסענער אַרבעט, פיל איך אַ פריידיקע צופרידנקייט, וואָס איך האָב נישט צעטרענצלט מײַן לעבן. דאָס איז געווען אַ רײַך און פרוכפּערדיק לעבן, וואָס עס איז כדאַי געווען עס צו לעבן. מײַן לעבן האָט זיך מיר קיין מאָל נישט צוגעגעסן, און איך האָב תמיד געפונען אַ שפע פון גײַסטיקער דערמוטיקונג, וואָס האָט מיר באַצאָלט מיט ריווח פאַר אַלע דאַגות פון דער צײַט. דאָס זײַנען געווען צערודערטע און אָפט מאָל זייער שווערע יאָרן, וואָס האָבן דעריבער טאַקע מיר פאַרשאַפט אַ שלל מיט ידיעות און מיט ווערטפולער עקספּעריענץ. — —

— צי בין איך געווען צופרידן פון מײַן לעבן? אין גאַנצן צופרידן איז מען דאָך קיין מאָל נישט אין דער אמתן, ווײַל שטענדיק זײַנען פאַראַן אַזעלכע זאַכן, וואָס מען גלוסט צו זיי, אָבער וואָס מען קען זיי קיין מאָל נישט דערגרייכן. די אַבסאָלוטע צופרידנקייט וואָלט מעגלעך געווען, אָדער מען וואָלט זיך לפּחות אַזוינס געקענט משער זײַן, ווען עס וואָלט געווען אַן אַבסאָלוטע שלימות. אָבער דאָס איז נישטאָ און וועט קיין מאָל נישט זײַן. יאָ, אויב מען וואָלט געקענט דער־גרייכן די אַבסאָלוטע שלימות, וואָלט נאָך אַלץ געבליבן אַ ספק, צי זי וואָלט געקענט געבן דעם מענטשן פולע צופרידנקייט. אַלץ וואָס איז אַבסאָלוט מאָנאָטאָן, מחמת דאָס באַטײַט אַ פאַרענדיקונג אין זיך גופא און לאָזט נישט צו קיין נײַעם סטימול. דעריבער פעלט דעם דער אי־נעווייניקסטער אימפּולס פון דעם שטרעבן צום העכערן, וואָס גיט אונ־דזער לעבן קלאַנג און פאַרב און וואָס איז אָן ספק דער ווערטפולסטער עלעמענט אין דעם מענטשנס לעבן.

אָבער אַזוי ווי איך האָב מײַן גאַנץ לעבן געשטרעבט און האָב

---

* רעפעראַט געלייענט אויפן ראָקער־געדענק־אָוונט אין קהילה־זאַל פון בוענאָס־איי־רעס, דעם 11טן נאָוועמבער 1958, אָרגאַניזירט פון דער יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט.

געקעמפט מיט זיך אַליין און מיט די אַנדערע, בין איך קיין מאָל נישט געוואָרן קיין פולשטענדיקער מענטש, נישט געקוקט אויף מײַנע יאָרן.
— — — איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין אַבסאָלוטע אמתן אין מײַן באַזיץ, מחמת איך האָב נישט באַוויזן צו אַנטדעקן די סודותפולע הייל פון דעם אוצר, ווו מען קען געפינען אַזעלכע אמתן. — — — אַזוי ווי די נאַטור באַשאַפט שטענדיק נײַע פאַרמען און חזרט זיך אין גרונט קיין מאָל נישט איבער, אַזוי ראַנגלט זיך דער מענטש אַרויסצוקריגן נײַע ידיעות פון דעם לעבעדיקן קוואַל פון יעדן שעפערישן געדאַנק, הגם ער דערגרייכט נישט אין דעם צו קיין ברעג. תמיד איז פאַראַן אַ ציל, און דאָס וואָס מיר רופן אָן דער זין פון לעבן איז סוף־כל־סוף בלויז דאָס, וואָס מיר גופא מאַכן פון דעם. גראָד ווײַל איך האָב עס דערקענט, האָב איך קיין מאָל נישט באַלאַנגט צו די שומרים פון די ריינע פרינציפּן. איך האָב אָט די שומרים קיין מאָל נישט געקאָנט פאַרדייען, מחמת שטענדיק שטעלן זיי אַרויס זייער אומפעלבאַרקייט און קיין מאָל פאַרשטייען זיי נישט, אַז זייער כלומרשטע קאָנסעקוועַנץ קומט פון זייער געדאַנקען־שמאָלקייט. — — —

איך בין קיין מאָל נישט געווען קיין שלימותדיקער מענטש און דעריבער בין איך קיין מאָל נישט געווען קיין פולשטענדיק צופריי־דענער מענטש. אָבער ווען איך באַטראַכט מײַן לעבן אין גאַנצן גע־נומען, וואָלט איך נישט געוואָלט לעבן אויף קיין אַנדער אופן ווי איך האָב עס געטאָן. נישט דערפאַר וואָס איך האַלט פאַר ריכטיק אַלץ, וואָס איך האָב געדענקט און געטאָן פאַר די אַלע לאַנגע יאָרן. פון אַזאַ אומפעלבאַרקייט בין איך פולשטענדיק ווײַט, וואָרום איך בין אַ מענטש ווי אַלע מענטשן און איך בין דעריבער אויסגעשטעלט צו טעותן ווי אַלע מענטשן, מחמת דער מענטש מאַכט טעותן כל־זמן ער שטרעבט צו עפּעס. ווען איך וואָלט הײַנט געהאַט די מעגלעכקייט צו לעבן נאָך אַ מאָל מײַן לעבן, וואָלטן אפשר עטלעכע זאַכן פאַסירט אַנדערש ווי דעמאָלט, אויב איך וואָלט געקענט אויסנוצן מײַן שפּעטערדיקע עקספּעריענץ — אָבער די הויפּט־שטריכן פון בילד וואָלטן געבליבן די זעלביקע. דאָס זײַנען געווען אינטערעסאַנטע און דער־מוטיקנדיקע יאָרן, וואָס האָבן מיר געגעבן די געלעגנהייט צו פירן מײַן לעבן ווערליק מײַן אייגענעם ווונטש נאָך, אויף וויפל דאָס איז געווען מעגלעך. אויב איך וואָלט באַדויערט עפּעס, איז דאָס וואָס פאַר דעם פרײַהייט־ציל, וואָס איז געוואָרן דער פירנדיקער שטערן פון מײַן לעבן, האָב איך נישט געקענט געבן מער ווי דאָס וואָס איך בין געווען ביכולת.

דעם וועג, וואָס איך האָב מיר אויסגעקליבן, האָט מיר, וואָס אמת, נישט פאַרשאַפט קיין ערדישע גיטער, אָבער ער האָט מיר פאַר־שאַפט אינעווייניקסטע עשירותן, וואָס קיין שום גאָלד פון דער וועלט קען דאָס נישט קויפן. דער גרעסטער טייל פון מײַנע חברים, איבער דער גאַנצער וועלט, זײַנען געווען טרײַע פרײַנד וואָס האָבן מײַנע

יאָרן געמאַכט רײַך און גליקלעך. און נאָך מער — אַחרון אַחרון חביב — איך האָב געהאַט דאָס גרויסע גליק אָנצוטרעפן אויף אַ לאָיאַלער חברטע, וואָס איז אין משך פון די דרײַ און פערציק יאָר פון אונדזער צוזאַמענלעבן געווען נישט בלויז אַ פרוי, נאָר אויך אַ חברטע אין אידייען און אין קאַמף, וואָס האָט ביז הײַנט טרײַ געטיילט מיט מיר אַלע בויטן און סכנות, אָבער אויך אַלע פריידן און האָפענונגען, און וואָס האָט אין קיין שום סיטואַציע פון אונדזער שטורמישן לעבן נישט פאַרלוירן דעם מוט. דאָס אַליין איז שוין אַזאַ גליק, וואָס אָפּצושאַצן עס ריכטיק קען בלויז דער, וואָס אים איז געווען באַשערט צו געניסן פון דעם. איך דאַנק אויפריכטיק מײַן גורל פאַר אָט דעם גליק. — — —

איך בין צופרידן, וואָס איך האָב געקענט פאַרענדיקן אָט־דאָס ווערק, וואָס מײַן פאַרשטאָרבענער פרײַנד מאַקס נעטלוי האָט מיך אָנגערעגט צו דעם. דאָס וויל נישט זאָגן, אַז מיט דעם האָב איך פאַרענדיקט מײַן ווײַטערדיקע טעטיקייט. דערווײַל לעב איך נאָך, וואָס פאַר מיר מיינט עס דאָס אייגענע ווי צו זאָגן: איך קעמף נאָך דערווײַל! „דער וואָס טײַטשט אויס דאָס לעבן אַנדערש, יענער האָט דאָס לעבן פאַרשטאַנען שלעכט“.

רודאָלף ראָקער — „רעוואָלוציע און צוריקגאַנג“, 438—440, פון סאַנטיליאַנס שפּאַנישער איבערזעצונג, פאַרלאַג „טופּאַק“, ב. איירעס, 1952.

# דער סוד פון גליק

קיין אַנדערער וואָלט נישט געקענט אַזוי תמציתדיק און אַזוי בולט אַרויסברענגען די גרונט־שטריכן פון ראָקערס נשמה, ווי ראָקער גופא האָט עס באַוויזן אין אָט די עטלעכע שורות, וואָס מיר האָבן אַרויסגענומען פון די לעצטע דרײַ זײַטלעך פון דעם דריטן באַנד פון ראָקערס זכרונות.

מיר הייבן באַזונדערס אַרויס ראָקערס געפילן פון אינערלעכער צופרידנקייט מיט זײַן לעבן, פון דער הײַנט־צו־טאָג אַזוי זעלטענער גליקזעליקייט. דאָס איז ווײַט נישט די כמעט־בהמישע באַלעבעסלדיקע צופרידנקייט מיט דער אייגענער באַגרענעצטער און אײַנגעדרימלטער ווייניקייט — דאָס איז דאָס גרויסע גליק פון דעם מעכטיק־אינטענסיוון לעבן פון אַ מענטשן, וואָס זײַן אויג איז נײַגעריק, דורכדרינגענדיק און אָפן פאַר דער שיינקייט פון דער וועלט. וואָס זײַן האַרץ איז פול מיט ליבע, מיט יושר־געפיל און מיטן נישט־געזעטיקטן דאָרשט צו וויסן. וואָס זײַן מוח איז וואַך און געשפּאַנט צו פאַרשן די סודות פון דער נאַטור און צו טראַכטן

מחשבות וועגן דער וועלט. מען קען זיך אויך נישט אויסמאָלן קיין מענטשן, וואָס זאָל זײַן ווײַטער, ווי ראָקער איז געווען פון אַן אָפּגעזונדערטן לעבן אויף אַ העלפאַנט-ביינערנעם טורעם — אדרבא, די עיקרדיקע טרײַבקראַפט פון ראָקערס לעבן איז געווען דאָס פּראָמעטייִישע זוכן פון ליכט און גליק פאַרן מענטשן. דער גרעסטער פּערזענלעכער אוצר זײַנער — זאָגט ער אונדז — איז געווען די גרויסע צאָל פרײַנד זײַנע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין אַלע עקן וועלט.

אַזאַ מין גליקזעליקייט מעג און דאַרף אַרויסגעשטעלט ווערן ווי אַ מוסטער, וואָס מענטשן זאָלן שטרעבן צו דערגרייכן. שוין צוליב דעם אַליין וואָלט געווען מער ווי כדאי אַ גרינטלעכע אָנשטרענגונג צו אַרײַנפירן אין דער וועלט ראָקערס דרײַ בענד זכרונות. סײַ-ווי זײַנען זיי אָנגעשריבן שיין און האַרמאָניש, ווי דעם מחברס לעבן גופא איז עס געווען, אַ סך זײַטלעך וואָלטן נישט געטאָרט פעלן אין אַנטאָלאָגיעס. דערצו האָבן די זכרונות דעם מעכטיקן פאַרנעם פון ראָקערס לעבן, וואָס איז געווען נישט נאָר לאַנג אין צײַט, נאָר אויך אינטענסיוו. ראָקערס אַ טאָג לעבן האָט געהאַט דעם אינהאַלט פון אַ סך טעג לעבן פון געוויינטלעכע בשר-ודמס. ראָקערס זכרונות זײַנען, אגב, איינע פון די גאָר-גאָר אינטערעסאַנטסטע און וויכטיקסטע דאָקומענטן פאַר דער געשיכטע פון סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט און פון דער ערשטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. פון ראָקערס זכרונות וועט דעם קומענדיקן היסטאָריקער אַ סך ליכטיקער ווערן אין מוח, ווי פון אַ מענגע הײַנטיקע „בעסט-סעלערס" — די זכרונות פון די „מעכטיקע" מענטשן פון אונדזער אומגליקלעכער תקופה. אָבער די אַלע מעלות פון ראָקערס זכרונות ווערן געדעקט דורך זייער אומשאַצלעכן ווערט ווי אַ בילד פון אַ שיינעם, מעכטיקן, אַלטרויִסטישן און גליקלעכן לעבן, וואָס אַ געניאַלער לעבנס-קינסטלער האָט באַוויזן אויסצובויען אין סאַמע מיטן פון אָט-דעם עמק-הבכה פון אונדזער אַנגסטפולן דור.

ראָקערס עדות-זאָגן וועגן זײַן אייגענער גליקזעליקייט, וואָס מיר האָבן ציטירט אויבן, איז דווקא באַהויכט פון אַ דינער מעלאַנכאָליע. דאָס איז נאַטירלעך בײַ יעדער זעגענונג, און ראָקער זעגנט זיך דורך יענע שורות מיט זײַן ברייט-פאַרנומענער אויטאָביאָגראַפיע — עס איז, אין דעם פאַל אַלנפאַלס, נישט זייער ווײַט פון אַ זעגענען זיך מיטן אייגענעם לעבן. דעם עיקר-שליסל אָבער צו יענער שטימונג גיט, פון דעסטוועגן, מסתמא דער זאַץ, ווו ראָקער דריקט אויס זײַן באַדויער, וואָס ער האָט נישט געקענט געבן מער פאַר דער זאַך פון דער פרײַהייט: מיר אַלע באַדויערן וואָס מיר קענען נישט געבן מער פאַר דער איצט אַזוי געקריוודעטער פרײַהייט. וויפל כוחות מיר זאָלן נישט אוועקגעבן פאַר איר, וועט עס נאָך אַלץ נישט זײַן איבעריק, לגבי דער ווילדער ענערגיע וואָס עס ווײַזן אַרויס די כוחות

פון דער טומאה, וואָס שלעפּן די מענטשהייט צו טאָטאַליטאַריזם, צו פאַר־שקלאַפונג, צו אַנטמענטשונג, צו קעגנזײַטיקער אויסראָטונג.

די אָבער וואָס קענען ראָקערס לעבנסווערק, יענע דאַרפן סײַ־ווי נישט אומבאַדינגט האָבן ראָקערס בפירושע עדות — יעדעס ווערק זײַנס איז אַ מעכטיק געזאַנג צום לעבן און איז איבערפולט מיט לעבנספרייד, מיט קאַמפּסלוסט, מיט אַ טיטאַנישן לעבנסאָטעם. אויף ראָקערס גרונטיקן אָפּ־טימיזם זאָגן עדות סײַ זײַנע שוווּנגפולע דיכטערישע עסייען און סײַ דער ריזן־פאַרנעם פון זײַן „נאַציאָנאַליזם און קולטור", ווו ראָקער טראַכט דורך אַלע מחשבות פון דער מענטשהייט און אַקערט דורך די גאַנצע מענטש־לעכע געשיכטע, און סײַ פון זײַנע ברײַטצוגיקע זכרונות, וואָס זײַנען נישט נאָר אַ סך־הכל פון זײַן לאַנגן און אינטענסיוון פּערזענלעכן לעבן, נאָר עס איז אויך אַ געשיכטע פון זעכציק יאָר אַנאַרכיסטישער באַוועגונג און, אין אַ גרויסן גראַד, אויך אַ געשיכטע פון דער מענטשהייט פאַר דער לעצ־טער תקופה.

אינטערעסאַנט איז, וואָס אַט דער גליקלעכער מענטש איז געבוירן געוואָרן אין אַן אָרעמער אַרבעטער־פאַמיליע, איז צו זײַנע זעקס יאָר גע־וואָרן פאַריתומט פון פאָטער און צו זײַנע עלף יאָר האָט ער אויך פאַרלוירן זײַן מוטער. ער האָט פאַרבראַכט אַ שטיק קינדהייט אין אַ יתומים־הויז, וואָס איז געווען ענלעך גיכער אויף אַ דיסציפּלינאַרן באַטאַליאָן, ווי אויף אַ קינדערהיים. פון זײַן גאַר פריִער יוגנט האָט ער שוין גענומען לײַדן פאַרפאָלגונגען פאַר זײַן רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, און איז צו די נײַנצן יאָר שוין געווען אַ פּאָליטישער עמיגראַנט. די גליקלעכסטע און פולסטע יונגע יאָרן זײַנע האָט ער געוווינט אין אַן ענגן צימערל מיט אַ קיך אין אַ סלאַם פון לאָנדאָנער איסט־ענד. באַלד זײַנען געקומען פיר יאָר קאָנ־צענטראַלע־לאַגער אין ענגלאַנד, דעפּאָרטאַציע, פרישע דחקות אין דער דײַטשלאַנד פון דער אינפלאַציע־צײַט. נאָך דעם איז געקומען דאָס אַנט־לויפן פאַרן נאַציזם, פרישע וואַנדערונגען — דאָס מאָל שוין אויף דער עלטער! זײַן ווײַנרעכט אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז אויך נישט געווען קיין סטאַבילס, און גראָד בעת ראָקער האָלט אין פאַרענדיקן זײַנע זכרונות, שוין נאָענט צו זײַנע אַכציקער, קריגט ער אַ מעלדונג צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד אין משך פון דרײַ חדשים! מען האָט די גזירה קוים מיט צרות אָפּ־געשריגן דערנאָך.

ווייניק מענטשן וואָלטן זיך געקענט רימען מיט אַ חומרדיק אָרעמע־רער קאַריערע, ווי ראָקער האָט דורכגעמאַכט. אָבער זיכער נאָך ווייניקער מענטשן אין אונדזער הײַנטיקער תקופה וואָלטן זיך געקענט רימען מיט אַזאַ גליקלעכן און פולן לעבן, ווי ראָקער האָט דורכגעלעבט!

מיר לעבן איצט אין אַ צײַט, ווען אַלץ האָט זיך ווי צוזאַמענגערעדט צו פּײַניקן דעם מענטשן, אויסצולייזדיקן אים פון זײַן מענטשלעכן אינ־

האַלט, צו ניוועלירן אים אין אַ סדום-בעטל, צו לאָזן אים פילן זײַן פּרוסט-ראַציע.

שוין אין די קינדער-יאָרן הייבט די שול אָן די אינקוויזיציע. דורך אירע „איינהייטלעכע פּראָגראַמען" און אַנדערע סדומישע מיטלען, טוט זי דאָס מעגלעכע צו ניוועלירן אַלעמען וועדליק דעם מאָסשטאַב פון דעם אונטערמיטלמעסיקן און צו אָפּרײַבן יעדן קענטיקערן אָריגינעלן שטריך. דערנאָך הערט שוין די צוואַנג פון דער מאַכט נישט אויף צו דריקן אויפן יחיד אין משך פון זײַן גאַנצן לעבן.

די באַציִונג צווישן מענטשן און זײַן אַרבעט איז דענאַטוראַליזירט. דער מענטש פאַרקויפט זײַן אַרבעט פאַר געלט און ער ווערט דעריבער אָפּגעפרעמדט פון דעם פּראָדוקט פון זײַן מי. ער ווערט דאָס רוב אָפּגע-פרעמד אויך פון זיך גופא, מחמת ער דאַרף „פאַרקויפן" זײַן פּערזענ-לעכקייט און ער מוז זי צופּאַסן צום סטאַנדאַרט, וואָס האָט „דערפאָלג".

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דער קולט פון דער טעכניק, וואָס מאַכט דעם מענטשן פאַר אַ מינדערווערטיקן צוגאָב צו דער מאַשין, וואָס ער אַליין האָט אויסגעטראַכט. די דראַמע וואָס האָט זיך נאַר-וואָס אָפּגע-שפּילט, פאַר אונדזערע אויגן, אַרום דער נאָבל-פּרעמיע, אויסגעשיילט פון איר פּאָליטישער באַדײַטונג, לאָזט אונדז קלאָר זען איין אומדיסקוטיר-לעכן פאַקט: די טעכניקערס ווערן געהויכט און געקרוינט און דער קינסט-לער ווערט געפּײַניקט. דער אוממיטלבאַרער פאַר וואָס איז, וואָס דער קינסטלער אָפּערירט מיט טיף-מענטשלעכע ווערטן, און דער טעכניקער אָפּערירט מיט... טעכניק. דער „אָביעקטיווער" טײַטש פונעם מבול, וואָס די סאָוועטישע ראַבאַטס האָבן אויסגעגאָסן אַרום דער פּרעמיע, איז אַז ווער עס זוכט זיך נישט קיין צרות, יענער זאָל זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין קונסט, מיט קיין פילאָסאָפיע אאַז"וו. — עלעקטראָניקס און אַטאָמס זײַנען מער תכלית. דער מענטש איז דערנידעריקט און די טעכניק איז גע-וואָרן דערהויבן. מיר האָבן געזען אָן איינצלנעם אַקט פון דעם געצנדינסט, וואָס ברענגט דעם מענטשן פאַר אַ קרבן צו אַ מעשה-ידיו, צו דעם געץ, וואָס ער האָט באַשאַפן.

אָט די עבודה-זרה איז אַכזריותדיקער אין די לענדער ווו די מלוכה און דער קאַפּיטאַל זײַנען אַבסאָלוט אידענטיפיצירט ביז צו ווערן איין גוף און איין נשמה. אין די אַזוי גערופענע „פרײַע לענדער" ווו די ביידע זײַנען אידענטיפיצירט אויף אַ רעלאַטיווערן מאָסשטאַב, איז דער מולך אַ ביסל ווייניקער שטרענג. אָבער דער קולט פון דער טעכניק איז איצט אויסגע-שפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט.

ביני-לבינו לעבט דער מענטש פון אונדזער צײַט אין אַ מין עולם-התוהו, אָן אויסגעלײַדיקטער און אָן אַנגסטפולער, ווי פאַרזינדיקטע נשמות, וואָס ווערן אַרומגעטריבן פון בייזע רוחות. אַפילו די באַדערפעניש זײַנע

זײַנען נישט די וואָס ער באַדאַרף, נאָר די וואָס די פּראָפּאַגאַנדע צווינגט אויף אים אַרויף. דאָס אײגענע קומט פּאָר מיט זײַן כלומרשטן געשמאַק, מיט זײַנע כלומרשטע אידייען — אַלץ ווערט אין אים אַרײַנגעקוועטשט פון דרויסן. ער האָט גאָרנישט קיין אייגנס, עס איז ליידיק בײַ אים אינעװייניק, און ער האָט מורא צו בלײַבן מיט זיך אַליין, אויג-אויף-אויג מיט זײַן אייגענער ליידיקייט, און ער זוכט דעריבער תמיד צו געהערן צו אַ סטאַדע. ער גיט איבער זײַן נשמה דעם „פירער", וואָס איז אַליין אויך אַזוי געפּײַניקט פון אויסגעליידיקטקייט און ער זוכט אַן אָנשפּאַר אין זײַנע „געפירטע". דער הײַנטיקער מענטש זוכט צו פאַרשיכורן זײַן פרײַע צײַט מיט ווײַן, מיט קאָרטן, מיט באַנאַלע פאַרגעניגנס. און די אַנגסטן הערן אים נישט אויף צו פאַרפאָלגן. דער הײַנטיקער מענטש איז אין תוך טיף אומגליקלעך, מיט וואָס פאַר אַ מאַסקעס ער זאָל נישט פּרוּוון זיך צו פאַרשטעלן.

דאָס איז דאָס בילד, וואָס כמעט אַלע סאָציאַל-פּסיכאָלאָגן מאָלן פון דעם מענטשן פון אונדזער תקופה.

ראָקער האָט זיך געראַטעוועט פון אָט דעם אומגליק דורך אַ העראָישן שפּרונג צום צוקונפט-מענטשן. ער האָט זיך אינערלעך באַפרײַט פון אַלע צוואַנגען, אַרײַנגערעכנט דעם צוואַנג פון פּאַראַורטייל און פון אַרויפגעדרונגענע אידייען. ער איז געוועזן געגנוג העלדיש אויך אין גאַנצן צו אָמפּערן זיך פון דעם אַרבעטן פאַר געלט אָדער פאַר דעם עקוויוואַלענט פון געלט — דעם פאַלשן דערפאָלג. וואָרעם דער אמתער דערפאָלג פון דעם מענטשן איז ווען ער פירט אויס זײַן שליחות בשלימות; דערפאָלגרײַך איז דער קינסטלער וואָס שאַפט זײַן מײַסטערווערק, דער דענקער וואָס דערטראַכט זיך צו דערהויבענע מחשבות, דער קעמפער וואָס גיט זיך נישט אונטער. ווײ איז צו דעם וואָס לאָזט זיך אַראָפּפירן פון זײַן וועג דורך דעם פאַלשן גלאַנץ פון דעם דערזאָץ פון דערפאָלג, פון פירסום, פון נאַרישן אָפּלויז פון מענטשן-סטאַדעס! עס פּאַסירט, אַז ווען דער מבין ווערט צוגעצויגן פון די פויקן- און טרומייטן-קלאַנגען אַרום אַזאַ מין „דערפאָלג" און ער נעמט אויף דער האַנט יענעמס כלומרשטן אוצר, געפינט ער אויס אַז ער איז צוזאַמענגעשטעלט פון ווערטלאָזע שערבלעך, וואָס זײַנען נישט ווערט אַפילו זייער קבורה-געלט. קלאָר איז אויך, אַז דער שעפער פון אָטדעם באַוול האָט זײַן לעבן נישט געלעבט, און די פאַלשע גליקן האָבן אים נישט געמאַכט גליקלעך. אונטער דער מאַסקע פון „דערפאָלג" ווערט ער אינערלעך געפּײַניקט פון דעם פרוסטראַציע-געפיל.

ראָקער האָט זיך אָריענטירט אין זײַן וועג נאָך גאָר אַנדערע שטערן, אַזעלכע וואָס פירן אין אויסגעחלומטן זוניקן לאַנד אַרײַן. אויף זײַן וועג האָט קיין שום השפּעה נישט געהאַט דאָס געלט און נישט דער אָפּנאַרערי-

שער דערפאַלג. ער האָט נישט אָפּגעשטעלט זיין גאַנג אַפילו צוליב מורא צו פאַרלירן פּאָפּולאַריטעט צווישן די נאָענטסטע.

מיר ווייסן נישט, צי מיר האָבן רעכט צו רעקאָמענדירן מענטשן אַליין דורכצוגיין ראַקערס אַזוי זעלטענעם העראָישן גאַנג אויפן שווערן און מיט זון־באַגאָסענעם וועג. עס איז אָבער אונדזער חוב צו דאַנקען ראָקערן פאַר דעם נסימדיק־הערלעכן בילד פון דעם צוקונפט־מענטשן, וואָס ער האָט אונדז געגעבן. אָט דאָס איז אַ לעבן, וואָס מיר דאַרפן מקנא זיין.

## אוניווערסאַלע לייזונגען

דעם פאַרלעצטן פּאַראַגראַף פון זיינע זכרונות — אייגנטלעך דעם לעצטן פאַרן זעגענען זיך — גיט ראָקער אָפּ פאַר אַן ענין וואָס מיר פאַרשטייען, אַז ער מוז באַרירט ווערן ביי דער איצטיקער געלעגנהייט: וואָרעם עס האַנדלט זיך וועגן אַ מין צוואה:

מיר ווייסן, אַז ראָקער האָט באַוויזן צו לעבן, ביזן סוף פון זיינע זעקס און אַכציק יאָר, קאָנסעקווענט ביז העראָישקייט, ביז הייליקייט. אָבער דערמאָנט זיך, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן די מכלומרשט „קאָנסעקווענ־טע" מענטשן! ראָקער האָט געמיינט אַפילו די מענטשן פון אייגענעם קרייז וואָס זיינען געשלאָגן אויף דאָגמאַטישקייט. אָבער, דער עיקר, האָבן אים געאַרט אַלע, וואָס זיינען פאַרגליבט, אַז זיי האָבן דעם איינציקן פּאַטענט פון אַן אוניווערסאַלער רפואה פאַר אַלע סאָציאַלע קראַנקייטן. מיר ווייסן צו גוט, אַז אָט די מאַניאַקעס זיינען דער גרעסטער אומגליק פון אונדזער תקופה.

אָבער לאָמיר איבערגעבן ראָקערס טעקסטועלע ווערטער:

„וואָס וויניקער מען וועט זיך לאָזן באַאיינפלוסן פון אַבסטראַקטע פאָראורטיילן, וואָס מער מען וועט פאַרשטיין, אַז עס זיינען נישטאָ קיין אוניווערסאַלע לייזונגען פאַר די פאַרשיידענע פּראָבלעמען פון גייסטיקן און סאָציאַלן לעבן און אַז עס וועלן קיין מאָל נישט זיין אַזעלכע לייזונגען — אַלץ פּרוכטיקער וועט זיין די אַרבעט, אַלץ פרייער וועלן זיין די אויסזיכטן. איטלעכער דאָגמאַטיזם ווערט פאַר־וואַנדלט אין אַ סכנותדיקן צוואַנגסהעמד פאַר דער נאַטירלעכער אַנט־וויקלונג מחמת ער פרוווט אַרויפצוואַרפן אויף דער צוקונפט דעם עָברס חובות. קיינער איז נישט פאַרזיכערט קעגן טעותן, אָבער מיר וואָלטן לפּחות נישט געדאַרפט פאַרשטעלן דעם וועג צו פאַרריכטן דעם טעות, ווען מען כאַפּט זיך. אָט דאָס איז אַ באַזישע הנחה פאַר יעדן פריינען דענקען. פּרודאָן האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אַ באמת פרייער מענטש איז קיין מאָל נישט אין גאַנצן זיכער, צי דאָס, וואָס ער לייגט פאָר, איז טאַקע אינדעראמתן ריכטיק. איך גלייב, אַז דאָס איז דאָס

בעסטע וואָס מען האָט ווען עס איז געזאָגט וועגן דעם באַגריף פון פרײַהייט בכלל. גראָד איצט, ווען דער אײַנפּלוס פון די טאָטאַליסטי־שע אידייען האָט זיך אַזוי געדיכט צעוואָקסן, פעלן אונדז שטאַרק אויס אַזעלכע מענטשן״.

## ראָקערס אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור

מיר ווילן נאָך אָנמערקן עפּעס אין שײַכות וועגן ראָקערן אין דער יידישער ליטעראַטור. ראָקער האָט אָפּגעלעבט צוואַנציק יונגע יאָרן, וואָס האָבן אַרײַנגענומען זײַנע בעסטע ימי־העמידה, צווישן די יידן פון לאָנ־דאָנער איסט־ענד. ער האָט געטיילט מיט דער יידישער אָרעמקייט זייער מאַטעריעלע דחקות, זייער נישט־איבערגעריסענע, אָנגעשטרענגטע פּראַצע און זייער נשמהדיקע רײַכקייט. וואָרעם יענער אָרעמער און לרוב אומ־געבילדעטער דור איז, ווערדליך דער אינטענסיווקייט פון זײַן לעבן און ווערדליך די פּירות וואָס ער האָט געגעבן, געווען אַ גרויסער יידישער דור. ראָקער איז געווען אַ גרויסער לערער פון טאַלאַנטירטע תלמידים. צווישן יידן האָט ער אויך אָנגעטראָפן אויף זײַן חברטע אין לעבן — אַ זעלטן־באַגאַבטע פרוי, וואָס האָט אים באַגלייט אויף אַן אידעאַלן אופן, אָבער זי האָט אויך געהאַט איר אייגענע, קענטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס איז נישט בטל געוואָרן אין שאָטן פון איר גרויסן מאַן.

באַשערט געווען ראָקערן אויך די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר זײַנע אָפּצולעבן צווישן יידן. די לעצטע צוואַנציק יאָר האָט ער געוווינט אין אַ גאָרטן־שטעטל, וואָס יידישע אַנאַרכיסטישע אַרבעטער האָבן אויפ־געבויט אין אַ וווּנדערלעך שיינעם געגנט, אַ זיבעציק קילאָמעטער פון ניו־יאָרק. דאָס לאַנד האָט פריִער געהערט צו דער יי״ק״אַ, וואָס האָט דאָרטן אויסגעהאַלטן אַ שול פאַר וואַלד־קולטור. די חברים האָבן אײַנגעשטעלט, אַז איטלעכער מיטגליד זאָל האָבן צוויי־פינפטל העקטאַר, ווו מען זאָל אויפבויען נישט מער ווי איין שטוב. קיין צאַמען איז נישט דערלויבט צו מאַכן. און די אײַנוווינערס זײַנען ווי פולשטענדיק באַהאַפטן מיטן שיינעם, באַוואַלדיקטן פּייזאַזש. עס איז געווען אַ פּאַסיקע ראַם פאַר ראָקערס זייער־פּרוכטיקע לעצטע יאָרן.

וועגן ראָקערס ראָל אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און וועגן זײַנע אויפטוען פאַר דער יידישער קולטור, האָט ראָקער אַליין, אומפאַרגלײַכ־לעך לעבעדיק, באַשריבן אין צווייטן באַנד פון זײַנע זכרונות. מיר ווילן בלויז אָנדײַטן אויף אַ פּאָר אומבאַדינגט־נייטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן ראָקערס אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

ראָקער גופא באַקלאָגט זיך אין זײַנע זכרונות, אַז די יידישע קריטיק האָט אים פאַרשוויגן. אָבער עס זײַנען געווען זייער וואָגיקע אָביעקטיווע

מניעות, וואָס האָבן ראָקערס יידיש־ליטעראַרישע אַרבעט נישט געלאָזט דערגיין צו דער יידישער קריטיק. ראָקערס שאַפונגס־פּעריאָד אין יידיש איז אויסגעפאַלן, בעיקר, צווישן אָנהייב יאָרהונדערט ביז 1915, ווען די ענגלישע רעגירונג האָט אים איינגעשפּאַרט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָס ביכל „אַנאַרכיזם און קאָמוניזם", וואָס מיר האָבן דאָ אַרויסגעגעבן אין אָנהייב 1922, איז געדרוקט פון אַ יידישן כתב־יד. אָבער מיר גלייבן נישט, אַז ראָקער זאָל נאָך דערנאָך האָבן געשריבן אין יידיש, מחמת ער איז אין גאַנצן פאַרשלונגען געוואָרן פון דער קאָכיקער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג פון דער נאָכמלחמהדיקער דייטשלאַנד, און אויך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אַסאָציאַציע. נו, אַ שרייבער בייט נישט אַזוי לייכט זיין שפּראַך, און ווען ראָקער איז אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד, בעת ער איז שוין אַלט געווען זעכציק יאָר, האָט ער זיין ליטעראַרישע אַרבעט, וויפל מיר ווייסן, ממשיך געווען אין דייטש.

סיי־ווי איז קלאָר, אַז ראָקער האָט דורכגעמאַכט זיין גלאַנצפולע יידיש־ליטעראַרישע תקופה אין דער צייט, ווען די יידישע קריטיק האָט געהאַט איר רעזידענץ אין צאַרישן רוסלאַנד; ווהין ראָקערס ווערק האָבן נישט געקענט אָנקומען לעגאַל. ווען ראָקערס איבערזעצונג פון דעם פּאָליטיש־כשרן „אַזוי האָט גערעדט סאַראַטוסטראַ" איז אָנגעקומען קיין רוסלאַנד, האָט זי, אַלנפאַלס, אַרויסגערופן אַ התפעלותדיקע רעצענזיע פון דוד פרישמאַן. מסתמא ווייסט איר אַז פרישמאַן גופא האָט איבערגעזעצט „סאַראַטוסטראַ" אין העברעיש, און מבינים זאָגן, אַז דער העברעישער טעקסט איז ביי פרישמאַנען אַרויסגעקומען נאָך גענאָטענער, ווי דאָס איז דער אָריגינעלער.

וועגן ראָקערס טאַלאַנט צו איבערזעצן, האָבן מיר, אַגב, געהאַט אַ פערזענלעכע עקספּעריענץ; בעת מיר האָבן זיך גענומען איבערצוזעצן פערערס „די מאָדערנע שול" אין יידיש. דאָס איז געווען אַ לערן־אַרבעט ביי אונדז, און מיר האָבן זיך נישט געקענט געבן קיין עצה, ביז מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף ראָקערס איבערזעצונג פון דעם ניינטן קאַפּיטל פון יענעם בוך, וואָס ראָקער האָט געמאַכט פאַר זיין בוך „פראַנסיסקאָ פערער און די פרייע דערציִונג פון דער יוגנט". מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, פאַרנוצט ראָקערס איבערזעצונג, און דאָס ניינטע קאַפּיטל איז דאָס איינציקע גוט־איבערגעזעצטע קאַפּיטל אין דער יידישער אויסגאַבע פון פערערס בוך. מיר וואָלטן מיט אַ רויקן געוויסן רעקאָמענדירט צו פאַרגלייכן פערערס אָריגינאַל מיט ראָקערס יידישער איבערזעצונג איטלעכן, וואָס וויל איבערזעצן פון שפּאַניש אין יידיש, אָדער איבערזעצן בכלל אין יידיש פון וואָסער שפּראַך עס זאָל נישט זיין. ראָקערס איבערזעצונג איז אַרויסגעקומען אַזוי פּינקטלעך און דערביי אַזוי קערנדיק יידיש, ווי קערנדיק שפּאַניש עס איז יענער זייער פּרעכטיקער עסיי פערערס.

ראָקער האָט קינסטלעריש באַהערשט די ייִדישע שפּראַך. איר וועט אַוודאי געפינען ביי אים דייטשמערישע אויסדרוקן, איז ווידער די אייגע־נע מעשה — ערשטנס איז דעמאָלט בכלל דאָס ליטעראַרישע ייִדיש נישט געווען פריי פון דייטשמעריש און, צווייטנס, קען מען אָט דעם פעלער זייער לייכט פאַרריכטן. דער עיקר אין אַ לשון איז דאָך דער בוי און דער ריטעם פונעם זאַץ, און דאָ האָט ראָקער פולשטענדיק אַסימילירט דעם ייִדישן לשון.

אַדרבא, אונדז דאַכט זיך אַז, פון ליטעראַרישן קוק־ווינקל, זיינען ראָ־קערס ייִדישע עסייען די סאַמע ריינסטע דימענטן פון זיין שאַפונג.

מיר האָבן ביז איצט נישט געהאַט דעם שכל אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג פון ראָקערס ייִדישע עסייען. די גרופּע „אַרגאָנאַוטאַ" האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ זאַמלונג, אין שכנא רעזניקס שפּאַנישער איבערזעצונג, און די זאַמ־לונג האָט פאַר ראָקערן ממש איינגענומען אַ וועלט. מיר גופא פלעגן זיך באַגנוגענען מיט לייענען ראָקערס עסייען אין די קאַמפּלעטן פון ראָקערס חודש־זשורנאַל „זשערמינאַל", וואָס עלטערע חברים האָבן אויפגעהיט. אָדער מיר פלעגן באַנוצן „אַרטיסטאַס אי רעבעלדעס", ווי מען האָט אַ נאָ־מען געגעבן דער זאַמלונג פון „אַרגאָנאַוטאַ".

ווען מען גיט אַרויס אַ פולע זאַמלונג פון ראָקערס וווּנדערלעכע עסייען, אין זייער ייִדישן אָריגינאַל, וואָלט מען געטאָן אַ חסד מיט ראָקערן, וואָס וואָלט פאַרנומען זיין זייער כשר־פאַרדינטן אָרט פון אַ קלאַסיקער פון ייִדישן עסיי. עס וואָלט געווען אויך אַ חסד פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכ־טע, וואָס וואָלט געקענט אויספילן אַ גרויסן בלויז; וואָרעם מען דאַרף פאַר־שטיין, אַז ראָקערס ליטעראַרישע אַרבעט אין ייִדיש איז נישט פאַרביי אָן באַדייטנדיקע השפעות אויף דער ייִדיש־שאַפונג.

## אַ דור געזעגנט זיך

ראָקער דערציילט אין זיין בוך וועגן זיין גרויסן חבר מאַקס נעטלוי, אַז טורגעניעוו האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז אַ מענטש, ביי זיינע פופציק יאָר, איז שוין נישט מער ווי אַ פעסטונג, וואָס דער טויט לויערט אויף איר פון אַלע זייטן. ער אַליין, זאָגט דאָרטן ראָקער, האָט דאָס נישט געפילט. ביז ער איז אַלט געוואָרן ניין און זעכציק יאָר, איז ער בכלל קיין מאָל נישט געווען ערנסט קראַנק. אָבער אַפילו איצט וואָלט ער זיך נישט באַקלאָגט אויף זיין לעבן — שלעכט איז נאָר, וואָס דער וואַלד חברים און פריינד, מיט וועמען מען האָט צוזאַמען דורכגעמאַכט דאָס לעבן, ווערט שיטער. די ביי־מער פאַלן איינער נאָכן אַנדערן און מען בלייבט איינזאַם אויף דער וועלט.

א דור גייט אוועק און א דור קומט. איצט איז געקומען די ריי פאַר אונדזער דור צו באווײנען די ביימער, וואָס פאַלן אים אוים פון זײַן וואַלד.

און אָט דאַרפן מיר באווײנען א ברייט-צעוואָקסענעם דעמב, וואָס אין זײַן שאָטן האָבן מיר געפונען שוץ א לעבן לאַנג. אַלע וועלן מיר זיך דער־מאָנען אין ראָקערן מער ווי איין מאָל א טאָג — ביזן לעצטן טאָג פון אונדזער לעבן.

י. ג.

# דאָן קיכאָט

דאָן קיכאָט, איידעלער ריטער פון לאַ מאַנטשאַ, פרײַנד און העלפער פון די לײַדנדיקע, געליבטער פון דער אומשטערבלעכער דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ און באַזיצער פון דעם געטרײַען ראָסינאַנטע, פאַרדעק דײַן פנים מיט בײדע הענט, אַז מען זאָל נישט דערקענען אויף דיר די חרפה, וואָס מען האָט דיר אָנגעטאָן! ווײַל מען האָט דיך נאָך קיין מאָל אַזוי שטאַרק נישט באַליידיקט ווי איצט, דרײַ הונדערט יאָר נאָך דעם אומפאַרגעסלעכן טאָג, ווען דו האָסט צום ערשטן מאָל פאַרלאָזט דײַן הויז און דײַנע פרײַנד און האָסט געוואַנדערט איבער דער וועלט, כדי צו באַשיצן די גערעכטיקײַט און ווידער אָפּצופרישן דעם אייביקן רום פון דעם וואַנדערנדיקן ריטערטום.

דו האָסט אַ סך דורכגעמאַכט אויף דײַן לעבן, גרויסער ריטער פון דער טרויעריקער געשטאַלט! דו האָסט אָנגעפירט אַ פאַרצווייפלטן קאַמף מיט ריזן, אָבער צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ריזן זײַנען געווען ווינטמילן, און דו האָסט געמוזט באַצאָלן פאַר דײַן טעות מיט אַ געשפּאָלטענעם קאָפּ און עטלעכע צעבראָכענע ביינער. פּראָסטע פויערים האָבן דיר אויסגעהאַקט די ריטערלעכע ציין דײַנע. פּאַסטוכער פון געוויינלעכע שעפּסן האָבן דיך געטראָטן מיט די פיס. אומדאַנקבאַרע מענטשן, וואָס האָבן נישט געקענט באַגרײַפן דײַן ריטערלעכע גרויסקייט, האָבן דיך אַרײַנגעפּאַקט אין אַ הילצערנעם שטײַג און דיך אײַנגערעדט, אַז דו ביסט אַ פאַרכישופטער. ביסט אַפילו געווען אין סכנה, אַז אין דײַן מערקווירדיקער תפיסה זאָל זיך הערן אַ שלעכטער ריח, און ווען נישט דער גוטער סאַנטשאָ, וואָלט זיך די פּאָעזיע פון דײַן העלדישער אונטערנעמונג פלוצלינג געענדיקט מיט אַ זייער פּראָזאַישן אַקט... נאָר דו האָסט אַלץ איבערגעטראָגן מיט אַ קעניגלעכער געדולד, ווײַל דײַן שילד איז געווען בלאַנק און קיין פלעק האָט נישט באַשמוצט דײַן ריטערלעכן כבוד: דעמאָלט האָט זיך אַ גאַנצע וועלט אויסגעלאַכט פון דײַנע אומשטערבלעכע טאַטן. אָבער וואָס פאַר אַ ווערדע האָט געהאַט דער געלעכטער פון דער וועלט? דו אַליין האָסט דאָך געלעבט אין דײַן אייגענער וועלט — אַ וועלט, וואָס איז געווען גאַנץ פאַרשיידן פון דער וועלט פון די אַנדערע. יעדע דערשײַנונג האָט דיר זיך פאָרגעשטעלט אין גאַנץ באַזונדערע פאַרבן און געשטאַלטן, און ווער קאָן באַהויפּטן, אַז דײַנע פאַרשטעלונגען זײַנען ערגער געווען, ווי די פאַרשטעלונגען פון די אַנדערע? דו האָסט געזען ריזן, ווען סאַנטשאָ פּאַנסאַ האָט נאָר געזען ווינטמילן —

און ווײַל עס איז נישטאָ קיין אַבסאָלוטער אמת, ווײַל דאָס, וואָס מיר רופן מיטן נאָמען אמת, איז שטענדיק באַשטימט געוואָרן פון אונדזער אייגענער, אינדיווידועלער דערקענטעניש, פון אונדזער אינערלעכער איבערצײַגונג, איז דעריבער דײַן מיינונג אַוודאי נישט ערגער געווען ווי די מיינונג פון דעם גוטן סאַנטשאָ... אויב דו וואָלסט געקוקט אויף דער וועלט מיט די זעלביקע אויגן ווי אַלע אַנדערע מענטשן, וואָלסטו דאָך קיין מאָל נישט געווען דאָן קיכאָט. אָבער גראָד דערפֿאַר וואָס דו האָסט דיר אויסגעלייגט די דערשײַנונגען פון דער וועלט אויף דײַן אייגענעם שטייגער, גראָד דערפֿאַר איז דײַן נאָמען געוואָרן אומשטערבלעך, גראָד דערפֿאַר איז דײַן בילד נאָך פּונקט אַזוי פריש און לעבעדיק אין אונדזערע הערצער ווי מיט דרײַ הונדערט יאָר צוריק. דעריבער האָט דיר קיין זאַך נישט געקענט באַליידיקן, דערפֿאַר וואָס דו האָסט אַנדערש געזען און אַנדערש געפילט ווי דײַנע צײַט־חברים. זיי האָבן זיך אויסגעלאַכט פון דיר, אָבער דו האָסט עס אַפילו נישט געהערט. אין דײַן וועלט האָט זייער געלעכטער נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג.

אָבער הײַנט, אוי! הײַנט האָט זיך דאָס בילד אין גאַנצן איבערגעביטן. הײַנט באַוווּנדערן זיי דיך, גרויסער ריטער פון דער טרויעריקער געשטאַלט. זיי פײַערן איצט דײַן דרײַ הונדערט־יאָריקן יובילײ מיט געלערנטע רעדעס און רוישיקע יום־טובים. די קרעמערס, דאָן קיכאָט, די קרעמערס באַוווּנדערן דיך, די פאַרדאָרבענע קינדער פון דײַן געטרײַען דינער סאַנטשאָ. אַמאָל ביסטו גרויס געווען דערפֿאַר, וואָס די קרעמערס, די קלוגע און פּראַקטישע מענטשעלעך, האָבן זיך אויסגעלאַכט פון דיר, אָבער הײַנט — הײַנט פײַערן זיי דײַן אָנדענק און פאַרשטעלן דאָס בילד פון דײַן ליכטיקער גרויסקײַט מיט זייערע גראָבע בײַכער און זייערע פּעטע נשמות... זיי האָבן זיך אַפילו נישט אָנגעפרעגט בײַ דיר, צי דו ביסט מסכים צו זייערע יומטובים, צי דו ווילסט זייער כבוד... זיי זײַנען דאָך די האַרן פון לעבן, גרויסער ריטער, זיי, די קרעמערס, און זיי האָבן עקסטרע אײַנגעקויפט עטלעכע פּוד האָבער אויף אָנצושטאָפּן דעם איידעלן ראָסינאַנטע, כדי ער זאָל נישט אויסזען אַזוי מאָגער אין אַזאַ פעטער געזעלשאַפט.

אוי, איך באַגרײַף דײַן ווייטיק, אומשטערבלעכער ריטער. איך פאַרשטיי פאַר־וואָס דו באַהאַלטסט דײַן פּנים מיט בײדע הענט, אַז די וועלט זאָל נישט דערקענען אויף דיר די שרעקלעכע חרפּה, וואָס מען האָט דיר אָנגעטאָן. גלייב מיר, איידעלער ריטער, איך ווייס דײַנע באַהאַלטנסטע געדאַנקען, און איך פיל מיט דיר דעם גאַנצן ווייטיק פון דײַן באַליידיקטער נשמה. אַז די וועלט האָט זיך אויסגעלאַכט פון דיר, מילא — ווען האָט עס געאַרט? אָבער אַז די קרעמערס פּײַערן דײַן אָנדענק, אַז די רײַכע סוחרים פון מאַדריד האָבן אײַנגעשטעלט אַ פּרעמיע פון 20 טויזנט פּעזע־טאַס פאַר דעם, וואָס וועט מאָלן דעם שענסטן פּאָרטרעט דײַנעם — דאָס איז ביטער, ביטער ווי גאַל... איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ בילד זיי וועלן מאָלן פון דיר, נאָר איך האָב שטאַרק מורא, אַז זיי זאָלן נישט פאַרשטעלן דעם גוטן ראָסינאַנטע ווי דאָס פערד פון אַ ביר־ברויער, און דיר אַליין נישט צולייגן אַ בײַכל... יאָ, גרויסער ריטער, איך האָב שטאַרק מורא, אַז זיי וועלן דאָס טאָן, ווײַל הײַנטיקע צײַטן האָט מען נישט קיין דרך־ארץ פאַר „מאָגערע" אידעאַלן. אין דער וועלט פון די קרעמערס איז אַפילו דער אידעאַליזם פעט געוואָרן. קיין פליגל זײַנען אים נישט אויסגע־וואַקסן, אָבער דערפאַר האָט ער באַקומען אַ היפש בײַכל. צו וואָס דאַרף ער אויך

האָבן פליגל? דער וועג צו די שטערן איז פאַרגעסן געוואָרן. הײַנט זיצט דער אידעאַליזם רויִק אויף דער ערד און קלײַבט ווערעמלעך...

אוי, איידעלער ריטער פון לאַ מאַנטשאַ! דו האָסט אָנגעפירט אַ קאַמף מיט ריזן און פײַערדיקע שלאַנגען — די ריזן זײַנען ביסלעכווײַז אויסגעשטאָרבן, דאָס פײַער איז פאַרלאָשן געוואָרן, נאָר די שלאַנגען זײַנען געבליבן, קאַלטע, גליטשיקע קרעמער־שלאַנגען, וואָס קאָנען מער נישט זען דעם בלויען הימל און די ליכטיקע זון, ווײַל זיי קריכן דורך דאָס לעבן ווי די גנבים. ווען דו וואָלסט זיך הײַנט אויפגעהויבן פון דײַן קבר און וואָלסט פון דאָס נײַ געוואַנדערט איבער דער וועלט, כדי צו באַגיין העלדישע טאַטן, גלייב מיר — הײַנט וואָלסטו געדאַרפט קעמפן מיט די קרעמערס, אָבער די קרעמערס זײַנען געפערלעכער פון די אַלטע ריזן...

איך דערמאָן זיך נאָך ווי הײַנט, ווען איך בין דעם ערשטן מאָל מיט דיר באַקאַנט געוואָרן. איך בין דעמאָלט געווען אַ יִנגל פון אַ יאָר צוועלף אָדער דרײַצן. עס איז געווען קריסטמעס בײַ נאַכט. מיר, קינדער, זײַנען געזעסן אין קיך און געוואַרט מיט אומגעדולדיקע הערצער, ביז וואַנען די גוטע מוטער וועט אויפעפענען די טיר פונעם צימער, ווײַל הײַנט איז דאָך געווען קריסטמעס, און ווער קאָן וויסן וואָס די מאַמע האָט אַלץ אָנגעגרייט פאַר אַן איבעררראַשונגען פאַר אונדז. און ענדלעך, ענדלעך האָט זיך געעפנט די טיר צום גן־עדן, און מיר זײַנען געלאָפן אין שטוב אַרײַן מיט אַזאַ חשק, פונקט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט פון ראַטעווען דאָס לעבן. די ליכטער פון דעם ווײַנאַכט־בוים האָבן געגלאַנצט אין אַלע קאָלירן, און אַרום דעם בוים זײַנען אויסגעשטעלט געווען די אַלע גוטע זאַכן, וואָס די מאַמע האָט פאַר אונדז געקויפט און אַזוי שטרענג באַהאַלטן פון אונדז די גאַנצע וואָך. אָט איז מײַן פלאַץ: אַ קליינע ביקס, אַ סאָלדאַטיש היטל, אַ קינדער־טעאַטער, עפּל, ניס און פאַרשיידענע נאַשערײַען; און צווישן דעם גאַנצן רײַכטום איז געלעגן — אַ בוך. צוערשט האָב איך עס גאָר נישט באַמערקט, ווײַל מײַנע אויגן זײַנען געווען פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן. נאָר שפּעטער מיט אַ ווײַלע, ווען איך האָב עס אַנטדעקט, האָב איך עס אויף גיך אַרײַנגענומען אין האַנט און געקוקט דערויף מיט נײַגעריקע אויגן. אויפן פאָדערשטן טאָוול איז געווען אַ בילד: צוויי מערקווירדיקע געשטאַלט! אַ גרויסער דאַרער מאַן, אָנגעטאָן אין אַן אַלטן פאַנצער, וואָס איז געווען שטאַרק קליין אויף אים, איז געזעסן אויף אַן אַלטן אויסגעפײַניקטן פערד, וואָס איז געווען פונקט אַזוי דאַר און אָפּגעמאָגערט ווי זײַן באַלעבאָס. און לעבן דעם ערשטן רײַטער האָט אַ קליינער דיקער מאַן געריטן אויף אַ גרויען אייזל. דער טיטל פון בוך איז געווען: „די געשיכטע פון דאָן קיכאָט, דעם שאַרפזיניקן ריטער פון לאַ מאַנטשאַ“. יענעם אָוונט האָב איך נאָר אָנגעקוקט די בילדער פונעם בוך — עס איז געווען אַן אילוסטרירטע אויסגאַבע פאַר קינדער — נאָר געלייענט האָב איך אַפילו קיין וואָרט נישט. נאָר אויפן נאָענטסטן פרימאָרגן האָב איך זיך גענומען צו מײַן ליטעראַרישן אוצר. עס איז געווען ביטער קאַלט אין שטוב. קיין פײַער האָט נאָך נישט געברענט, ווײַל די מאַמע איז נאָך געשלאָפן. איך האָב זיך שטילערהייט אַרויסגעגנבעט פון בעטל, געכאַפּט דעם בוך און שנעל צוריק אַרײַנגעקראָכן אין די וואַרעמע קישנס. און איך האָב אָנגעהויבן לייענען. אין אָנהייב האָט די געשיכטע נישט געמאַכט אויף מיר קיין גרויסן אײַנדרוק, אָבער שפּעטער, ווען איך בין צוגעקומען צו די העלדישע מעשים פון דעם איידעלן ריטער, האָב

איך זיך פשוט געקײַקלט פֿאַר געלעכטער. „נאַר איינער" — האָב איך געטראַכט צו זיך אַליין — „אַפּילו אַ בלינדער קאָן זען, אַז דאָס זײַנען ווינטמילן און נישט קיין ריזן. אַ וווּנדער, וואָס ער הערט זיך נישט צו צו די שכלדיקע ווערטער פֿונעם קלוגן סאַנטשאָ!" און איך האָב ריכטיק הנאה געהאַט, ווען מען האָט אים גוט אָנגעבראָכן די ביינער. נאָר שפּעטער האָט זיך אַנטוויקלט אַ צווייט געפֿיל בײַ מיר אין האַרצן, דאָס געפֿיל פֿון רחמנות. איך האָב מיך פֿאַרגעשטעלט די גאַנצע מאַרטירער־גע־שטאַלט פֿון דעם איידעלן ריטער פֿון לאַ־מאַנטשאַ, זײַנע אויסגעהאַקטע ציין, זײַנע צעבראָכענע ביינער און זײַנע פֿאַרבלוטיקטע ליפּן, און עס האָט מיר פֿאַרדראָסן, פֿאַר וואָס מען איז זיך מיט אים אַזוי שלעכט באַגאַנגען. „ער איז דאָך אַ משוגענער, ער ווייסט דאָך נישט וואָס ער טוט! צו וואָס דאַרף מען אים אַזוי פֿיל שלאָגן?"

איך האָב דאָס בוך נאָך אָפֿט געלייענט, ביז וואַנען איך האָב עס אַ מאָל פֿאַר לאָרן אין וואַלד. עס האָט מיר שטאַרק פֿאַרדראָסן, אָבער קינדער פֿאַרגעסן זיך לײַכט, און איך האָב זיך בּיסלעכווײַז אויך פֿאַרגעסן אין דאָן קיכאָטן, סאַנטשאָ פּאַנסאָן, ראָסינאַנטען און דער שיינער דולצינעאַ פֿון טאָבאָסאָ. יאָרן זײַנען אַוועק. דער הימל־שטורעמענדיקער אידעאַליזם פֿון דער יוגנט האָט אויך מיך דורכגענומען מיט זײַן גאַנצער לײַדנשאַפֿטלעכער קראַפֿט. אין יענער הערלעכער תקופֿה האָב איך צום צווייטן מאָל געלייענט דאָן קיכאָט. ער איז מיר צופֿעליק אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט, און פֿון דעמאָלט אָן האָב איך זיך מער נישט צעשיידט מיט אים.

איך קאָן אַפֿילו נישט באַהויפּטן, אַז איך בין אין דער ערשטער צײַט געווען אַזוי שטאַרק אַנטציקט פֿון אים, איך האָב אים נאָך אַלץ געהאַלטן פֿאַר אַ בלינדן פֿאַנטאַזיאָר, וואָס איז געווען אַן אומבאַוווּסטזיניקער קרבן פֿון אַ פֿיקס־אידייע, נאָר פֿון דעסטוועגן האָב איך אים געלייענט מיט פֿאַרגעניגן, ווײַל סערוואַנטעסעס פּרעכטיקע דערציילער־קונסט האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוואַלטיקן אײַנדרוק. איך האָב אויך פֿאַרשטאַנען אויף וועמען דער גרויסער שפּאַניער האָט געצילט מיט זײַן אומשטערבלעכן ווערק. נאָר איין זאַך האָב איך נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט — איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געזען דעם ראָסינאַנטע, אויף וועלכן איך אַליין האָב געריטן; איך האָב נאָך נישט געפֿילט, אַז איך אַליין בין אויך פֿאַרליבט אין דער אומשטערבלעכער דולצינעאַ פֿון טאָבאָסאָ. הײַנט ווייס איך, אַז יעדער איינער פֿון אונדז זיצט אויף זײַן באַזונדערן ראָסינאַנטע און איז פֿאַרליבט אין ערגעץ אַ דולצינעאַ. און, דעם אמת זאָגנדיק, פֿריי איך זיך, וואָס עס איז אַזוי. אָבער דעמאָלט האָב איך נאָך דאָס אַלץ נישט געוווּסט. דאָן קיכאָט איז געווען איינער פֿון מײַנע ליבלינגען, אָבער אין דער אמתן איז ער דאָך נאָר געווען אַ גאַסט בײַ מיר...

און ווידער זײַנען אַריבער חדשים און יאָרן. איך האָב דאָס לעבן אַרומגענומען און געקושט מיטן גאַנצן אידעאַליזם, מיטן גאַנצן יוגנטלעכן כּוח. אין מײַנע גע־דאַנקען האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט ווונדערלעכע בילדער, בילדער פֿון גליק און ליבע, בילדער פֿון אַ גרויסער הערלעכער צוקונפֿט. נאָר אין דער זעלביקער תקופֿה איז צו מיר געקומען פֿון צײַט צו צײַט אַ פֿרעמדער, אומבאַקאַנטער גאַסט. ער פֿלעגט שטענדיק קומען פֿאַרנאַכט, ווען עס איז שוין טונקל געווען אין דרויסן, און שטענ־דיק האָט ער געטראָגן דעם זעלביקן שוואַרצן מאַנטל אויף די מאָגערע פּלייצעס. זײַן באַזוך איז קיין מאָל נישט געווען קיין לאַנגער. ער פֿלעגט קומען, אָנקוקן מיך מיט זײַנע קאַלטע, האַרצלאָזע אויגן. אַ שפּאָטיש שמייכל האָט געשפּילט אויף זײַנע

דינע, בלאַסע ליפּן, נאָר גערעדט האָט ער קיין וואָרט נישט. יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט מיך באַזוכן, פלעגט מיר אַ שטאָך געבן אין האַרצן. געליבט האָב איך אים נישט, אָבער פּײַנט געהאַט האָב איך אים אויך נישט. איך האָב תּמיד דערוואַרט, אַז ער וועט אַ מאָל אָנהייבן צו ריידן צו מיר, און אַ מאָל פלעגט ער אפילו באַוועגן מיט די ליפּן, פּונקט ווי ער וואָלט יאָ עפּעס גערעדט צו מיר, אָבער איך האָב עס נישט פאַרשטאַנען. פּלוצלינג איז ער פאַרפאַלן געוואָרן אויף אַ לאַנגער צײַט, אָבער איין מאָל בײַנאַכט איז ער ווידער געקומען און איצט האָט ער אין דער אמתן גערעדט צו מיר: „נאָר איינער — צו וואָס?" דאָס איז געווען אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, און ער איז ווידער אַוועק. „נאָר איינער — צו וואָס?" — אָט די ווערטער האָבן מיר געברענט אין דער נשמה ווי אַ העלישער פײַער; זיי האָבן מיר שטענדיק געקלונגען אין די אויערן און האָבן מיר פאַרשאַפט אַ סך ביטערע און פּײַנלעכע שעהן. וואָס מיינען אָט די ווערטער? האָב איך זיך געפרעגט. נאָר פּלוצלינג האָט זיך מיר ווידער פאַרגעשטעלט דאָס באַקאַנטע פּנים מיט די קאַלטע, האַרצלאָזע אויגן, מיט די דינע, בלאַסע ליפּן מיטן איביק שפּאָטישן שמייכל — און איך האָב זיך מיאש געווען פון געפינען אַן ענטפער אויף מײַן פראַגע.

איין מאָל, עס איז געווען ווינטער, בין איך שפּעט בײַנאַכט געקומען אַהיים, איך בין געווען אין אַ טעאַטער צו זען האַמלעט, און דאָס גיגאַנטישע ווערק פון דעם גרויסן ענגלישן מײַסטער האָט געווירקט אויף די באַהאַלטנסטע געפילן פון מײַן נשמה. עס איז מיר געווען אַזוי ביטער אויפן האַרצן, אַזוי טרויעריק און אור־מעטיק, אַז איך האָב שיר נישט געוויינט. און זיצנדיק בײַם טיש האָב איך ווידער געהערט די מוראדיקע ווערטער, די ווערטער וואָס האָבן מיר אַזוי פיל געפּײַניקט און וואָס זײַנען מיר אַזוי ביטער פאַרהאַסט געווען: „נאָר איינער — צו וואָס?" און אין פאַרצווייפלונג האָב איך געכאַפּט אַ בוך — עס איז געווען דער ערשטער באַנד פון דאָן קיכאָט — גרויסער ריטער פון לאַ מאַנטשאַ, קענסטו באַגרײַפן וויפל איך האָב דיר צו דאַנקען? ווען נישט דו, וואָלט איך זיכער נישט איבערגעלעבט יענע שרעקלעכע אומפאַרגעסלעכע נאַכט. איך האָב געלייענט די גאַנצע נאַכט, און אויפן האַרצן איז מיר געוואָרן אַזוי לײַכט און פריילעך. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון מײַנע אויגן, אָבער עס איז נישט געווען פון פּײַן — אַ טיפע אינערלעכע פרייד האָט מיר געמאַכט צו וויינען. ענדלעך האָב איך דאָס בוך אַוועקגעלייגט אין אַ זײַט און איך האָב זיך שפּאַצירט הין און צוריק איבערן קליינעם צימער. אין יענער נאַכט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי טרויעריק — אין יענער נאַכט בין איך אמת גליקלעך געווען.

און פּלוצלינג האָב איך צופעליק אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, וואָס איז געהאָנגען איבערן קוימען. וואָס איז דאָס? איז דאָס אַ חלום אָדער אַ ווירקלעך בילד? דאָרטן אין שפּיגל האָב איך דערזען דעם איידעלן ריטער פון לאַ מאַנטשאַ. ער איז געריטן אויף זײַן ראָסינאַנטע און האָט מיר פרײַנדלעך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אָבער דאָס פּנים זײַנס איז מיר געווען אַזוי באַקאַנט... איך האָב באַוועגט דעם לינקן אָרעם — דער ריטער אין שפּיגל האָט געטאָן דאָס זעלביקע. איך האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ — דאָן קיכאָט האָט געמאַכט די זעלביקע באַוועגונג. און פּלוצלינג האָב איך פאַר־שטאַנען ווער דאָס איז. איך האָב אויך דערקענט ראָסינאַנטען, אָבער איך וועל אײַך נישט אויסזאָגן מײַן סוד... „נאָר איינער — צו וואָס?" האָט עס פּלוצלינג ווידער

געקלונגען אין מײַנע אויערן, אָבער דאָס מאָל האָב איך זיך מער נישט דערשראָקן פאַר דער פראַגע, ווײַל איך האָב געוווּסט וואָס צו ענטפערן. — „נאָר אײנער — צו וואָס?" פרעגסטו מיך, דו שטילער אומבאַקאַנטער גאַסט מיט די קאַלטע סודות־פולע אויגן — „צו וואָס?" אָט וועל איך דיר זאָגן צו וואָס: כדי צו רײַטן אויף אַ ראַסינאַנטע און צו זײַן פאַרליבט אין אַ דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ.

איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט פון ניטשען, אָבער די גרויסע לערע פון סאַראַטוסטראַ האָב איך שוין פאַרשטאַנען: גליקלעך איז דער מענטש, וואָס קען אָפּלאַכן פון זיך אַליין! פון דעמאָלט אָן איז דער אײדעלער ריטער פון לאַ־מאַנטשאַ מער נישט געווען קיין גאַסט בײַ מיר, נאָר אַ גוטער, אמתער פרײַנד. איך האָב אים געזען אין אַלע תקופות פון דער מענטשלעכער געשיכטע, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָן קיכאָט און האַמלעט זײַנען די בײדע פּאָליוסן, אַרום וועלכע עס באַוועגט זיך אונדזער גאַנצער דאָזײַן.

יאָ, דו ביסט גרויס געווען, אײדעלער ריטער, נישט צוליב דײַנע מעשים, נאָר צוליבן כוח פון דײַן מעכטיקן ווילן. דו האָסט נישט געוואַרט, ביז וואַנען אַ גאָט וועט שאַפן אַ וועלט פאַר דיר — דו האָסט דיר אַליין געשאַפן אַ וועלט, דײַן אײגענע וועלט. מעגן די אַנדערע זיך אויסלאַכן פון אָט דער וועלט, אָבער דו ביסט פאָרט אַ באַשעפער און זײ זײַנען נאָר באַשעפענישן פון אַ פרעמדער וועלט, פון אַ וועלט וואָס זײ האָבן געקראָגן בירושה, ווײַל אַליין וואָלטן זײ קיין מאָל נישט באַוויזן זי צו שאַפן. דו ביסט אומשטערבלעך דערפאַר, וואָס דו ביסט אַן אײגענער פאַר זיך אַליין, נישט דער שקלאַף, נאָר דער האַר פון לעבן האָסטו געוואָלט זײַן, און דער־פאַר האָסטו שטענדיק געפונען מוט צו האַנדלען, ווען דער פראַקטישער שכל פון דײַנע צײַט־חברים האָט אַפילו נישט געזען קיין סיבה פאַר וואָס צו האַנדלען. אוי, אײדעלער ריטער פון דער טרויעריקער געשטאַלט, וואָלטן מיר כאָטש געהאַט אַ ביסל פון יענעם מוט צו האַנדלען, יענעם מוט, וואָס ציטערט נישט פאַר די קאָנ־סעקווענצן — ווי גוט וואָלט אונדז דעמאָלט געווען, אין אונדזער צײַט ווען האַמ־לעטס גײַסט באַהערשט די נשמות און הערצער פון דעם ביסל, וואָס מאַכן נישט מיט דעם טאַנץ פון די קרעמערס אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב! מיר אַלע האָבן געזען דעם גײַסט פון דעם טויטן פאָטער, מיר קענען דעם מערדער, אָבער די טאַט, דאָן קיכאָט, די אויסלייזערישע און באַפרײַענדיקע טאַט — פון איר האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט, אײדעלער ריטער. מיר לעבן אין אַ וועלט פון וויסנשאַפטלעכער דער־קענטעניש, און דערפאַר זײַנען די הערצער אַזוי פוסט און די נשמות אַזוי אײַנ־געטריקנט.

אַמאָל האָבן די מענטשן געציטערט פאַרן טויט, און דערפאַר האָבן זײ ליבער געטראָגן דעם יאָך פון קנעכטשאַפט, אַבי צו ראַטעווען דאָס לעבן. די האַמלעטס פון אונדזער צײַט ציטערן נישט מער פאַרן טויט, זײער פחדנות האָט געקראָגן אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער: זײ ציטערן פאַר דער לעכערלעכקײט, דערפאַר וואָס האָבן אַליין זיך פאַרגעסן לאַכן. זײ זעען דעם בלוטיקן שאָטן פון דעם דערמאָרדעטן און זײ וואָלטן צופרידן געווען צו נעמען נקמה פון דעם מערדער, אָבער אײן זאַך האַלט זײ אָפּ — נישט די מורא פאַרן טויט, נאָר דער געדאַנק אַז די ריזן וועלן זיך אפשר פאַרוואַנדלען אין ווינטמילן, אַז די טראַגעדיע וועט זיך אפשר גאָר אויסלאָזן מיט אַ קאָמעדיע. דעמאָלט וואָלט דאָך האַמלעט פאַרלאָרן זײַן נאָמען פון

אַ טיפּזיניקן דענקער, און די וועלט וואָלט געזאָגט: „זע נאָר דעם נאַר — ער קאָן אַפילו נישט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן אַ ריז און אַ ווינטמיל". און פאַר האַמ־לעטן איז דער וועלטס געלעכטער ערגער ווי דער טויט...

אַ שטיקל פון דײַן גײַסט, איידעלער ריטער, נאָר אַ שטיקל... אַט דאָס וואָלט אונדז געקענט ראַטעווען. די טאַט איז פאַרגעסן געוואָרן, דערפאַר האָבן מיר באַ־קומען די דערקענטעניש. מיר האָבן זיך שוין, גאָט צו דאַנקען, אויסגעלערנט צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן ריזן און ווינטמילן, אָבער אויב דו וועסט נישט אויפ־שטיין תחית־המתים פון דײַן קבר, וועלן מיר פאַרפוילט ווערן אין דער דערקענ־טעניש. מיר וועלן אַלצדינג וויסן, אָבער קיין זאַך נישט טאָן. אונדזערע מוחות וועלן ווערן אַלץ גרעסער און שלימותדיקער, אָבער די קראַפט פון די מוסקולן וועט אָפּשטאַרבן, די הענט אונדזערע וועלן פאַרקריפּלט ווערן...

און פאַרט קאָנען מיר הײַנט נאָר ריידן צו די האַמלעטס. זיי וועלן אונדז אפשר נאָך פאַרשטיין, און מיט דער צײַט — ווער קאָן עס וויסן? — מיט דער צײַט וועלן זיך אפשר דיביידע פּאָליוסן צוזאַמענטרעפן בײַם עקוואַטאָר פון לעבן, און דאָן קיכאָט און האַמלעט וועלן ווערן גוטע פרײַנד. דאָן קיכאָט וועט זיך אויסלערנען זען דעם גײַסט פון דעם טויטן פאָטער און דערקענען דעם ריכטיקן מערדער, און האַמלען וועט רײַטן אויף אַ ראָסינאַנטע און פאַרפאַסן פּאָעזיעס וועגן דער אומ־שטערבלעכער דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ... ווער קאָן וויסן וואָס די צוקונפט קאָן ברענ־גען? און צו וועמען זאָלן מיר ריידן, אויב נישט צו די האַמלעטס? האַמלעט איז געבאָרן געוואָרן אונטערן גרויען הימל און אין די שטיקנדיקע נעפּלען פון ענג־לאַנד. אויב ער וועט האָבן די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דעם הימלאַנד פון דאָן קיכאָט, מיט דעם שייַנעם בלויען הימל פון לאַ מאַנטשאַ — ווער קאָן וויסן ווי דער קלימאַט וועט ווירקן אויף אים?

צו וועמען דען זאָלן מיר ריידן, איידעלער ריטער? צו די קרעמערס, וואָס פײַערן איצט דײַנע אומשטערבלעכע מעשים? צו זיי, דאָן קיכאָט? צו זיי זאָלן מיר ריידן? אוי, איידעלער ריטער פון לאַ מאַנטשאַ, איך זע ווי דײַן פּנים ווערט רויט פאַר שאַנדע, ווען דו דערמאָנסט זיך ווי זיי האָבן דיך באַליידיקט. אַט דאָס זײַנען די אייניקלעך פון דײַן געטרײַען דינער סאַנטשאָ פּאַנסאָ. דו קענסט נישט פאַרשטיין ווי אַזוי די ראַסע איז אַזוי פאַרדאָרבן געוואָרן. אמת, סאַנטשאָ איז געווען אַ גרוי־סער פרעסער, זײַן שכל איז נישט געגאַנגען ווײַטער פון די באַדערפענישן פון זײַן מאַגן, און בײַנאַכט ווען דו, איידעלער ריטער, האָסט געחלומט פון גרויסע העלדישע מעשים און פון דער שיינער דולצינעאַ, איז ער געלעגן אין גראָז און געכראָפּעט אויף וואָס די וועלט שטייט. אָבער פון דעסטוועגן איז ער דאָך געווען אַ גוטער און פריילעכער יאָט, און ווען עס איז נישט געווען קיין בעסערס, האָט ער זיך צײַטנ־ווײַז צופרידנגעשטעלט מיט אַ שטיק ברויט מיט אַ פּאָר ציבעלעס... אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַזוי לאַנג ווי דו האָסט נאָך געלעבט. דו ביסט געווען זײַן האַר, און ער און זײַן אייזל האָבן זיך געמוזט נאָכשלעפּן נאָך דיר און ראָסינאַנטען, ווײַל ער האָט גוט געוווסט, אַז נאָר דו און קיין אַנדערער וועט אים פאַרשאַפן דעם צוגע־זאָגטן אינדזל. נאָר עס איז געווען אַן אומגליק וואָס ער איז נישט געשטאָרבן פריִער פאַר דיר, ווײַל נאָך דײַן טויט האָט ער זיך באַטראַכט פאַרן האַר און געלעבט פון דײַן כבוד. די זין זײַנע האָבן זיך באַלד פאַרגעסן, אַז זייער פאָטער איז געווען אַ

פראַסטער שטאַלמײַסטער, ווײַל זיי האָט זיך געדאַכט אַז דער אַלטער סאַנטשאָ איז געוועזן דער אייגנטלעכער העלד פון דער געשיכטע. מסתמא האָט זיי דער טאַטע זייערער פאַרן טויט דערציילט פון דער שיינער דולציניעאַ, און זיי האָבן זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט זי אויסצוגעפינען. ווי פּראַקטישע מענטשן, וואָס האָבן קיין מאָל נישט געשוועבט אין דער לופטן מיט זייערע געדאַנקען, האָבן זיי איר באַלד אויסגעפונען. אָבער טרעפט וואָס זיי האָבן געטאָן מיט איר! איך האָב פּשוט מורא עס אויסצוזאָגן, אָבער באַהאַלטן קאָן איך עס אויך נישט, ווײַל די געשיכטע ליגט מיר ווי אַ שטיין אויפן האַרצן — פאַרגוואַלטיקט האָבן זיי איר, די באַנדיטן, און די געטלעכע דולציניעאַ איז שוואַנגער געוואָרן פון די זין פון אַ שטאַלמײַסטער... אָט זעסטו, איידעלער ריטער, די רײַכע קרעמערס פון מאַדריד, וואָס האָבן אויסגעשטעלט אַ גרויסע פּרעמיע פאַר דײַן ריכטיקן פּאָרטרעט, זיי זײַנען דאָס די ממזרים, די אייניקלעך פון דײַן געוועזענעם דינער סאַנטשאָ פּאַנסאַ...

און אָט די ממזרים זײַנען איצט די האַרן פון לעבן. זיי האָבן פּראָסטיטויִרט אַלע איידעלע און אידעאַלע געפילן פון דער מענטשהײַט. דעם וועג צו די שטערן האָבן זיי פאַרשלאָסן מיט אײַזערנע טירן, און דעם וועג צום זומפּ האָבן זיי אויסגעפּלאַסטערט מיט זילבערנע טאָלערס. אַ באָרדעל האָבן זיי געמאַכט פון דער וועלט, אָט די געצנדינער פונעם גאָלדענעם קאַלב, און ווי איז צו די, וואָס ווילן נישט אָנערקענען זייער קרעמערישע גלאָריע! אַ מאָל האָט אַ נאַכטיגאַל געזונגען פאַר זייערע טויערן, אָבער זיי האָבן איר באַלד געפרעגט: „וואָס איז אײַער געווינטלעכער פּרײַז? וויפל קומט אײַך פאַר אײַער לידל?" און די נאַכטיגאַל איז אַוועקגעפלויגן און איז קיין מאָל נישט צוריקגעקומען. און דאָס איז גוט געווען: ווײַל דאָרטן ווו חזירים בורטשען, קאָן קיין נאַכטיגאַל נישט זינגען. אַ גליק וואָס די טויערן פון הימל זײַנען פאַרשלאָסן, ווען נישט וואָלטן די קרעמערס געשיקט אַ דעלעגאַציע צום רבונו־של־עולם צו פרעגן אים, וויפל אים קומט פאַר דער וועלט, וואָס ער האָט פאַר זיי באַשאַפן.

אוי, איידעלער ריטער פון לאַ מאַנטשאַ, באַשיצער פון דער גערעכטיקײַט, פרײַנד פון די לײַדנדיקע! וואָס האָבן זיי געמאַכט פון דײַן ערלעכן נאָמען, אָט די קרעמערישע נשמות, וואָס פײַערן איצט דײַן 300־יאָריקן יובילײ? איך האָב שטאַרק מורא, אַז דער גוטער ראָסינאַנטע וועט נישט קאָנען פאַרטראָגן די שאַנדע, וואָס זיי האָבן דיר אָנגעטאָן. און כדי צו טרייסטן דיך, גרויסער ריטער, כאָטש אַ ביסל צו טרייסטן, האָב איך אָנגעשריבן אָט די עטלעכע ווערטער, וואָס זאָלן דערמאָנען די איינזאַמע, די צווייפלערס און סקעפּטיקערס, די טרוימערס מיט די פאַרבלוטיקטע הערצער און די קראַנקע נשמות, אַז מיט 300 יאָר צוריק האָט געלעבט אַ ריטער, וועלכער איז גליקלעך געווען צו רײַטן אויף אַ ראָסינאַנטע און פאַרליבט צו זײַן אין דער שיינער דולציניעאַ. און אפשר וועלן זיי לייענען דײַן געשיכטע, און די פרייליכקייט וועט אויסהיילן זייערע אָרעמע הערצער...

דאָס איז מײַן יובילײ־גרוס. איך ווייס נישט צי ער וועט דיר געפעלן, אָבער דו וועסט אים צונעמען מיט אַ ריינעם האַרצן... נאָר צום ליבסטן וואָלט מיר געווען, ווען דו שטייסט אויף תחית־המתים אין דער וועלט פון די קרעמערס. איך וואָלט דיך אויפגענומען ווי אַ קעניג. מיט טרערן אין די אויגן וואָלט איך דיך געקושט

ווי דעם דערלייזער פון דער פאַרשקלאַפטער מענטשהייט. און איך וואָלט צוגערופן אַלע האָפענונגסלאָזע און פאַרצווייפלטע, כדי זיי זאָלן זיך דערקוויקן מיט דײַן אָנבליק, און איך וואָלט זיי געזאָגט: „טוט אויס די שיך אײַערע, ווײַל די ערד אויף וועלכער איר שטייט איצט, איז הייליקע ערד".

1905

# אָסקאַר ווײַלד

„נישט שטענדיק דאַרף מען משפּטן אַ מענטשן נאָך זײַנע האַנדלונגען. ער קאָן האַלטן דאָס געזעץ און דאָך זײַן אַ פֿאַרברעכער. ער קאָן ברעכן די געזעצן און טראָץ דעם זײַן אַ נאָבעלער כאַראַקטער. ער קאָן זײַן שלעכט און קיין מאָל נישט באַגיין קיין שלעכטע טאַט. ער קאָן זיך פֿאַרזינדיקן קעגן דער געזעלשאַפֿט און דאָך קאָן אָט די זינד אים פֿירן צו אַן אמתער שלימות".

אָט די וווּנדערלעכע ווערטער אין אָסקאַר ווײַלדס גלענצדיקן עסיי „דער סאָציאַליזם און די מענטשלעכע נשמה" דריקן אויס איינעם פֿון די טיפֿסטע פּסיכאָלאָגישע געדאַנקען. אין דער זעלביקער צײַט איז עס אַן אומבאַוווּסטזיניקע ביאָגראַפֿישע צייכענונג פֿון דעם דיכטערס גופֿא. אויך ער האָט זיך „פֿאַרזינדיקט קעגן דער געזעלשאַפֿט", אין וועלכער ער האָט געלעבט, און די געזעלשאַפֿט האָט גענומען נקמה אין דעם זינדיקן: זי האָט אים באַגראָבן לעבעדיקערהייט צווישן די פֿינצטערע מויערן פֿון אַ תּפֿיסה, זי האָט עפֿנטלעך געשטעמפּלט זײַן נאָמען און אים אויסגעמעקט פֿונעם צעטל פֿון די „ריינע און אומשולדיקע". דער זעלביקער מענטש, וואָס איז געווען איינער פֿון די געניאַלסטע און מוטיקסטע קינסטלערס פֿון זײַן צײַט, אַ קינד פֿון די געטער, געבאָרן אינעם טעמפּל פֿון דער אומשטערבלעכקײַט, דער זעלביקער מענטש איז פּלוצלינג אַראָפּגעשלײַדערט געוואָרן פֿון זײַן ליכטיקן דיכטער־טראָן אין דעם טיפֿסטן אָפּגרונט פֿון די פֿאַרלאָרענע, אין דער טונקעלער וועלט פֿון די „געוועזענע מענטשן", ווו די לעצטע שטראַלן פֿון ליבע און האָפֿענונג פֿאַרלירן זיך ציטערנדיק אין דער אייביקער פֿינצטערניש.

צווישן די קאַלטע, גרויע ווענט פֿון אַ תּפֿיסה האָט געבלוטיקט דעם דיכטערס האַרץ, און יעדער טראָפּן בלוט האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ קלאַנג, און די קלאַנגען האָבן זיך פֿאַראייניקט אין גוואַלטיקע מעלאָדיעס, אין אַ געטלעכן ריטם פֿון וווּנדערלעכער ריינקייט און האַרמאָניע; און די וועלט פֿון די אַרויסגעשטויסענע, די וועלט פֿון מערדערס און פֿאַרברעכערס איז געריייניקט געוואָרן מיטן דיכטערס בלוט. די פֿינצטערע תּפֿיסה האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ טעמפּל, און פֿון די טרערן און יסורים פֿון די אומגליקלעכע האָט דער געפֿאַנגענער זשעני געדיכטעט יענע הערלעכע און מאַיעסטעטישע פּאָעזיע „די באַלאַדע פֿון דער רידינג־תּפֿיסה", אַ מײַסטערווערק פֿון פּאָעטישער שלימות.

ווער עס האָט געלייענט די „באַלאַדע פון דער רידינג־תפיסה“, יענעם גוואַל־טיקן אויסדרוק פון אַ געפּייניקטער און פאַרצווייפלטער נשמה, וואָס פאָדערט ליבע און רחמנות פאַר די פאַרלאָרענע, ווער עס האָט מיטגעפילט די טויטלעכע מאָראַלישע יסורים, די שרעקלעכע מורא, וועלכע לייגט זיך אַוועק אויף די הערצער פון די אַרעסטאַנטן ווי אַן אײַז־קאַלטע האַנט, כּדי צו דערשטיקן די לעצטע האָפענונג, דער וועט פאַרגעסן אַז דער דיכטער האָט זיך „פאַרזינדיקט קעגן דער געזעלשאַפט“ און מער נישט זען ווי דאָס מוראדיקע פאַרברעכן, וואָס די געזעלשאַפט איז באַגאַנגען קעגן דעם אומגליקלעכן קינסטלער.

דאָס איז געווען אין 1881, ווען אָסקאַר ווײַלד האָט אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע קאַריערע מיט פאַרעפנטלעכן אַ קליינעם באַנד געזאַמלטע לידער. בכלל געפינען מיר אין אָט די לידער נאָך ווייניק פון דער געניאַלער אינדיווידואַליטעט, וואָס ווײַזט זיך אַרויס אין דעם קינסטלערס שפּעטערדיקע ווערק. די טעכנישע פאָרעם איז נאָך צו קאַלט און שטײַף און די פּאָעטישע אינספּיראַציע געפינט נישט אַלע מאָל דעם נייטיקן אויסדרוק. אָבער טראָץ דעם אַנטהאַלט אָט די ערשטע פּאָעטישע אַרבעט אייניקע בילדער פון וווּנדערלעכער שיינקייט. למשל, דאָס געדיכט „פרימאָרגן־שטימונג“, וואָס באַהאַנדלט דעם אײַנדרוק פון אַ לאָנדאָנער פרימאָרגן אין האַרבסט. אָט דאָס געדיכט איז מער ווי אַ געוויינלעכע פּאָעזיע, עס איז אַ פּאָעטישע מאָלערײַ, וועלכע רופט אַרויס אַן אומבאַשרײַבלעכן אײַנדרוק בײַם לייענער. די ריזיקע שטאָט ליגט פאַר אונדז אויף ביידע זײַטן פון דער טעמזע, און דער דיקער, שווערער נעפּל קריכט איבער די בריקן און פאַרענדערט אַלע פאָרמען. די טונקעלע הײַזער זעען אויס ווי געשפּענסטער, ווי שוואַרצע שאָטנס אין דער אומבאַשטימטער אַטמאָספער, און די לאַמטערנס קוקן מיט מידע, קראַנקע אויגן אין דעם נעפּל. און אין דעם מאָטן שײַן פון אַ לאַמטערן שטייט אַ בלייכע פרוי מיט פיבערדיק־הייסע ליפּן און אַ האַרץ פון שטיין.

דאָס בילד איז מײַסטעריש געצייכנט, עס ווירקט אויף אונדז ווי אַ פערזענלעכע איבערלעבונג און געפינט אין דער נשמה אַ טונקעלן, סודותפולן אָפּקלאַנג. מיר וועלן עס שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן, און אין געוויסע שעהן וועלן מיר זיך שטענדיק ווידער דערמאָנען אין דער איינזאַמער פרוי מיט די רויטע ליפּן און בלייכן פּנים אין דעם טונקעלן נעפּל בײַ דער טעמזע.

אין די ווײַטערדיקע פּאָעטישע פּרוּוון פון דעם דיכטער אַנטוויקלט זיך וואָס ווײַטער אַלץ דײַטלעכער דער גוואַלטיקע שאַפונגס־כּוח און די צאַרטע אויסדרוק־פאָרמען, ביז עס געראָט אים לסוף צו שאַפן זײַן גיגאַנטיש מײַסטער־ווערק „דער ספינקס“. אָט דאָס ווערק איז איינער פון די וווּנדערלעכסטע מאָנומענטן אין דער מאָדערנער ליטעראַטור, און אַפילו די וועלכע זעען אין „ספינקס“ נישט קיין אַנדער זאַך ווי דאָס קונסט־ווערק פון אַ דעקאַדענט, וועלן קיינמאָל נישט אָפּלייקענען די מאַיעסטעטישע גרויסקייט פון דער אויספירונג.

אין „ספינקס“ גיט אונדז ווײַלד אַ סימבאָל פאַר דער גרויסער טראַגעדיע פון דעם געשלעכט, אַ מעכטיקן און געניאַלן אויסדרוק פון יענע ווילדע און דעמאָנישע לײַדנשאַפטן, וואָס פּײַניקן די מענטשלעכע נשמה און פאָדערן כסדר נײַע צויבער־מיטלען צו באַטויבן דעם פּײַן און אײַנצושטילן די שוידערלעכע עמפּינדונגען פון שרעק און מורא. אין דעם הייסן זאַמד פון עגיפּטן, נישט ווײַט פון די פּרוכטיקע

ברעגן פון ניל. דאָרט ליגט זי אויסגעשטרעקט, האַלב־פרוי, האַלב־חיה. אין אירע אויגן שפּיגלט זיך אָפּ דאָס גרויסע רעטעניש פון אויפגאַנג און אונטערגאַנג, פון לעבן און טויט. יאַרטויזנטער ליגט זי שטענדיק אויפן זעלביקן פּלאַץ. פעלקער זײַנען אויפגעקומען און פעלקער זײַנען אונטערגעגאַנגען אין דער נאַכט פון געשיכטע. לעבן און טויט האָבן זיך געפּאָרט אין טויזנטער פאַרשיידענע געשטאַלטן. אַלע האָבן צו איר מקריב געווען, כהנים און קריגערס, קעניגן און בעטלערס, זי האָט אַלעמען געליבט און אַלעמען געטויט. זי האָט געזען דעם מענטשלעכן וואַנזין אין זײַנע אומצייליקע פאָרמען. מיליאָנען האָבן געשריגן צו איר מיט הייזעריקע קולות און פאַרטריקנטע ליפּן, געפּײַניקט פון ווילדע לײַדנשאַפטן, אין דעם העכסטן עקסטאַז פון געשלעכטלעכער תאווה. נאַקעטע גלידער האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן אין פיבערדיק־הייסע קערפּערס, האָבן זיך פאַרשמאָלצן איינע אין די אַנדערע, כדי מקריב צו זײַן פאַר דער הייליקער געטין עשתרות. זי האָט אַלץ געזען, זי ווייסט אַלץ. דער גורל פון גאַנצע פעלקער האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר אירע אויגן, אָבער אירע ליפּן זײַנען געבליבן שטום ווי דער גרויסער סוד פון די יאַרטויזנטער.

דאָס בוך דערמאָנט אונדז אין די רעטענישדיקע ספינקס־געשטאַלטן פונעם בעלגישן מאָלער פערנאַנד קנאָפּ, וואָס מען קען מער נישט פאַרגעסן, אויב מען האָט זיי נאָר איין מאָל געזען. די אַלע מוראדיקע סודות, וואָס ליגן באַהאַלטן אינעם אָפּגרונט פון דער מענטשלעכער נשמה, שפּיגלען זיך אָפּ אין אָט די געשטאַלטן און באַרירן אונדזערע הערצער מיט דער זעלביקער טונקעלער קראַפט ווי די גלײַענדיקע ווערטער און בילדער פון אָסקאַר ווײַלדס גענישאַלער דיכטונג. אָט ליגט זי פאַר אונדז שטיל און קאַלט ווי די אייביקײַט אַליין, אָבער אַן אינערלעכער קול זאָגט אונדז, אַז אָט די מלכותדיקע רויִקײַט איז נישט מער ווי באַהאַלטענע תאווה. מיר פילן די אומבאַזיגלעכע מאַכט פון יענעם העלישן פײַער, וואָס פאַרברענט גאַנצע וועלטן, גאַנצע פעלקער — אָט די קאַלטע ליפּן וואָלטן אונדז געקענט דערקלערן דאָס אייביקע רעטעניש, זיי וואָלטן אונדז געקענט זאָגן דאָס באַפרײַענדיקע וואָרט. אָבער זיי בלײַבן שטום ווי דער אומפאַרמײַדלעכער גורל, און אָט דאָס באַוווסטזײַן מאַכט אונדז טרויעריק און מעלאַנכאָליש. און אָט די מעלאַנכאָליע ליגט ווי אַ צאַרטער, דופטיקער שלייער איבער ווײַלדס פּאָעטישער שאַפונג און דערמאָנט אונדז אין דער פאַרגענגלעכקייט פון אַלץ וואָס עקסיסטירט.

צוויי הויפּט־דערשײַנונגען בילדן דעם יסוד פון אָסקאַר ווײַלדס קינסטלערישער טעטיקייט: די שטאַרקע מאַניפעסטאַציע פון דער אינדיווידואַליטעט און אַ ריין עסטעטיש־פילאָסאָפישע וועלט־אַנשויונג. פאַר ווײַלדן איז די קונסט אַלץ און איר איינציקער פּרינציפּ איז די שיינקייט. ער איז אַ שטאַרקער פאַרטיידיקער פון דעם אַלט־גריכישן פּרינציפּ — „די קונסט פאַר דער קונסט". פאַר אים איז דאָס לעבן נאָר אַ מיטל צו אַ קינסטלערישן צוועק. אונדזער גאַנצע קולטור איז נישט אַנדערש ווי אַ שטענדיקע פאַרוואַנדלונג פון דער נאַטור אין קינסטלערישע פאָרמען. „דאָס לעבן צילט אַ סך מער נאָכצומאַכן דער קונסט, איידער די קונסט דעם לעבן", זאָגט ווײַלד, „די סיבה דערפון איז נישט נאָר דער אינסטינקט פון לעבן נאָכצומאַכן, נאָר דער פאַקט וואָס דער באַוווסטער ציל פון לעבן איז צו געפינען אַן אויסדרוק, און די קונסט גיט אים געוויסע שיינע פאָרמען אויף צו פאַרווירקלעכן אָט דעם אינסטינקט."

אַט די עסטעטישע וועלט־אַנשויונג גיט דער קונסט פון ווײַלד אַ ווונדערלעכן כאַראַקטער, און ווען זי גיסט זיך צונויף מיט דער נאַטירלעכער פײַנקײַט און צאַרטקײַט פון זײַנע אינערלעכע געפילן און עמפינדונגען, דעמאָלט קומען אויף גרויסאַרטיקע בילדער פון אומבאַשרײַבלעכער שיינקייט. ווי הערלעך עס זײַנען דאָס אין אַט דער באַציִונג זײַנע קליינע דערציילונגען „דער גליקלעכער פּרינץ“, „די רויז און דער נאַכטיגאַל“ אָדער „דאָס הויז פון די מילגרוימען“! ווי רײַך און מעכטיק עס איז דאָרט דעם דיכטערס פאַנטאַזיע און ווי ווונדערלעך עס זײַנען די פאַרבן פון די בילדער, וואָס ער שטעלט אונדז פאַר מיט אַ כישופדיקער שלימות! אַט די בילדער ווירקן ווי מוזיק אויף אונדזערע הערצער און פירן אונדז אַוועק אין ווײַטע אומבאַקאַנטע לענדער. און ווי טיף עס איז דער געדאַנק אין יענער דערציי־לונג פון דעם יונגן בן־מלך, וואָס טרוימט, אַז דער פּורפּור־מאַנטל און די קרוין פון די קעניגן זײַנען געמאַכט געוואָרן פון די בלוטיקע טרערן און די אומענדלעכע לײַדן פון די מענטשן, און דערפאַר זאָגט ער זיך אָפּ דערפון אין דעם טאָג ווען מען וויל אים פּראָקלאַמירן פאַר מלך.

דאָרטן, ווו עס געראָט דעם קינסטלער צו געפינען אַ ריינעם אויסדרוק פאַר יענער צאַרטער מעלאַנכאָליע, וואָס באַהערשט די טיפסטע און אינערלעכסטע גע־פילן פון זײַן נשמה, איז די ווירקונג שטענדיק אַ גוואַלטיקע. אַוודאי באַזיצט ווײַלד אויך נאָך אַנדערע גלענצנדיקע פעיִקייטן: זײַן שנײַדנדיקע איראָניע, זײַן ביטערן סאַרקאַזם, זײַנע גײַסטרײַכע וואָרט־שפּילן זײַנען אַלגעמיין באַקאַנטע אייגנשאַפטן, אָבער זיי וועלן קיין מאָל נישט אַרויסרופן אַזעלכע טיפע זעלישע עמפינדונגען, און דערפאַר איז דער אײַנדרוק פון אַלע זײַנע ווערק, ווו דער גײַסטרײַכער געדאַנק באַהערשט די מאַכט פונעם געפיל, נישט קיין אויסערגעוויינטלעכער. דאָס קאָנען מיר צום בעסטן באַאָבאַכטן אין דיביידע דראַמעס „אַן אידעאַלער מאַן“ און „אַן אומוויכטיקע פרוי“. זיי זײַנען אויסערגעוויינטלעך עשירותדיק אין גייסטרײַכע אײַנפאַלן, אָבער פון דעסטוועגן לאָזן זיי אונדז קאַלט און רופן נישט אַרויס קיין טי־פערע ווירקונג.

אַ גאַנץ אַנדערן אײַנדרוק מאַכט אויף אונדז די טראַגעדיע „די הערצאָגין פון פּאַדואַ“, כאָטש די טעכניק פון אַט דער פּיעסע איז נאָך אין געוויסע באַציִונגען אַ פעלערדיקע. אָבער דאָס אינערלעכע פײַער, די ווילדע, דעמאָנישע לײַדנשאַפט פון אַט דעם ווערק, ווירקן אויף יעדן נערוו פון דעם צושויער און בלײַבן אומפאַר־געסלעך. אין אַט דעם ווערק ווײַזט אונדז ווײַלד די מענטשלעכע נשמה אין איר אַלע מערקווירדיקע און רעטעניש־פולע פאַרענדערונגען. יעדער מענטש איז אונ־טערגעוואָרפן צו אַט די פאַרענדערונגען פון זײַן אינערלעכן איך, און ער וועט קיין מאָל נישט זײַן אומשטאַנד זיך אַליין צו באַגרײַפן אין גאַנצן. אין דער נשמה פון איטלעכן מענטשן לעבט עפּעס פרעמדס, אַ באַהאַלטענע מאַכט, וועלכע קען יעדן אויגנבליק צעשטערן דאָס אינערלעכע גלײַכגעוויכט פון אונדזער זעלישער עקסיס־טענץ. די מענטשלעכע נשמה איז טונקל און סודותדיק ווי דער ים. אַ מאָל איז זי גלאַט ווי אַ שפּיגל און שטראַלט אין ליכט פון דער זון, און אַ מאָל ווערט זי אויפגעקאָכט אין ווילדער לײַדנשאַפט, און די געפילן הייבן אָן צו שטורעמען, ביז וואַנען די פאַרברעכערישע טאַט שאַפט ווידער רו און דערלייזונג. בעאַטריטשע, די הערצאָגין פון פּאַדואַ, איז אַ ווונדערלעך צאַרטער און זאַנפטער כאַראַקטער.

זי איז איינע פון יענע פרויען, וואָס פאַרלירן קיין מאָל נישט זייער נאַטירלעכע ריינקייט, זייער קינדערשע אומשולד. רויק און פרידלעך גייט ביי איר אַוועק דאָס לעבן אין האַרמאָנישער גלייכמעסיקייט. פּלוצלינג דערשיינט אין פּאַלאַץ אַ פרעמ־דער, גידאָ פּעראַנטע, און צוויי נשמות זוכן און געפינען זיך איינע די אַנדערע. אין גראַנדיעזע בילדער פּייערט דער דיכטער די ליידנשאַפטלעכע ליבע צווישן מאַן און פרוי. בעאַטריטשע ליבט, ליבט מיט יעדן נערוו, מיט יעדן טראָפּן בלוט, אָבער איר נשמה בלייבט ריין און קלאָר, ביז צום מאָמענט, ווען דער גורל וויל צעשטערן איר ליבע. אַ ווילדע, משוגענע פאַרצווייפלונג באַהערשט איצט פּלוצלינג איטלעכן געפיל פון דער הערצאָגין. דאָס איז נישט מער די זעלביקע בעאַטריטשע — דאָס איז די לעבעדיקע פּאַרקערפּערונג פון דעמאָנישע ליידנשאַפטן און בלוטיקע אינ־סטינקטן, און זי טויט דעם אייגענעם מאַן, כדי צו ראַטעווען איר ליבע. אָבער אַפילו אין אָט דעם מאָמענט בלייבט זי ריין און אומשולדיק, און גידאָ טרייסט זי מיט די ווערטער: „דיין האַנט איז באַגאַנגען אַ מאָרד, אָבער דיין האַרץ איז געווען ריין". מיר באַנעמען די בלוטיקע טאַט, מיר פילן איר אינערלעכע נויטווענדיקייט, ווייל דער דיכטער שטעלט אונדז פאָר די מוראדיקע קאָנוווּלסיעס פון דער נשמה מיט אַזאַ געניאַלער מייסטערשאַפט, אַז מיר פאַרגעסן פּלוצלינג אין אַלע מאָראַלישע חשבונות און מיר באַטראַכטן דאָס גאַנצע ווי דעם אומפאַרמיידלעכן אויסדרוק פון אַ נאַטירלעכער קאַטאַסטראָפע.

די העכסטע דראַמאַטישע שלימות האָט אָסקאַר ווײַלד דערגרייכט אין זײַן „סאַלאָמע". אַ טונקעלע, מוראדיקע שטימונג ליגט ווי אַ שלייער אויף דער גאַנצער דראַמע און דערמאָנט אונדז אין דער אומבאַקאַנטער רעטעניש פון „ספינקס" אָדער אין מאָריס מעטערלינקס ערשטע דראַמען, אין וועלכע די אייביקע מאַכט פונעם גורל ליגט ווי אַ שווערע לאַסט אויף דעם מענטשנס נשמה. די איינצלנע געשטאַלטן שטייען אַזוי דײַטלעך פאָר אונדזערע אויגן ווי די מאַרמאָר־בילדער פון אַ סקולפּ־טאָר, אָבער אונטער אָט די שטיינערנע בילדער קאָכט אַ ווולקאַן פון ווילדע, איבערמענטשלעכע ליידנשאַפטן, די משוגעת פון מאָרד, תאווה און פאַרברעכן. די דראַמע שפּילט זיך אָפּ אין דער אַלטער יידישער מלוכה אונטער דער הערשאַפט פון הורדוס אַנטיפּס, ווען ארץ־ישראל איז געווען אונטער דער הערשאַפט פון די רוימער. דער שטאָף איז גענומען פון נײַעם טעסטאַמענט. עס איז די צײַט, ווען דער הערשנדיקער קלאַס זוכט צו פאַרגעסן די רוימישע קנעכטשאַפט דורך ווילדע, אויסגעלאַסענע יומטובים, וואָס פאַרביטערן די הערצער פון פאָלק און רופן אַרויס די אומצופרידנקייט פון די ברייטע מאַסן. יוחנן המטביל דערשײַנט און הייבט אָן צו פּרעדיקן צו די אָרעמע און אומגליקלעכע. „זײַנע קליידער זײַנען געמאַכט פון קעמל־האָר, און אַ לעדערנער גאַרטל נעמט אַרום זײַן לײַב. זײַן שפּײַז באַשטייט פון היישעריקן און ווילדן האָניק". מיט ליידנשאַפטלעכע ווערטער משפּט ער די אויסגעלאַסנקייט פון די מעכטיקע און פּרעדיקט צו די אָרעמע, אַז גאָטס מלוכה איז שוין נישט ווײַט. ער באַפאַלט דעם קעניג, וואָס האָט גענומען העראָדיאַס, זײַן ברודערס ווײַב, און די מאַסע ווערט באַגײַסטערט פון זײַנע רעבעלישע רייד און קוקט אויף אים מיט אַ פאַנאַטישער איבערגעגעבנקייט. די דראַמע שפּילט זיך אָפּ, ווען יוחנן ליגט שוין אַ געפאַנגענער אין אַ הייל, וואָס ווערט באַוואַכט פון קעניגס זעלנערס. אָבער הורדוס האָט מורא אים צו טייטן, ווײַל ער ציטערט פאַרן ווילדן

פרעדיקער, וואָס האָט אַזאַ גרויסן אײַנפלוס אויף די מאַסן. אָבער די אַכזריותדיקע העראָדיאַס פאָדערט דאָס בלוט פונעם פּראָפעט, וועלכער האָט זי געשאָלטן פאַרן גאַנצן פאָלק און אַנטפּלעקט אירע זינד. זי ווייסט אָבער, אַז זי וועט גאָר נישט פועלן בײַם קעניג און זי וואַרט ביז עס וועט קומען איר צײַט. מיט געניאַלער קראַפט מאָלט דער קינסטלער אויס זײַן גראַנדיעזן בילד פונעם הויף־לעבן, די גאַנצע פאַרשטיקטע תאַווהדיקע אַטמאָספער און אירע באַזונדערע כאַראַקטערס. אין אָט דער אַטמאָספער לעבט סאַלאָמע, העראָדיאַסעס טאָכטער. זי אַליין איז ריין און איר נשמה איז נאָך נישט פאַרדאָרבן. איר וווּנדערלעכע שיינקייט האָט אַנטציקט הורדוסעס האַרץ, מיט תאַווהדיקע בליקן פאַרפאָלגט ער איר קעניגלעכע געשטאַלט, אָבער זי בלײַבט קאַלט און גלײַכגילטיק און די ליבע איז נאָך פאַר איר אומבאַקאַנט. סאַלאָמע איז אַ כאַראַקטער אין פולן זינען פון וואָרט. זי פאַראַכט דאָס לעבן, וואָס רינגלט איר אַרום, אָבער זי ווייסט נישט צי עס איז פאַראַן עפּעס בעסערס. אין אַ שיינעם טאָג גייט זי פאַרבײַ די הייל פונעם געפאַנגענעם פּראָפעט, און פּלוצלינג דערהערט זי זײַנע רעטענישפולע ווערטער: „הערט אויף צו זינדיקן, ווײַל די מלוכה פון גאָט איז נישט ווײַט!" זי האָט אים קיין מאָל נישט געזען, אָבער זי ווייסט, אַז ער האָט פאַרדאַמט איר מוטער און פאַרשאָלטן דעם קעניג. זײַן קול מאַכט אויף איר אַ מערקווירדיקן אײַנדרוק. אַן אומבאַשטימטע בענקעניש נעמט דורך יעדן ווינקל פון איר נשמה. אַזעלכע ווערטער האָט זי נאָך קיין מאָל נישט געהערט. אַן אומבאַקאַנטע האַנט האָט פּלוצלינג באַרירט די באַהאַלטנסטע סטרונעס פון אירע אינערלעכסטע געפילן, און זי פילט אין זיך דעם פאַרלאַנג צו זען דעם מאַן, וואָס קען רעדן אַזעלכע טיפע, סודותדיקע ווערטער, און יוחנן קומט אַרויס פון זײַן קבר. סאַלאָמע ווערט בלאַס פון שרעק, זי קען דעם אָנבליק נישט פאַרטראָגן. אָט שטייט ער פאַר איר, גאָטס פּראָפעט, ווילד, מוראַדיק ווילד ווי די אייביקע נאַטור. זײַן פּנים איז געל ווי וואַקס און אָפּגעצערט ווי דער טויט, אין זײַנע אויגן ברענט אַ פײַער פון איבערמענטשלעכע לײַדנשאַפטן. פון זײַנע ליפּן רײַסן זיך אַרויס ווילדע קללות, אָבער זי קוקט נישט אויף גאָר נישט — אַ גאַנץ נײַער געפיל האָט דער־וואַכט בײַ איר, די געשלעכטלעכע לײַדנשאַפט. אַ פיבער נעמט דורך איטלעכן גליד פון איר הערלעכן קערפּער, זי האָט ליב אָט דעם ווילדן מאַן, זי האָט אים ליב מיט אַ משוגענעם פאַרלאַנג, זי וויל אים קושן, צודריקן זיך צו זײַן אויסגעדאַרטן גוף. אָבער ער שטויסט זי אָוועק מיט אַ ווילדער קללה און גייט צוריק אין זײַן קבר. סאַלאָמע בלײַבט אַליין און שרײַט מיט אַ משוגענער תאַווה: „לאָמיך דיך קושן! לאָמיך דיך קושן!"

אָבער קיינער ענטפערט איר נישט. און פּלוצלינג באַנעמט זי אַלץ, וואָס עס איז פאַרגעקומען. איר ווילדע לײַדנשאַפט פאַרוואַנדלט זיך אין אַ ביטערן, טויט־לעכן האַס. זי פילט ווי אַן אײַז־קאַלטע האַנט לייגט זיך לאַנגזאַם אַרויף אויף איר יונגן האַרצן און פאַרלעשט דאָרטן דעם לעצטן פונק פון ליבע. זי באַשליסט, אַז דער פּראָפעט מוז שטאַרבן.

אין דעם קעניגלעכן הויף שפּילן זיך אָפּ רוישיקע יומטובים. אָבער הורדוס איז שלעכט געשטימט. פינצטערע געפילן באַאומרויִקן זײַן האַרץ און, כדי צו פאַרגעסן זײַנע שרעקן, בעט ער סאַלאָמע, אַז זי זאָל טאַנצן פאַר אים. סאַלאָמע הייבט אָן צו טאַנצן. איר געטלעכער קערפּער ציטערט פון דעמאָנישע לײַדנשאַפטן. דאָס איז

נישט קיין פשוטער טאַנץ — דאָס זײַנען איבערנאַטירלעכע באַוועגונגען, און דער קעניג פאַרלירט יעדן קאָנטראָל איבער זיך. זײַנע אויגן גייען נאָך מיט משוגענע בליקן יעדע באַוועגונג. בלינד פון לײַדנשאַפט שווערט ער איר, אַז ער וועט איר געבן וואָס זי וועט נאָר פאַרלאַנגען פון אים, אַפילו ביז אַ העלפט פון זײַן מלוכה. עס קומט אויף אַ שרעקלעכער מאָמענט, און ענדלעך פאָדערט סאַלאָמע מיט קאַלטע ווערטער דעם נביאס קאָפּ. דער קעניג האָט זיך געריכט אויף אַלץ, אָבער נישט אויף דעם. ער האָט אָבער געשווירן און ער קאָן נישט ברעכן זײַן וואָרט. אין מינוטן אַרום ברענגט מען סאַלאָמע יוחננס בלוטיקן קאָפּ. זי נעמט אים בײַ די האָר און גייט אַרויס אין גאָרטן. דאָרטן, אין דער פינצטערניש, ווייל זי קושן די טויטע ליפּן, וואָס האָבן זי געשאָלטן, ווען זי האָט געפּאָדערט ליבע. ווי אַ משוגענע דריקט זי אירע יונגע הייסע ליפּן אויפן נביאס טויטן מויל, אָבער אין דעם מאָמענט פאַלט אַ ליכט־שטראַל אויף איר געשטאַלט און דער קעניג זעט די שרעקלעכע סצענע... דאָס בילד צעשטערט פלוצלינג די ליבע אין זײַן האַרצן און מיט אַן אײַז־קאַלטן קול באַפעלט ער זי צו טויטן...

די ווירקונג פון דער דראַמע איז אומבאַשרײַבלעך, די עסטעטישע פײַנקײַטן זײַנען וווּנדערלעך און דעם קינסטלערס וועלט־אַנשויונג איז גרויסאַרטיק אַנטוויקלט. די איינצלנע כאַראַקטערס זײַנען פאַרגעשטעלט מיט פּלאַסטישער דײַטלעכקייט, איבערהויפּט סאַלאָמע. אין איר האָט ווײַלד געשאַפן אַ ט י פּ פון אויסערגעוויינטלעכער קראַפט און ענערגיע. סאַלאָמע איז גרויס אין אַלע אירע האַנדלונגען, און אויב מען ווייל זי ריכטיק אויפפאַסן דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, נישט אַנווענדן דעם געוויינטלעכן מאָסשטאַב פון „גוט און שלעכט“, נאָר די איינהײַטלעכע פאָרעם פון דעם גאַנצן כאַראַקטער.

די ענגלישע טעאַטער־צענזור, איינע פון די מיטלאַלטערלעכסטע און רעאַקציאָנערסטע אינסטיטוציעס אין גאַנץ אייראָפּע, האָט פאַרשטייט זיך נישט דערלויבט די דראַמע אויפצופירן, צוליב די „אוממאָראַלישע“ און עראָטישע סצענעס, וואָס קומען אין איר פאָר. אויף אָט די קליינגײַסטיקע פּלישתים האָט „סאַלאָמע“ געמאַכט אַ מוראדיקע ווירקונג, און מען קאָן פאַרשטיין מיט וואָס פאַר אַן ענערגיע זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט פון ראַטעווען די געזעלשאַפטלעכע מאָראַל, די זעלביקע מאָראַל, וואָס איז אין דער ווירקלעכקייט נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ סעריע קאָנווענציאָנעלע ליגנס און היפּאָקריטישע מאַסקעס.

צום טיפסטן האָט אָסקאַר ווײַלד אַנטוויקלט דעם אינערלעכן כאַראַקטער פון זײַנע אַנשויונגען אין דעם הערלעכן ווערק „דאָס בילד פון דאָריאַן גריי“. אָט דאָס בוך איז אַ ווונדערלעכע אילוסטראַציע פון דעם זעלישן צושטאַנד, אין וועלכן עס געפינט זיך דער מאָדערנער מענטש. דער טראַגישער קאַמף צווישן שכל און געפיל, וואָס שפּילט אַזאַ באַדײַטנדיקע ראָלע אין לעבן פונעם מאָדערנעם מענטשן, ווערט אין דעם ווערק פאַרגעשטעלט מײַסטערהאַפט. עס דערמאָנט אונדז אָפט מאָל די טונקעלע זעלישע שטימונגען פון דעם פּוילישן קינסטלער סטאַניסלאַוו פּשיבישעווסקי. דאָריאַן גריי באַזיצט אַ ווונדערלעך בילד, זײַן אייגענעם פּאָרטרעט, און אָט דאָס בילד פאַרענדערט זיך, ווי ער גופא פאַרענדערט זיך. ער איז אַ קלאַסיש־שיינער מענטש, און אָט די פיזישע שיינקייט בלײַבט אין אַלע פּעריאָדן פון זײַן לעבן די זעלביקע. דאָס לעבן פון דאָריאַן גריי איז איין שורה פון ווילדע לײַדנ־

שאַפֿטן, אויסגעלאַסנקייט און פֿאַרברעכנס. ער געניסט פֿון זײַן עקסיסטענץ אין טויזנטער פֿאַרשיידענע פֿאָרמען. דער געַנוס איז זײַן לעבן־פּרינציפּ. ער נאַשט פֿון אַלע בלומען, נאָר ער איז קיין מאָל נישט באַפֿרידיקט. זײַן דעמאָנישער אינ־סטינקט טרײַבט אים אַלץ ווײַטער און ווײַטער צו נײַע פֿאַרגעניגנס און נײַע לײַדנשאַפֿטן. אָבער אָט דאָס ווילדע לעבן לאָזט נישט איבער דעם קלענסטן אײַנ־דרוק אויף זײַן פֿיזישן צושטאַנד. אויף זײַן פּנים שפּיגלט די אייביקע שיינקייט פֿון זײַן יוגנט.

אָבער דאָריאַן גריי האָט פֿאַרגעסן, אַז עס איז פֿאַראַן נאָך אַ צווייטער איך, אַ סודותדיקער שפּיגל פֿון דער נשמה, וועלכער לאָזט זיך נישט טוישן דורך די פֿיזישע אויסערלעכקייטן. מענטשן פֿאַרגעסן זיך דאָס רוב אין אָט דעם צווייטן אי־בערלעכן איך. זיי האָבן מורא אַרײַנצוקוקן אין דעם סודותדיקן שפּיגל פֿון דער נשמה. אָבער עס זײַנען פֿאַראַן שעהן אין מענטשלעכן לעבן, ווען די נשמה פֿילט זיך אַזוי איינזאַם און פֿאַרלאָזט, ווײַל זי פֿאַרלירט דעם אינטערעס פֿאַר יעדער פֿרעמדער דערשײַנונג און פֿאַרנעמט זיך נאָר מיט זיך אַליין. אָט די שעהן זײַנען זעלטענע, אָבער זיי עקסיסטירן, און ווען זיי קומען, דעמאָלט פֿילט דער מענטש דעם שווערן אָטעם פֿון דעם אייביקן גורל. אויך דאָריאַן גריי ווייס פֿון אָט די מאָמענטן, און דעמאָלט דערמאָנט ער זיך אין זײַן בילד. אָבער דאָס איז פֿאַר אים די עגסטע מאַטערניש, ווײַל דאָס בילד ווײַזט אים מיט אַכזריותדיקער דײַטלעכקייט זײַן נשמה־צושטאַנד. זײַן פֿיזישער איך איז געבליבן יונג אין דעם שטורעם פֿון ווילדע לײַדנשאַפֿטן, אָבער זײַן זעלישער איך איז געוואָרן אַלט און שוואַך און אָפּגעלעבט. ער קוקט אויפֿן בילד, אָבער וואָס ער זעט, איז דאָס נישט מער דער שיינער, שטאָלצער דאָריאַן גריי, נאָר אַן אַלטער אָפּגעלעבטער מענטש מיט פֿאַר־וועלקטע באַקן און טיפֿע קנייטשן אויפֿן שטערן. און די שטריכן פֿונעם בילד ווערן אַלץ ערגער און אָפּשרעקנדיקער און צום סוף זעט גריי נישט מער ווי אַ העסלעכע קאַריקאַטור פֿון דעם, וואָס ער איז געווען אַמאָל. און ער פֿילט דעם מוראדיקן אמת. ער ווייס, אַז דאָס בילד זאָגט אים נישט קיין ליגן: זײַן אויסערלעכע געשטאַלט איז יונג און פֿריש, אָבער זײַן נשמה האָט געקראָגן גרויע האָר און זײַן האַרץ איז געוואָרן אַלט און אײַנגעטריקנט. און אָט דער אמת פֿאַרפֿאָלגט אים טאָג און נאַכט. ער קאָן מער קיין רו נישט געפֿינען. דאָס שרעקלעכע בילד איז זײַן בייז געוויסן, דער אינערלעכער קול, וואָס לאָזט זיך נישט פֿאַרטושן פֿון די צופֿעליקײַטן פֿון דער אויסערלעכער וועלט. און זײַן שנאה צום בילד ווערט לסוף אַזוי גרויס, אַז ער זוכט עס צו פֿאַרניכטן, כדי זיך צו באַפֿרײַען פֿון דעם שרעקלעכן אָנבליק. אָבער דער שטאָל, וואָס צעשטערט דאָס בילד, טרעפֿט אין זײַן אייגענעם האַרצן. די צעשטערונג פֿונעם בילד איז דער זעלבסטמאָרד פֿון דאָריאַן גריי.

דאָס ווערק דערמאָנט אונדז שטאַרק אין עדגאַר פּאָוס דערציילונג „וויליאַם ווילסאָן“. נאָר אין פּאָוס דערציילונג פֿילן מיר כמעט אויסשליסלעך דעם אײַנדרוק פֿון שרעק, בעת אין „דאָריאַן גריי“ שפּילן די הויפּט־ראָלע די עסטעטישע דיב־קײַטן און אַ טיפֿע פֿילאָסאָפֿישע גרונט־אידייע.

אין 1895 איז געקומען פֿאַר אָסקאַר ווײַלדן די קאַטאַסטראָפֿע. דער פֿאַל איז אַלגעמיין באַקאַנט, און דערפֿאַר דאַרפֿן מיר אים דאָ נישט איבערחזרן. דער קינסט־לער איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צו צוויי יאָר „שווערע אַרבעט“ צוליב האָמאָסעקסועלער

באַציִונג מיטן יונגן לאָרד אַלפרעד דוגלאַס. דער גאַנצער פּראָצעס און דער אור־טייל איז איינע פון די שענדלעכסטע האַנדלונגען, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. ווײַלד איז פּשוט פאַרניכטעט געוואָרן דורכן אורטייל. ער האָט אַלץ פאַרלאָרן און היפּאָקריטישע פאַרלעגערס האָבן זיך אַפילו אָפּגעזאָגט צו פאַרקויפן עפנטלעך זײַנע ביכער, כדי נישט צו באַליידיקן די אַזוי גערופענע „מאָראַלישע געפילן" פון דער „בעסערער געזעלשאַפט". דער געפּײַערטער ליבלינג פון די מוזעס, דער מענטש וואָס איז געשטאַנען בראש פון דער מאָדערנער ענגלישער ליטעראַטור, איז פּלוצלינג געוואָרן אַן אָרעמער אַרעסטאַנט, פאַרמשפּט צו די שרעקלעכסטע פיזישע און זעלישע לײַדן און יסורים. און אין אָט דעם צושטאַנד האָט ער געשריבן דאָס ווונדערלעכע ווערק „די באַלאַדע פון דער תפיסה אין רידינג". עס זײַנען פאַראַן ווייניק ליטעראַרישע דערשײַנונגען, אין וועלכע מענטשלעכע יסורים זײַנען פאַרגע־שטעלט געוואָרן מיט אַזאַ מאַיעסטעטישער שלימות ווי אין אָט די הערלעכע סטראָפן, וועלכע דער דיכטער האָט אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען פון זײַן אַרעס־טאַנטן־נומער C.3.3 . אין אָט דער וווּנדערלעך־שיינער פּאָעזיע פאַרשווינדן אַלע קלאַסן־אונטערשיידן פון דער דרויסנדיקער וועלט. דער דיכטער איז פאַראייניקט מיטן מערדער, דער בשותפותדיקער ווייטיק מאַכט אַלעמען גלײַך. ווער עס האָט נאָר געלייענט אָט דאָס קליינע ווערק, וועט שוין קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם יונגן סאָלדאַט, וואָס האָט געטויט זײַן געליבטע דערפאַר, וואָס ער האָט זי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. די ריכטערס האָבן אים פאַרמשפּט צום טויט און ער פאַר־ברענגט זײַנע לעצטע טעג אין דער תפיסה פון רידינג. אָסקאַר ווײַלט באַשרײַבט אָט די לעצטע סצענע פון אַ פאַרלאָרענעם מענטשן־לעבן מיט אַזאַ גוואַלטיקער דראַמאַטישער קראַפט, אַז יעדעס וואָרט ברענט זיך אַרײַן אין דער נשמה ווי אַ הייליק פײַער. יעדן טאָג באַטראַכטן די אַרעסטאַנטן דעם סאָלדאַט מיט מוראדיקע בליקן. זיי ווייסן, אַז ער מוז שטאַרבן און זייערע הערצער הייבן אָן צו וויינען מיט בלוטיקע טרערן. און ווען עס קומט די לעצטע נאַכט, שלאָפט אין תפיסה קיינער נישט. די שרעק און די פאַרצווייפלונג האָט זיך אַרויפגעלייגט אויף אַלע הערצער און די אַלטע פאַרברעכערס וויינען און בעטן, איטלעכער באַזונדער אין זײַן צעל, ווי קליינע אומשולדיקע קינדער. און ווי אומבאַשרײַבלעך שיין איז דער מאָטיוו פון גאַנצן געדיכט!

Yet each man kills the thing he loves,
By each let this be heard:
Some do it with a bitter look,
Some with a flattering word,
The coward does it with a kiss,
The brave man with a sword!

ווען דער דיכטער איז אַרויס פון תפיסה, האָט ער באַלד פאַרלאָזן ענגלאַנד און ער איז אַוועק קײַן פראַנקרײַך. דאָרטן האָט ער געלעבט אונטערן נאָמען סע־באַסטיאַן מעלמאָט, איינזאַם און כמעט פאַרגעסן פון אַלעמען. אויך זײַן מאַטעריעלע לאַגע איז געווען זייער שלעכט, און דער זעלביקער מענטש, וואָס האָט פריִער געלעבט אין רײַכטום, האָט פאַרבראַכט זײַנע לעצטע פּאָר יאָר אין אָרעמקייט און

עלנט. אין 1900 איז אָסקאַר ווײַלד געשטאָרבן. זײַן ביטערער גורל און זײַנע שרעקלעכע קערפּערלעכע און זעלישע יסורים, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין תּפיסה, האָבן אים צעבראָכן. נאָך זײַן טויט האָט מען נאָך אַרויסגעגעבן זײַן „דע פּראָפונדיס", אַ בוך פון אַ גוואַלטיקער קראַפט און שיינקייט.

אָסקאַר ווײַלט איז אַליין אַ דראַמאַטישע געשטאַלט אין דער מאָדערנער קונסט. זײַן שרעקלעכער גורל האָט אים געמאַכט פאַר אַן אמתן מאַרטירער. דער מענטש, וואָס האָט אָנגעשריבן מיט בלוט פון זײַן האַרצן יענע הערלעכע סטראָפן אין תּפיסה, וועט שטענדיק לעבן אין אונדזערע הערצער ווי דער „אַרעסטאַנט פון רידינג".

1907

# עדגאַר עלען פּאָ

ווייַ צו אונדז! וויי צו דעם מענטשן! ער איז געקומען... דער... דער... ווי רופט זיך נאָר... דער... עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז ער רופט מיך צו זײַן נאָמען, נאָר איך קאָן אים נישט הערן... דער... יאָ... ער רופט מיך... איך הער אים...: איך קאָן נישט...: ער רופט ווײַטער... דער... האָרלאַ... איצט האָב איך אים געהערט... ס'איז ער... דער האָרלאַ... ער איז געקומען!" —

אָט די פאַרצווייפלטע ווערטער פון גי דע מאָפּאַסאַן זײַנען מער ווי אַ געוויינ־לעכע ליטעראַרישע מאַלערײַ, מער ווי אַ פאַנטאַסטישע פאַרשטעלונג. דאָס איז דער ווילדער אויסגעשריי פון אַ געפּײַניקטער נשמה, אַן אינערלעכע פאַסירונג. מאָפּאַסאַן האָט אים געפילט קומען, דעם האָרלאַ, ער האָט זיך געראַנגלט מיט אים, ווי איינער, וואָס טרינקט זיך, ראַנגלט זיך מיטן טויט. אָבער ער האָט געוווסט, צו גוט האָט ער געוווסט, אַז ער וועט פאַרלירן אין דעם דאָזיקן קאַמף. דער האָרלאַ האָט געזיגט, ער האָט אַראָפּגעשלעפּט זײַן קרבן אין יענער פינצטערער וועלט פון משוגעת און אייביקער נאַכט, אין יענער מוראַדיקער וועלט, וועלכע האָט זיך דעם געניאַלן דיכטער שוין פריִער עפּטער באַוויזן אין די שטילע שעהן פון איינזאַמקייט.

דער האָרלאַ! ווער איז ער? פון וואַנען קומט ער? וואָס איז די סיבה פון זײַן דערשײַנען? איז ער אַן אָנהייב אָדער אַן אונטערגאַנג? איז ער דער שליח פון אַ נײַער צוקונפט אָדער דער קברות־מאַן פון אַלע האָפענונגען, דער קברות־מאַן פון יעדער בענקעניש? האָבן די פאַרגאַנגענע דורות אויך געוווסט פון אים? אָדער באַווײַזט ער זיך בלויז דעם מאָדערנעם מענטשן?

ווער ער איז? קיין באַשטימטער ענטפער אויף אָט דער פראַגע איז ביז אַהער נאָך נישט געגעבן געוואָרן. ער האָט הונדערטער פאַרשיידענע נעמען און באַווײַזט זיך אין די פאַרשיידנסטע געשטאַלטן, אָבער אומעטום מאַכט ער דעם זעלביקן מוראַדיקן אײַנדרוק און רופט אַרויס דעם זעלביקן שרעק.

דער פרימיטיווער מענטש האָט איבערהויפּט נישט געוווסט פון אים. זײַן גײַסטיקע טעטיקײַט האָט זיך באַשרענקט אויסשליסלעך אויף די מאַטעריעלע באַ־דערפענישן פון זײַן עקסיסטענץ. אָט דערפאַר זײַנען זײַנע געדאַנקען און האַנדלונגען שטענדיק געווען אין אײַנקלאַנג איינע מיט די אַנדערע. אָבער אַפילו אין די שפּע־טערדיקע פּעריאָדן, אין די עפּאָכעס פון דער באַקאַנטער געשיכטע באַגעגענען מיר זיך כמעט קיין מאָל נישט מיט אַן ענלעכער דערשײַנונג. אויב זי וואָלטווירקלעך

עקסיסטירט, וואָלט זי זיכער געפונען אַן אויסדרוק אין דער ליטעראַטור און קונסט פון יענע צײַטן. אמת, די מיסטיקער פונעם מיטלאַלטער זײַנען געווען באַקאַנט מיט יענע טונקעלע שטימונגען פון שרעק און מורא, פאַר וועלכע עס איז נישטאָ קיין באַשטימטע דערקלערונג, מיט יענע טיפע אינערלעכע שטימונגען, פון וועלכע מאַפּאַסאַנס האָרלאַ איז ביסלעכווײַז אַרויסגעוואַקסן. אָבער אייגנטלעך איז דאָך עס נישט געווען די זעלביקע שטימונג, וועלכע מאַניפעסטירט זיך אַזוי דײַטלעך אין דער מאָדערנער ליטעראַטור און קונסט. דער מיטלאַלטערלעכער מענטש האָט געהאַט אַ גײַסטיקן קאָמפּאַס: זײַן גלויבן. ווען שרעק און מורא האָבן דורכגענומען זײַן נשמה, האָט ער געזוכט און געפונען טרייסט און הילף בײַ זײַן גאָט. דער רעלי־גיעזער געדאַנק, וועלכער האָט אין מיטלאַלטער היפּנאָטיזירט די מאַסן, האָט אָפּט מאָל באַוועגט מיליאָנען מענטשן און אַנטוויקלט אין זיי אַלעמען די זעלביקע סו־געסטיווע פאָרשטעלונגען. אַן ערדציטערניש, אַן עפּידעמיע, דאָס דערשײַנען פון אַ קאָמעט אויפן הימל אָדער די נביאות, אַז די וועלט וועט אונטערגיין, איז אומ־שטאַנד געווען צו וואַרפן אַ טויט־שרעק אויף גאַנצע לענדער. אָבער שטענדיק איז די קירך געווען דער אָרט, ווו די פאַרצווייפלטע מענטשן־סטאַדעס האָבן געזוכט פרידן און דערלייזונג: גאָט איז געווען דער גײַסטיקער צענטער, דער שווערפּונקט פון די פאַרצווייפלטע, און די רעליגיע איז געווען דער באַלזאַם פאַר די צעשראָ־קענע און געפּײַניקטע נשמות. און אַפילו די סאַטאַניסטן, וועלכע זײַנען געווען אַ סך מער, ווי מען שטעלט זיך עס געוויינלעך פאָר, זײַנען אויך באַהערשט געוואָרן פון די זעלביקע סוגעסטיווע פאָרשטעלונגען. דער גאַנצער אונטערשייד איז געווען, וואָס דער גײַסטיקער צענטער פון זייערע ווונטשן און שטרעבונגען איז געווען דער „בייזער גײַסט“, דער שטן, בײַ וועלכן זיי האָבן געזוכט גליק און טרייסט.

אמת, עס זײַנען פאַראַן פּעריאָדן אין מיטלאַלטער, ווען שרעק און פאַרצווייפ־לונג, די ברוטאַלע שרעק און די ברוטאַלע פאַרצווייפלונג, האָבן זיך מאַניפעסטירט אין איבערמענטשלעכע גיגאַנטישע פאָרמען. עס זײַנען געווען צײַטן, ווען עס האָט אויסגעזען, אַז די גאַנצע מענטשהייט איז אַראָפּ פון זינען, אַז די משוגעת באַ־הערשט אַלע מענטשלעכע מוחות. דער מיטלאַלטערלעכער מענטש האָט נאָך נישט פאַרשטאַנען צו באַהאַלטן זײַנע געפילן. זײַן פּסיכישער צושטאַנד איז נאָך נישט געווען אַזוי קאָמפּליצירט ווי דער צושטאַנד פונעם הײַנטיקן מענטשן, וועלכער פאַרמאַסקירט זײַנע עמפּינדונגען און טראַכט אויס קינסטלעכע מיטלען אויף צו באַהאַלטן די אינערלעכע טראַגעדיע. און ווײַל די זעלביקע סוגעסטיע האָט אין אַ געוויסן מאָמענט אַרומגענומען אַלע הערצער, דערפאַר איז דער אויסדרוק פון זײַנע געפילן אָפּט מאָל געווען אַזוי ווילד, ברוטאַל און גרויזאַם. דער קאָלעקטיווער אויס־דרוק פון די זעלביקע אינדיווידועלע געפילן האָט די דאָזיקע עמפּינדונגען געגעבן אַ גיגאַנטישן, כמעט איבערנאַטירלעכן כאַראַקטער. אָבער שטענדיק האָט זיך דאָס מענטשלעכע געפיל־לעבן באַוועגט אַרום דעם זעלביקן אינערלעכן צענטער פון אַלע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען. און ווען די מענטשלעכע נשמה איז געשלײַדערט געוואָרן אַרויף און אַראָפּ אויף דעם טונקעלן ים פון שרעק און מורא ווי אַ שיפל אין אַ שטורעם, האָט זי אָבער געהאַט איר אינערלעכן קאָמפּאַס, וועלכער האָט איר געוויזן דעם „ריכטיקן וועג“.

אָבער גראָד דערפאַר קאָן מען נישט פאַרגלײַכן יענעם געפיל פון שרעק און

מורא, וועלכער האָט פון צייט צו צייט באַהערשט דעם מיטלאַלטערלעכן מענטשן, מיט יענער טונקעלער האַרלאַ־שטימונג, וועלכע האָט באַהערשט די נשמה פון אַ מאָפּאַסאַן און אַ סך אַנדערע מאָדערנע קינסטלערס און שריפטשטעלערס. דער „האָרלאַ" איז געבוירן געוואָרן אין דעם מאָמענט, ווען דער מענטש האָט באַגראָבן זיין לעצטן גאָט, ווען זיין גייסט האָט פאַרלוירן זיין זיכערן קאָמפּאַס, ווען ער פילט זוי אין אָפּגרונט פון זיין נשמה אַנטוויקלט זיך עפּעס טונקלס, פּרעמדס, מוראדיקס, אַ צווייטער איך, וועלכער איז ביז אַהער געווען אומבאַקאַנט פאַר אים. ער פילט זיך נעענטער צו די אייביקע רעטענישן פון לעבן, און זיין נשמה ווערט פאַרציטערט פון דער אומבאַקאַנטער גרויסקייט.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּעריאָד פון דער וויסנשאַפט, האָט אַ געוויסע צייט אויסגעזען, אַז דער מענטש וועט ענדלעך זיין אומשטאַנד אָפּצודעקן דעם שלייער פון אַלע סודות. דאָס איז געווען די צייט, ווען מאַלעשאָט און פאָגט זיינען אויפגעטראָטן ווי די אַפּאָסטאָלן פון אַ נייער דערקענטעניש, ווען ביכנערס „קראַפט און שטאָף" האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער ביבל. דער מענטשלעכער גייסט, וועלכער האָט פריער באַוועגט אויף די קוליסן פון דער רעליגיע, האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן אויף די קוליסן פון דער וויסנשאַפט, און די וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן האָבן אַפילו באַהערשט די קונסט און ליטעראַטור. ס'איז געווען די צייט, ווען דער נאַטוראַליזם האָט געפייערט זיינע נצחונות, ווען מען האָט זיך איינגע־רעדט, אַז די פאָרמען און פּרינציפּן פון דער נייער קונסט זיינען איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַשטימט געוואָרן.

אָבער מיט דער צייט איז מען געוואָרן באַשיידענער. מען האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז אַפילו די וויסנשאַפט איז נישט אומשטאַנד אָפּצודעקן אַלע שלייערן און צו דערקלערן די טיפע רעטענישן פון לעבן, און די קינסטלערס און שריפטשטעלערס האָבן זיך ווידער צוגעהערט צו די אונטערערדישע שטימען, וועלכע קלינגען אַרויף פון דער טיפעניש פון דער מענטשלעכער נשמה און דער־וועקן אין אונדז יענע טונקעלע און סודותפולע שטימונגען, וועלכע ווירקן אַזוי שטאַרק, אַז מיר פילן זיי כמעט ווי אַ קערפּערלעכן ווייטיק. דאָס זיינען נאַכט־שטי־מונגען פון דער מענטשלעכער נשמה, פאַר וועלכע עס איז נישט פאַראַן קיין באַ־שטימטע דערקלערונג. דאָס זיינען די שעהן, ווען דער מענטש פילט זיך גאַנץ אַליין, גאַנץ איינזאַם, אַזוי איינזאַם, אַז יעדע געזעלשאַפט פאַרשטאַרקט נאָך אין אים דאָס געפיל פון טיפסטער איינזאַמקייט. דער מאַלער האַמערסהאָי האָט אָט די שטי־מונג וווּנדערלעך אילוסטרירט אין אַ בילד, וואָס שטעלט פאַר פינף מענטשן זיצנדיק אין אַ האַלב־טונקעלן צימער לעבן אַ טיש. דאַכט זיך אַ געזעלשאַפט, אָבער ווען מיר קוקן זיי נעענטער צו, זעען מיר, אַז יעדערער איז פאַרטיפט אין זיינע אייגענע געדאַנקען. דאָס איז אַ געזעלשאַפט פון איינזאַמע. קיינער קאָן נישט דעם אַנדערן. יעדערער פון זיי פילט זיך אַליין און פרעמד צו אַלץ, וואָס רינגלט אים אַרום.

פון אָט דער שטימונג איז אַרויסגעוואַקסן דער „האָרלאַ", דער צווייטער „איך", די אומזעבאַרע, שטומע אויגן, וועלכע היטן אָפּ יעדע האַנדלונג, יעדן גע־דאַנק ווי אַ באַהאַלטענער שפּיאָן. און אָט די שטימונג איז היינט נישט מער קיין איינצלנע דערשיינונג, נאָר מיר באַגעגענען זיך מיט איר אומעטום אין דער מאָ־דערנער קונסט און ליטעראַטור: אין די מעלאָדיעס פון שאָפּען, אין די בילדער

פון עדוואַרד מונק, פערנאַנד קנאָפּ, פעליסיען ראָפּס, פּאָל בענאַר, סאַשאַ, שניידער און אַ סך אַנדערע, און אין די שריפטן פון מאַפּאַסאַן, האַמסון, מעטערלינק, אָלאַ האַנסון, פּשיבישעווסקי, מאַכאַר, באָדלער, סטרינדבערג, קראַג, קאַראַסעק, עקהוד אאַ״וו. עס איז די זעלישע שטימונג פונעם מאָדערנעם מענטשן אין יענע שטילע און זעלטענע מאָמענטן, ווען ער פילט אויף זיך די שאָטנס פון דער אייביקייט.

***

די ערשטע באַוווסטע פאַרטרעטערס פון אָט דער האַרלאַ־שטימונג, וועלכע האָבן געזוכט און געפונען אַ קינסטלערישן אויסדרוק פאַר יענע טונקעלע און דע־מאָנישע פאַרשטעלונגען פון דער מענטשלעכער פסיכיק, זיינען געווען דער דייטשער ראָמאַנטיקער אַמאַדעוס האָפמאַן און דער אַמעריקאַנער עדגאַר פּאָ, איינע פון די גיגאַנטישסטע און אָריגינעלסטע געשטאַלטן אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור און אין דער זעלביקער צייט איינער פון די אומגליקלעכסטע און איינזאַמסטע מענטשן, וועלכע האָבן ווען עס איז עקסיסטירט אויף דער וועלט. פּאָס גייסט האָט באַפרוכפּערט אַ סך פון די טיפסטע און באַדייטנדיקסטע קינסטלערס און שריפט־שטעלערס פון זיין צייט און פון די שפּעטערדיקע דורות, ווי דאָסטאָיעווסקי, באָדלער, מאַפּאַסאַן, ווײַלד און אַנדערע. זיין איינפלוס אויף די גאַנץ נייע און לעצטע ריכ־טונגען אין דער מאָדערנער קונסט און ליטעראַטור איז אַ סך באַדייטנדיקער ווי מען שטעלט זיך געוויינלעך פאָר.

עדגאַר פּאָ איז געבוירן געוואָרן אין 1809 אין דער שטאָט באַלטימאָר. זיינע עלטערן זיינען פרי געשטאָרבן און האָבן איבערגעלאָזט דריי קינדער אין דעם גרעסטן עלנט. אַ רייכער פאַמיליען־פריינד, אַ געוויסער עלען, האָט די קינדער צוגע־נומען צו זיך און זיי דערצויגן. ער האָט זיך דער עיקר פאַראינטערעסירט מיטן יונגן עדגאַר, וואָס איז געווען אַ קינד פון אויסערגעוויינלעכער שיינקייט און איינ־טעליגענץ. אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט עלען קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען די סודותפולע נשמה פון דעם דאָזיקן קינד, און דערפאַר האָט צווישן זיי שטענדיק עקסיסטירט אַ געוויסע פרעמדקייט, וועלכע עלען גופא האָט מסתמא גאָר נישט באַמערקט, אָבער וועלכע האָט אָן ספק זייער פרי אַנטוויקלט אין פּאָן דאָס טונקעלע געפיל פון טיפער איינזאַמקייט.

אין 1816 האָט עלען געמאַכט אַ געשעפטלעכע רייזע קיין ענגלאַנד. ביי דער געלעגנהייט האָט ער מיטגענומען מיט זיך דעם זעקס־יאָריקן עדגאַר און האָט אים איבערגעגעבן צו אַ געוויסן דאָקטאָר בראַנסבי, וואָס האָט געהאַט אַ באַקאַנטן דער־ציונג־אַנשטאַלט אין סטאָק־ניווינגטאָן, נישט ווייט פון לאָנדאָן. פּאָ האָט שפּעטער באַשריבן אין זיין דערציילונג „וויליאַם ווילסאָן" די צייט, וועלכע ער האָט פאַר־בראַכט אין יענעם אַלטן מערקווירדיקן הויז, און עס ווייזט אויס, אַז ער איז פאַר אים געווען איינע פון די שענסטע איינדרוקפולסטע פּעריאָדן אין זיין לעבן. אין 1822 איז פּאָ געקומען צוריק קיין אַמעריקע און האָט פאָרגעזעצט זיינע לימודים אין דער אַקאַדעמיע פון ריטשמאָנד און שפּעטער אין דער אוניווערסיטעט פון טשאַרלאָטסוויל. ווי אַ סטודענט האָט זיך פּאָ אויסגעצייכנט מיט אַ וווּנדערלעכער, כמעט איבערנאַטירלעכער אינטעליגענץ, אָבער אין יענער צייט האָבן זיך אויך אַרויסגעוויזן די טונקעלע און דעמאָנישע זייטן פון זיין כאַראַקטער. עס איז נישט

באַקאַנט, אונטער וועלכע אומשטענדן פּאָ האָט פאַרלאָזט די אוניווערסיטעט. גריס־וואַלד, זײַן ערשטער ביאָגראַף, באַהויפּטעט, אַז מען האָט אים אויסגעשלאָסן צוליב זײַנעווילדע לײַדנשאַפטן און זײַן אויסגעלאַסנקייט. אָבער די באַהויפּטונגען פון דעם דאָזיקן סיסטעמאַטישן פאַרלוימדער, וועלכער האָט זיך באַנוצט מיט די שענדלעכסטע מיטלען אויף צו באַשמוצן דעם כאַראַקטער און די פּערזענלעכקייט פון דעם טויטן דיכטער, דאַרפן אויפגענומען ווערן מיט דער גרעסטער פאָרזיכ־טיקייט. און אויסער דעם דערקלערט פּאָס צווייטער ביאָגראַף, דזשאָן ה. ווינגהעם, די גאַנצע געשיכטע פאַר אַן אויסגעטראַכטער זאַך.

אין יענער צײַט איז פאָרגעקומען דער פרײַהייטס־קאַמף פון די גריכן קעגן דער טערקישער טיראַניי, און אַזוי ווי בײַראָן האָט אויך פּאָ באַשלאָסן אָנטייל צו נעמען אין דעם דאָזיקן קאַמף, הגם זײַן אַדאָפּטיווער פאָטער איז געווען אַ ביטערער קעגנער פון אָט דעם פּלאַן. פּאָ איז אַוועק קײַן אייראָפּע, אָבער קיינער ווייסט נישט, צי ער איז טאַקע געווען אין גריכנלאַנד אָדער נישט. אַ באַהויפּטונג, אַז ער איז אין גײַן מאָנאַטן אַרום נאָך זײַן פאַרלאָזן אַמעריקע, אַרעסטירט געוואָרן אין פעטערבורג, איז אויך נישט באַשטעטיקט געוואָרן. פּאָ אַליין האָט קיין מאָל נישט דערקלערט, וואָס ער האָט געטאָן אין דער צײַט פון זײַן אָפּוועזנקייט. ווען ער איז, אין 1829, צוריקגעקומען קײַן אַמעריקע, איז ער אַרײַנגעטראָטן אין דער מיליטע־רישער שול פון וועסט־פּאָינט, אָבער זײַן אומרויִקער גײַסט האָט זיך נישט געקאָנט צוגעווינען צו דער מיליטערישער דיסציפּלין, און שוין אין 1831 האָט מען אים אויסגעשלאָסן פאַר אומגעהאָרכזאַמקייט און פאַרנאַכלעסיקן זײַנע פליכטן. באַלד נאָך דעם האָט זיך פּאָ צעקריגט מיט זײַן אַדאָפּטיוון פאָטער און איז מיט אַ מאָל געשטאַנען גאַנץ אַליין אויף דער וועלט, אויף וועלכער ער האָט זיך נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט. אַ פעריאָד פון שרעקלעכן עלנט האָט זיך איצט אָנגעהויבן פאַר אים, וואָס עס האָט מסתמא גענוג געווירקט אויף צו אַנטוויקלען אין אים יענע פינצטערע און דעמאָנישע שטימונגען, וועלכע האָבן שפּעטער געפונען אַזאַ גוואַל־טיקן און היפּנאָטישן אויסדרוק אין זײַנע שריפטן. ווען ער איז נאָך געווען אין ריטשמאָנד, האָט פּאָ פאַרעפנטלעכט אַ קליין ביכל לידער, און איידער מען האָט אים אויסגעשלאָסן פון דער מיליטער־שול אין וועסט־פּאָינט, האָט ער פאַרעפנט־לעכט אַ פאַרגרעסערטע זאַמלונג פון זײַנע פּאָעזיעס. אָבער ווי עס ווײַזט אויס, האָט דער יונגער דיכטער נאָך דעמאָלט נישט געטרוימט פון קיין ליטעראַרישער קאַריערע. ערשט שפּעטער, ווען דאָס גרויע עלנט איז אָנגעפאַלן אויף אים מיט דער גאַנצער גרויזאַמקייט, האָט ער געפּרוּווט צו שאַפן זיך אַ פּלאַץ אין דער ליטעראַטור. אַ גליקלעכער צופאַל האָט אים געראַטעוועט פון שטאַרבן פון הונגער. דער אַרויס־געבער פון אַ צײַטשריפט אין באַלטימאָר האָט באַשטימט צוויי פּרעמיעס פאַרן בעסטן ליד און פאַר דער בעסטער דערציילונג, וואָס מען וועט אים צושיקן. פּאָ, וועלכער איז געווען אין אַ שרעקלעכער לאַגע, האָט געשיקט אַ ליד און זעקס פון זײַנע דערציילונגען און האָט געוווּנען ביידע פּרעמיעס. קענעדי, דער פאָרזיצער פון זשורי, וואָס דער סטיל און אינהאַלט פון פּאָס דערציילונגען האָבן אויף אים געמאַכט אַ טיפן אײַנדרוק, האָט דעם דיכטער אײַנגעלאַדן צו זיך אויף אַ מיטאָג. מען קען זיך פאָרשטעלן קענעדיס געפילן, ווען ער האָט דערהאַלטן דעם פאָלגנדיקן ענטפער: „אײַער אײַנלאַדונג האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן אײַנדרוק. נאָר קומען

קאָן איך ליידער נישט, ווײַל דער צושטאַנד פון מײַן אויסערלעכער פּערזענלעכקייט דערלויבט עס מיר נישט. אפשר וועט איר באַגרײַפן, ווי ביטער שווער עס איז מיר אָנגעקומען אָפּצוגעבן אָט די דערקלערונג, אָבער איך האָב זיך אַנדערש נישט געקאָנט העלפן".

קענעדי האָט דעם אומגליקלעכן אויפגעזוכט אין זײַן וווינונג און האָט געפונען אַ יונגנמאַן, וועלכער האָט געהאַלטן בײַם פאַרהונגערט צו ווערן. קענעדי האָט געטאָן פאַרן דיכטער, וואָס נאָר ער האָט געקאָנט, און אפשר האָט די וועלט אים צו פאַרדאַנקען, וואָס זי האָט נישט פאַרלוירן איינעם פון די גרעסטע זשעניעס. דורך זײַן פאַרמיטלונג איז פּאָ געוואָרן אַ מיטאַרבעטער און שפּעטער דער רעדאַקטאָר פון דעם „סאָטהערן ליטערערי מעסענדזשער" אין ריטשמאָנד, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט זײַנע מערקווירדיקע, אין יעדער באַציִונג, אָריגינעלע דערציילונגען. דאָרטן איז אויך צום ערשטן מאָל דערשינען זײַן פאַנטאַסטישע דערציילונג „האַנס פּפאַלס רײַזע צו דער לבנה". אָבער גראָד אין יענער צײַט, ווען פּאָס נאָמען איז באַקאַנט געוואָרן אין דער ליטעראַרישער וועלט, האָט ער זיך געפילט שרעקלעך אומגליקלעך. אַ בריוו, וואָס ער האָט דעמאָלט געשריבן צו קענעדין, וואַרפט אַ שוואַכן שײַן אויף דעם מוראדיקן קאַמף, וועלכן ער האָט אָנגעפירט מיט די פינצטערע און דעמאָנישע כוחות, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט אויפן שוואַרצן אָפּגרונט פון זײַן נשמה און געפירט דערצו, אַז ער האָט מורא געהאַט פאַר זיך אַליין.

מעגלעך, אַז זײַן חתונה מיט זײַנער אַ קוזינע, איז ביז צו אַ געוויסן גראַד געווען פאַר אים אַ רעטונג. אַ קורצע שײַן פון גליק האָט זיך באַוויזן אין זײַן לעבן, אָבער עס איז נישט געווען דער גאָלדענער גלאַנץ פון דער זון, נאָר דער בלייכער שײַן פון דער לבנה. זײַן יונגע פרוי איז געווען איינע פון יענע צאַרטע, מעלאַנכאָלישע געשטאַלטן, אויף וועלכע דער טויט וואַרפט שוין יונגערהייט זײַן שאָטן. זי איז כמעט שטענדיק געווען קראַנק. פּאָ האָט איר צערטלעך ליב געהאַט און זי איז געווען די איינציקע, וועלכע האָט געהאַט באַרויִקט זײַן נשמה אין די מאָמענטן פון מורא און פאַרצווייפלונג. אָבער אַפילו די עטלעכע יאָר, וועלכע דער דיכטער האָט געלעבט מיט דער דאָזיקער פרוי, ביז וואַנען דער טויט האָט זי צוגענומען בײַ אים, איז געווען אַ פּעריאָד פון שטענדיקע מאַטעריעלע זאָרגן. דער ראָמאַנטיקער פּאָ האָט זיך נישט אַרײַנגעפּאַסט אין דער פּראָזאַישער, קליינגײַסטיקער געשעפט־וועלט פון אַמעריקע. ער האָט אָפט מאָל איבערגעביטן זײַן שטעלונג, אָבער דאָס אומגליק האָט אים פאַרפאָלגט, ווו ער איז נאָר געגאַנגען. קיינער האָט אים נישט פאַרשטאַנען. קליינגײַסטיקע מענטשעלעך האָבן אים באַשמוצט און פאַרלוימדעט און אים פאַרביטערט דאָס לעבן. דאָס מאַטעריעלע עלנט איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַ פילאַנטראָפּישע דאַמע האָט אַפילו צונויפגעזאַמלט אַ ביסל געלט אויף אויסצומײַדן דאָס ערגסטע. אין 1847 האָט פּאָ פאַרלוירן זײַן ווײַב, דאָס לעצטע וואָס ער האָט געהאַט און געליבט אויף דער וועלט, זײַן „גוטער גײַסט". אַלץ מער דערווײַטערט זיך דער אומגליקלעכער דיכטער פון די מענטשן און אַלץ מעכטיקער אַנטוויקלט זיך די מאַכט פון דער פינצטערניש אין זײַן נשמה. זײַן לײַדנשאַפט צו אַלקאָהאָל, וואָס האָט שוין פריִער געשפּילט אַזאַ געפערלעכע ראָל אין זײַן לעבן, פאַרשטאַרקט זיך. ער שיכורט זיך אָן מיט ווײַן, בראָנפן, אָפּיום, כדי אײַנצושטילן אויף אַ מאָמענט די פינצטערע און דעמאָנישע כוחות אין זײַן נשמה

און צו פֿאַרגעסן זיך אין דער גרויער אַלטעגלעכקייט פֿון לעבן. ער האָט נאָך אַפֿילו די קראַפֿט צו שרייבן זײַן געניאַל ווערק „עוורעקאַ“, אָבער זײַן גייסט לעבט שוין אין גאַנץ אַנדערע וועלטן. אין משך פֿון דער לעצטער צײַט פֿון זײַן לעבן האָט ער איבערהויפּט מער נישט געקאָנט רויִק אײַנזיצן אויף איין אָרט און ער איז אַרומגעפֿאָרן פֿון איין שטאָט אין דער אַנדערער. דעם 6טן אָקטאָבער 1847, ווען ער האָט געוואָלט אָפּפֿאָרן פֿון באַלטימאָר, איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין אַ שענק, ווו ער האָט זיך צופֿעליק געטראָפֿן מיט עטלעכע אַלטע באַקאַנטע. אויפֿן אַנדערן פֿרימאָרגן האָט מען געפֿונען אויפֿן וועג אַ שטאַרבנדיקן מענטשן און מען האָט אים אַוועקגעפֿירט אין אַ שפּיטאָל, ווו ער איז דעם זעלביקן טאָג געשטאָרבן. ערשט שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז עס איז געווען עדגאַר פּאָ, דער גרעסטער זשעניע, וועלכן די שיינע ליטעראַטור פֿון אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן.

**

באַדלער באַמערקט מיט רעכט, אַז די געזעלשאַפֿט פֿאַרהאַסט אינסטינקטיוו די, וועלכע ווערן פֿאַרפֿאָלגט פֿון אומגליק. קיינער האָט עס נישט געפֿילט אַזוי טיף ווי פּאָ. אַפֿילו ווען ער איז שוין געווען טויט, האָט מען אים נישט געלאָזט צורו און אַ געוויסנלאָזער אוממענטש האָט באַשמוצט דעם פֿרישן קבר מיט אַ טענדענציעזער ביאָגראַפֿיע פֿון דעם אומגליקלעכן דיכטער, וועלכע האָט קיין גאַנצע האָר נישט איבערגעלאָזט אויף אים. אַ מענטש ווי פּאָ האָט, פֿאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט אַרויסרופֿן די סימפּאַטיע פֿון די ליטעראַטור־קרעמערס, וועלכע האָבן געפֿילט אינסטינקטיוו, אַז דער דאָזיקער מענטש איז צו גרויס פֿאַר זייערע קליינע נשמות, און קיין זאַך איז דעם פֿיליסטער נישט אַזוי פֿיל פֿאַרהאַסט ווי אמתע גרויסקייט.

קיין ספֿק נישט, פּאָ איז נישט געווען קיין נאָרמאַלער מענטש. אָבער גראָד דערפֿאַר האָבן זײַנע אויגן געזען און זײַנע אויערן געהערט, וואָס אַנדערע קאָנען נישט זען און הערן. אַלע גרויסע באַנײַערס פֿונעם לעבן, אַלע פּיאָנערן פֿון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, אַלע נביאים פֿון נײַע געדאַנקען, זײַנען נישט געווען קיין נאָרמאַלע, ד״ה קיין דורכשניטלעכע מענטשן, און ווי אַ נאָרמאַלער מענטש וואָלט פּאָ נישט געווען דאָס וואָס ער איז.

פּאָ איז מער ווי אַ נאָמען. ער איז אַ פּענאָמען, אַ זעלישע דערשײַנונג, אַ פּראָבלעם, וואָס וועט נאָך פֿאַר אַ לאַנגער צײַט באַשעפֿטיקן דעם מענטשלעכן גייסט. שוין אין זײַנע ערשטע פּאָעזיעס פֿילן מיר עפּעס פֿרעמדס, עפּעס ווײַטס, וואָס באַאומרויִקט אונדז. עס דאַכט זיך אונדז אויס, ווי מיר וואָלטן געהערט פֿאַרשטיקטע קולות פֿון דער טיפֿעניש, קולות אין אַ געדיכטן נעפּל. אין די שפּעטערדיקע לידער געפֿינט די דאָזיקע שטימונג כמעט אַן איבערנאַטירלעכן, אַ דעמאָנישן אויסדרוק. ווער עס האָט איין מאָל איבערגעלייענט אין אַ שטילער נאַכט דאָס וווּנדערלעכע ליד „דער ראָב“, יענער פֿילט, אַז די דאָזיקע טונקעלע סטראָפֿן זײַנען געשריבן געוואָרן מיט דעם דיכטערס האַרץ־בלוט און מיט טרערן פֿון פֿאַרצווייפֿלונג. פּאָ סימבאָליזירט אין דעם דאָזיקן ליד דעם טויט פֿון אַלע האָפֿענונגען. דער שוואַרצער פֿויגל, דער ראָב, דאָס איז דער אינערלעכער קול, וואָס ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און נעמט דורך צום סוף אַלע ווינקעלעך פֿון דעם דיכטערס נשמה. ס׳איז

דאָס קול פון דער פינצטערניש, דאָס קול פון יאוש און דער דיכטער ווייסט, אַז ער וועט אייביק אַזוי קלינגען, קיין מאָל נישט אַנטשוויגן ווערן — „נעווער, נעווער, נעווער מאָר!"

עס איז ליידער נישט מעגלעך אָפּצוגעבן זיך נענטער מיט די איבעריקע לידער. מען דאַרף זיי אַליין לייענען און אינערלעך איבערפילן. דערמאָנען ווילן מיר בלויז „אולאַלומע", „די גלעקער", „דער פאַרשאָלטענער שלאָס", „דאָס לאַנד פון חלומות" און די וואונדערלעכע שיינע באַלאַדע „ענעבעל לי".

אָבער ערשט אין זיינע דערציילונגען ווייזט פּאָ אַרויס זיין גאַנצע אומבאַגרייפלעכע און דעמאָנישע מאַכט, וועלכע היפּנאָטיזירט דעם לייענער און צווינגט אים נאָכצוגיין דעם דיכטער וווּהין ער וויל נאָר. מיט עטלעכע ווערטער ציט ער אַרונטער דעם שלייער פון די טיפסטע זעלישע פּראָבלעמען און פירט אונדז אַראָפּ אין אַ וועלט פון אייביקער נאַכט און טיפע רעטענישן. אין דער דערציילונג „דער גייסט פון בייזקייט" ווייזט ער אונדז מיט אַ וואונדערלעכער קראַפט, ווי אָפט מאָל אַ קלייניקייט, אַ מאָמענטאַן געפיל, אַ וואָרט קאָן באַשטימען אַ מענטשנס שיקזאַל. אַ מענטש האָט אָפּגעטאָן אַ גרויס פאַרברעכן. ער איז באַגאַנגען די טאַט אַזוי קונציק, אַזוי אויסגערעכנט, אַז קיין שום פאַרדאַכט איז נישט געפאַלן אויף אים. ער פילט זיך פולשטענדיק זיכער, אָבער גראַד דאָס געפיל פון זיכערקייט איז געוואָרן זיין פאַררעטער. איין מאָל, ווען ער איז געווען גאַנץ אַליין ביי זיך אין דער היים, האָט ער פּלוצלינג אויסגעשריגן: „איך בין זיכער!" און די דאָזיקע ווערטער האָבן אים פאַרפאָלגט, ער האָט שוין פון זיי מער נישט געקאָנט פּטור ווערן. זיי האָבן אים שטענדיק געקלונגען אין די אויערן, ווי עס טרעפט אַ מאָל מיט אַ מעלאָדיע, אַ ליד, וואָס מיר חזרן כסדר איבער און ווייסן אַליין נישט פאַר וואָס. און איין מאָל, ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס, האָט ער פּלוצלינג אַרויסגעשריגן אויפן קול די ווערטער „איך בין זיכער!" אָבער מיט אַ מאָל האָט אַ שוידער דורכגענומען זיין גאַנצן קערפּער. ער פילט, ווי אומגעזעענע הענט שטרעקן זיך אויס נאָך אים. ער הייבט אָן לויפן ווי אַ משוגענער, מענטשן הייבן אָן נאָכצויאָגן זיך נאָך אים, און ער געפינט מער נישט קיין רו, מיז ער גיט אויס זיין סוד. פּאָ אילוסטרירט דעם דאָזיקן צושטאַנד מיט די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „מיר שטייען ביים ברעג פון אַן אָפּגרונט און קוקן אַראָפּ, ביז וואַנען עס ווערט אונדז שלעכט און עס הייבט אונדז אָן צו שווינדלען פאַר די אויגן. אונדזער ערשטע באַוועגונג איז אָפּצוקערן זיך פון דער געפאַר, אָבער מיר רירן זיך פאָרט נישט פון אָרט, מיר שטייען ווי צוגעשמידט. ביסלעכווייז מישט זיך אַלץ צונויף; אונדזער איבלקייט, דאָס שווינדלען פאַר די אויגן, אונדזער מורא, און עס אַנטוויקלט זיך אַ נעפּלדיק געפיל, פאַר וועלכן עס איז נישטאָ קיין נאָמען. און דער דאָזיקער נעפּל קריגט מיט דער צייט אַ געוויסע געשטאַלט, אַקוראַט ווי עס אַנטוויקלט זיך פון דעם רויך, וואָס גייט אַרויס פון דעם צויבער־פלאַש אין „טויזנט און איין נאַכט", אַ גייסט. אָבער די געשטאַלט, וועלכע אַנטוויקלט זיך אַלץ דייטלעכער ביים ברעג פון אָפּגרונט, איז הונדערט מאָל שרעקלעכער ווי ערגעץ אַ רוח אָדער שד אין אַ פאַבל. און דאָך איז עס נישט מער ווי אַ געדאַנק, אַ געדאַנק, וועלכער מאַכט פאַרפרירן דעם מאַרך אין אונדזערע ביינער און רופט אַרויס אין אונדזער מוח אַ ווילדן פאַרלאַנג. עס איז די איינפאַכע פאָרשטעלונג: אַ וואונדער, ווי וואָלסטו געפילט, אַראָפּפאַלנדיק אין אַט

דער טיפעניש? און די דאָזיקע פאָרשטעלונג פאַרוואַנדלט זיך ביסלעכווײַז אין אַ לײַדנשאַפטלעכן ווונטש צו זען דאָס שוידערלעכע בילד פון טויט און יסורים, וואָס די פאַנטאַזיע קאָן בלויז אויסטראַכטן. און פונקט דערפאַר, וואָס אונדזער פאַרשטאַנד הייסט אונדז זיך אָפּקערן פון דעם געפערלעכן ברעג, פונקט דערפאַר ציט ער אונדז צו אַלץ נעענטער און נעענטער. קיין לײַדנשאַפט איז נישט אַזוי אומגעדולדיק ווי די פון אַ מענטשן, וועלכער שטייט מיט אַ שוידער בײַם ברעג פון אַן אָפּגרונט און טראַכט צי ער זאָל זיך אַרײַנוואַרפן, צי נישט. איבערצודענקען אָט דעם געדאַנק כאָטש פאַר אַ מאָמענט איז דאָס זעלביקע, ווי אַן אומפאַרמײַדלעכער אונטערגאַנג. אונדזער פאַרשטאַנד זאָגט אונדז, אַז דער דאָזיקער פּלאַן איז אַ פאַרברעכן, און גראָד דערפאַר קאָנען מיר זיך נישט צוריקהאַלטן".

די דאָזיקע ווערטער אילוסטרירן נישט בלויז די אינערלעכע טענדענץ פון דער דערמאָנטער דערציילונג, נאָר זיי וואַרפן, אין דער זעלביקער צײַט, אַ ליכט אויפן אינערלעכן צושטאַנד פונעם דיכטער גופא. אויך פאָ איז שטענדיק געשטאַנען פאַרטראַכטערהייט בײַם ראַנד פון אַ טונקעלן אָפּגרונט, וועלכער האָט אים צולעצט אײַנגעשלונגען. אין די דערציילונגען „דער שוואַרצער קאָטער" און „דאָס האַרץ ווי אַ פאַררעטער" באַהאַנדלט פאָ די זעלביקע מאָטיוון מיט אַזאַ גיגאַנטישער קראַפט, אַז בײַם לייענען פילן מיר, ווי אַן אײַז־קאַלטער שוידער גייט אונדז דורך איבערן קערפּער און מאַכט אונדז פרירן דאָס בלוט אין די אָדערן. איבערהויפּט די לעצטע דערציילונג, ווו אַ מענטש דערציילט אונדז, ווי ער האָט געמוזט באַגיין אַ מאָרד, ווײַל ער האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן דאָס „בייזע אויג" פון דעם אַלטן מאַן, וועלכן ער האָט דערמאָרדעט. יעדע נאַכט האָט ער שטילערהייט געעפנט די טיר פונעם שטיבל, ווו דער אַלטער איז געשלאָפן, און האָט געלאָזט אַרויסגיין אַ פײַנעם, דינינקן שטראַל פון אַ בלענד־לאַמטערנע דירעקט אויפן אַלטנס פנים. אָבער דאָס אויג איז שטענדיק געווען פאַרמאַכט, און דער מערדער האָט נישט געקאָנט אויספירן זײַן טאַט. אָבער אין דער אַכטער נאַכט האָט דער אַלטער געהערט, אַז עמעצער איז אַרײַן אין שטיבל. „ווער איז דאָס?" האָט ער געפרעגט און זײַן שטימע האָט געציטערט. דער מערדער איז געשטאַנען אין דער פינצטער מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם און האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון זיך קיין טאָן. אַ מוראדיקע שטילקייט האָט געהערשט אין שטיבל און עס האָט זיך מער נישט געהערט ווי דאָס קלאַפּן פון דעם האַרץ בײַם אַלטן, וועלכער האָט געפילט אויף זיך דעם שאָטן פונעם טויט. אַ גאַנצע שעה איז אַריבער. ענדלעך האָט דער מערדער ווידער אויפגעעפנט עטוואָס דאָס טירל פון זײַן לאַמטערנע, און ווידער איז אַרויס דער זעלביקער פײַנער, דינער שטראַל און געפאַלן דירעקט אויף דאָס „בייזע אויג". אַ פאַרשטיקטער קול, צוויי אײַזערנע הענט האָבן זיך אַרומגעלייגט אַרום אַלטנס האַלדז און דערשטיקט אין אים די מורא צוזאַמען מיטן לעבן.

אָט דער דאָזיקער פײַנער שטראַל! אַזוי ווי אַ דינינקער פאָדעם לאָזט ער זיך אַראָפּ אין דער נשמה און פינצטערע, דעמאָנישע געשטאַלטן כאַפּן זיך אָן אין אים און זוכן אַרויפצוקלעטערן פון דער טיפעניש. און אָט די דאָזיקע טיפעניש, די דאָזיקע באַהאַלטענע וועלט פון אייביקער נאַכט און פינצטערניש, איז געווען פאָס עלעמענט, דאָרטן איז ער געווען אין דער היים, ווי קיין אַנדערער. ער האָט נישט ליב דעם טאָג און דאָס ליכט און זײַן גײַסט פאַראינטערעסירט זיך נאָר מיט די

שרעקלעכע און טונקעלע זײַטן פונעם לעבן. די קאַטאַסטראָפעס פון דער נשמה, לײַדן, פאַרצווייפלונג און איבערמענטשלעכע יסודים — דאָס איז די אַטמאָספער, װעלכע שוועבט ווי אַ גרויער נעפּל איבער דעם רוב פון זײַנע דערציילונגען. פּאָ זוכט דאָס אומגליק און די פאַרצווייפלונג. דער פאַרלאַנג צו לײַדן האָט זיך בײַ אים אַנטוויקלט צו אַ מין לײַדנשאַפט, וועלכע גייט ביז משוגעת. זײַן פאַנטאַזיע שרעקט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שווידערלעכקייט, אָבער אַפילו זײַנע שרעקלעכסטע בילדער פאַרלירן קיין מאָל נישט די קינסטלערישע פײַנקייט. נעמען מיר פאַר אַ בײַשפּיל יענע שרעקלעכע סצענעס אין דעם ראָמאַן „די אוואַנטורעס פון גאָרדאָן פּיס", ווען די פיר אומגליקלעכע, די איינציקע, וועלכע געפינען זיך נאָך אויף די רעשטן פון אַ צעשלאָגענער שיף, האַלב משוגע פון הונגער, דורשט און מורא, דערזעען פלוצלינג אין דער ווײַטנס אַ שיף. זייער פרייד איז נישט צום באַשרײַבן. זיי לאַכן און וויינען ווי קליינע קינדער און האַלטן אין איין ווינקען צו די אומבאַקאַנטע רע־טערס. ווי, זיי ווייסן נאָך נישט, אַז ער איז דער טויט, צו וועמען זיי ווינקען! די שוואַרצע שיף קומט נענטער און נענטער און פלוצלינג הערט זיך אַ שרעקלעכער געררוך ווי פון פאַרפוילטע קערפּערס, וואָס פאַרפעסטעט די גאַנצע לופט. און ווען זיי האָבן ענדלעך די מעגלעכקייט צו וואַרפן אַ בליק אויפן דעק פון דער פרעמדער שיף, האָט זיך זיי דאָס בלוט פאַרקילט פון שרעק, ווײַל די גאַנצע שיף איז געווען באַ־דעקט מיט האַלב־פאַרפוילטע מענטשלעכע קערפּערס.

דאָס בילד איז שווידערלעך, אָבער אין דער זעלביקער צײַט, וואָס פאַר אַ פינצטערע גרויסקייט עס ליגט באַהאַלטן אין אָט דער מוראדיקער פאַנטאַזיע!

גרויסאַרטיק אין דער פאָרעם און וווּנדערלעך טיף אין אינהאַלט איז די דער־ציילונג „וויליאַם ווילסאָן", און מיר באַגרײַפן, פאַר וואָס אַזעלכע דיכטערס ווי דאָסטאָיעווסקי און שפּעטער אָסקאַר ווײַלד האָבן זיך באַנוצט, איטלעכער אויף זײַן באַזונדערן אופן, מיט פּאָס מאָטיוו. „וויליאַם ווילסאָן" איז די געשיכטע פון אַ מענטשן, וועלכער ווערט פאַרפאָלגט פון זײַן צווייטן איך. ס'איז די געשיכטע, די לעבן־ און לײַדן־געשיכטע פון דעם דיכטער אַליין. ס'איז דער אייביקער קאַמף צווישן גאָט און דעם שאָטן, וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּילט איר פּאָס נשמה, און וועלכער האָט אים צולעצט אַליין פאַרניכטעט.

וויליאַם ווילסאָנס לעבן איז אַ סעריע פון ווילדע לײַדנשאַפטן, אויסגעלאַסנ־קײַט און פאַרברעכנס. ער איז אַ שפּילעכל אין די הענט פון דעמאָנישע כּוחות און דאָס שלעכטע ציט אים צו אַזוי ווי אַ מאַגנעט. אָבער אין יעדן קריטישן מאָמענט באַגעגנט ער זיך מיט אַ מענטשן, וועלכער טראָגט זײַן אייגענעם נאָמען און זעט אויס ווי ער אַליין, און דער דאָזיקער מענטש וואָרנט אים, זוכט אָפּצוהאַלטן אים פון זײַנע טאָטן און דערשרעקט אים מיט זײַן ערנסטקייט. ער האָט געלעבט מיט אים צוזאַמען אין דעם זעלביקן אינסטיטוט. דעמאָלט האָט ער זיך געזען יעדן טאָג מיט אים. ווען ער האָט ענדלעך פאַרלאָזט דאָס אַלטע מערקווירדיקע הויז און איז אַרויס אויף דער ווײַטער וועלט, האָט ער אים פאַרלאָרן, אָבער איטלעכס מאָל, ווען ער איז באַגאַנגען אָדער געוואָלט באַגיין אַ שלעכטע טאַט, איז פלוצלינג דערשינען דער אַנדערער און האָט אים אָנגעקוקט מיט זײַנע טיפע ערנסטע אויגן. ער האָט אים פײַנט געקראָגן ווי דעם טויט, אָבער אין דער זעלביקער צײַט האָט זײַן האַרץ געציטערט פאַר אים. איין מאָל, ס'איז געווען דאָס לעצטע מאָל, ווען ער האָט אים

דערזען, איז ער דערשינען פאַר אים אויף אַ מאַסקן־באַל, פּונקט ווען ער האָט זיך געוואָלט צושאַרן צו דער יונגער שיינער פרוי פונעם באַלעבאָס. ווען ער האָט ווידער דערזען די דאָזיקע ערנסטע, טרויעריקע אויגן, איז ער געוואָרן כמעט משוגע פון פײַנטשאַפט און כעס. ער האָט אָנגענומען דעם פרעמדן בײַם אַרבל און אים אַוועקגעשלעפּט אין אַ צימער. דאָרטן האָט ער פאַרשלאָסן די טיר, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל און אַרויסגעצויגן זײַן שווערד. „צי אַרויס דײַן שווערד, איינער פון אונדז איז איבעריק אויף דער דאָזיקער וועלט!" — האָט ער אויסגעשריִען מיט אַ לײַדנשאַפטלעכער שטימע. יענער האָט אַ זיפץ געטאָן און אַרויסגעצויגן זײַן שווערד. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער געלעגן אויף דער ערד מיט אַ פאַרבלו־טיקטער ברוסט, אָבער ווען וויליאַם ווילסאָן האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, האָט ער דערזען זײַן אייגענע פאַרבלוטיקטע געשטאַלט, און עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער הערט זײַן אייגענעם קול, וואָס שרײַט צו אים אָט די ווערטער: „דו האָסט געזיגט און איך בין געפאַלן, אָבער פון איצט אָן ביסטו אויך טויט — טויט פאַר דער וועלט, טויט פאַרן לעבן, טויט פאַר יעדער האָפענונג! אין מיר האָסטו געלעבט. איצט קאָנסטו זען אויף דײַן אייגענעם בילד, אַז דו האָסט דיך אַליין דערהרגעט מיט דעם, וואָס דו האָסט מיר געמאַכט דעם טויט!"

„וויליאַם ווילסאָן" איז אפשר פּאָס פּערזענלעכסטע ליטעראַרישע שאַפונג, כאָטש איינער פון זײַנע ביאָגראַפן האָט באַהויפּטעט — און מיט רעכט — אַז זײַנע אַלע דערציילונגען זײַנען נישט מער ווי איינציקע קאַפּיטלען פון אַ גרויסן ראָמאַן, וועלכער רופט זיך „עדגאַר פּאָ". אין געוויסע דערציילונגען אין דאָס געפיל פון שרעק אויסגעמישט מיט אַן איבערנאַטירלעכער צאַרטקייט, ווי צב"ש אין „אונטער־גאַנג פון דער פאַמיליע אָשער". דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער דערציילונג לאָזט זיך איבערהויפּט נישט איבערגעבן. שוין די גאַנצע באַשרײַבונג פון דעם אַלטן שלאָס, די שרעקלעכע אַרכיטעקטור פון זײַנע צימערן, דער שוואַרצער טײַך, וועל־כער רינגלט עס אַרום, און די אויסטערלישע אַטמאָספער, אין וועלכער עס איז אײַנגעהילט, אַזוי ווי אַ טויטער אין תכריכים, דאָס אַלץ אַנטוויקלט בײַם לייענער אַ שטימונג, וועלכע לאָזט זיך נישט באַשרײַבן. הײַנט די וווּנדערלעכע צאַרטע געשטאַלט פון ראָדעריק אָשער, אַ מענטש, וועלכער באַלאַנגט שוין מער נישט צו דער ערד, און אין וועמענס אויגן עס שפּיגלען זיך אָפּ די ברעגעס פון אַנדערע וועלטן! די גאַנצע דערשײַנונג ווירקט אויף אונדז, ווי אַ זיסע, אומענדלעך טרוי־עריקע מעלאָדיע. אָבער ווען עס קומט צו דער שרעקלעכער סצענע, ווען די לעבע־דיק־באַגראָבענע שוועסטער רופט צו זיך דעם קראַנקן ברודער, דעמאָלט פילן מיר ערשט ריכטיק די קינסטלערישע שוואַכקייט פון מעטערלינק און אַנדערע אין ענלעכע סצענעס, אין פאַרגלײַך מיט דער דאָזיקער דעמאָנישער קראַפט, וועלכע פאַרקילט אונדז דאָס בלוט אין די אָדערן.

ווער עס וויל זיך באַקענען מיט דער מוראדיקער קראַפט, מיט וועלכער פּאָ קאָן היפּנאָטיזירן דעם לייענער, דער מעג לייענען „די מאַטערנישן", דעם „פאַל וואַלדעמאַר", „די מאַסקע פון רויטן טויט", דעם „מאַן פון דער מאַסע" און אַנדערע קינדער פון זײַן העלישער פאַנטאַזיע, פאַר וועלכער עס האָט איבערהויפּט נישט עקסיסטירט קיין שום גרענעץ.

פאַראַן אַ בילד פון עדוואַרד מונק, וואָס שטעלט פאָר אַ צימער; דורכן פענצטער

שטראַלט אַרײַן דאָס בלײכע ציטערדיקע ליכט פון דער לבנה און לעבן פענצטער זיצט אַן אײנזאַמע טונקעלע געשטאַלט, פאַרזונקען אין טיפע געדאַנקען. אויך פּאָ איז געווען אַזאַ טרוימער. זײַן גײַסט איז שטענדיק געווען ווײַט פונעם לעבן, ווײַט פון די מענטשן, שטענדיק פאַרזונקען אין די טיפע רעטענישן פון דער אײביקײט. אַ חלום איז אויך געווען זײַן וווּנדערלעכע פּאָעטישע שאַפונג „עווריקאַ" *, וועלכע ער האָט געווידמעט „די טרוימערס און די, וועלכע זעען אין חלומות די אײנציקעווירקלעכקײט". זײַנע חלומות זײַנען מערסטנס ווילד און אָפּשרעקנדיק, אָבער אָפט מאָל קלינגען זײ אַזוי פֿײַן און צאַרט ווי אַ שטילע אײנזאַמע מעלאָדיע פון אַן אַנדער וועלט. מאָפּאַסאַן האָט בלויז געווען דעם „האָרלאַ", פּאָ האָט געזען מער — ער האָט געזען וואָס עס קומט נאָך דעם האָרלאַ. אָבער ער איז געשטאָרבן מיט זײַן סוד און אין זײַנע טיפע רעטענישפולע אויגן לײענען מיר בלויז, אַז עס איז דאָ אַ וועג, נאָר מיר דאַרפן אים זוכן...

1908

* דאָס וואָרט מײנט אין גריכיש: „כ'האָב עס אויסגעפונען".

# מאָריס מעטערלינק

די גרויסע געזעלשאַפטלעכע ענדערונג, וועלכע די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די געוואַלטיקע אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער טעכניק און אינדוסטריע האָבן אַרויסגערופן אין דעם גאַנצן אייראָפּעיִשן קולטור־לעבן, האָט נישט נאָר פאַר־אורזאַכט אַ ראַדיקאַלן איבערבײַט פון די פּאָליטישע און סאָציאַלע צושטאַנדן אין אַלע לענדער, נאָר זי האָט אויך אין דער זעלבער צײַט געמוזט ווירקן אויף די פּי־לאָסאָפישע און מאָראַלישע אָנשויונגען פון די מענטשן און אויף די אינערלעכע שטרעבונגען, צילן און פאָרמען פון דער קונסט און ליטעראַטור. די אַלטע פעאָדאַלע וועלט איז אונטערגעגאַנגען אין אַ ים פון בלוט און פײַער; אַלע אינסטיטוציעס פון דער פאַרגאַנגענהייט זײַנען פאַרניכטעט געוואָרן פון דעם רעוואָלוציאָנערן שטורעם, און נײַע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען און סאָציאַלע דערשײַנונגען האָבן פאַרנומען דעם פלאַץ פון די אַלטע. די פּראָלעטאַריער, די אַרויסגעשטויסענע פון דער געזעל־שאַפט, האָבן זיך צום ערשטן מאָל אַרויסגעהויבן ווי טעטיקע קרעפטן אויף דער פּאָליטישער און סאָציאַלער אַרענע און האָבן געפאָדערט זייער פלאַץ בײַ דעם טיש פון לעבן. פון די דאַך־שטיבלעך זײַנען זיי אַראָפּגעשטיגן, פון די קעלערס זײַנען זיי אַרויסגעקראָכן מיט ליידיקע מאָגנס און פאַרטריקנטע ליפּן אונטער דעם שטורעם־געזאַנג פון דער רעוואָלוציע. זיי האָבן צעבראָכן די טירן פון די פּאַלאַצן, און אויף די טויטע קערפּערס פון די אַריסטאָקראַטן האָבן זיי געטאַנצט די קאַרמאַ־ניאָל ווי די אײַנלייטונג פון אַ נײַער צײַט אין דער מענטשלעכער געשיכטע. אַלץ האָט זיך באַוועגט, אַלע פאָרמען פון לעבן האָבן זיך איבערגעביטן און דער הייליי־קער רעספּעקט פאַר די טראַדיציעס פון דער פאַרגאַנגענהייט איז פאַרשווונדן גע־וואָרן. עס איז געווען אַ מערקווירדיקער פּעריאָד און די מענטשהייט האָט אין אָט־דער שטורעם־עפּאָכע דורכגעמאַכט אַ גרעסערע גײַסטיקע אַנטוויקלונג אין עטלעכע יאָר ווי אין אַ גאַנצן יאָרהונדערט פון געזעצלעכער אָרדענונג און שקלאַפישער געדולד.

נאָכן פאַלן פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן האָט די אייראָפּעיִשע רעאַקציע נאָך אַ מאָל געמאַכט דעם פרווו די מענטשהייט צוריקצופירן צו דער צײַט פון מיטלאַלטער. אירע פאַרטרעטער האָבן געווירקט אויף אַלע געביטן פון לעבן. באַנאַלד און דעמעסטר זײַנען געווען אירע פילאָסאָפן, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט מיט אַ גרויזאַ־מער לאָגיק די הייליקייט פון דעם אַבסאָלוטיזם און די נויטווענדיקייט פונעם

הענקער. עס איז געווען די צײַט פון דעם נעאָ־קאַטאָליציזם, וועלכער האָט געווירקט אויף דער גאַנצער ליטעראַטור פון יענער תקופה. די אויסערלעכע קראַפט פון דער רעוואָלוציע איז געבראָכן געווען; דער שרעקלעכער קאַמף האָט אויסגעמאַטערט די פעלקער, און אַ צײַט פון רעזיגנאַציע און טונקעלער האָפענונגסלאָזיקייט האָט זיך אָנגעהויבן. די מייסטע האָבן געגלייבט, אַז די מענטשהייט שטייט פאַר דעם אָנהייב פון אַ נײַעם מיטלאַלטער.

די גראָע, לאַנגווײַליקע קעגנוואַרט איז נישט אומשטאַנד געווען צו באַגײַסטערן די דיכטערס און קינסטלערס פון יענער עפּאָכע אין זייער שאַפונג־קראַפט, און דערפאַר האָבן זיי געזוכט טרייסט און רו אין דער פאַרגאַנגענהייט. די מייסטע פון זיי האָבן איגנאָרירט די טרויעריקע אַלטעגלעכקייט פונעם לעבן, זיי האָבן געטרוימט מיט אָפענע אויגן, זייער גײַסט האָט געלעבט אין אַלטע פאַרגאַנגענע צײַטן און האָט זיך פאַרלוירן אין דער געהיימנישפולער דעמערונג פון אַ מיטלאַלטערלעכן מיסטיציזם. אָט־די שטימונג איז די פּסיכאָלאָגישע באַזע פון דער אַזוי גערופענער ראָמאַנטישער שולע; זי ווײַזט זיך דײַטלעך אַרויס אין די ווערק פון שאַטאָבריאַן, לאַרמאַטין, לאַמענע, טיעק, שלעגעל, פוקע, נאָוואַליס, אין די יוגנט־שריפטן פון וויקטאָר הוגאָ און פיל אַנדערע.

אָבער אָט־די עפּאָכע האָט נישט אָנגעהאַלטן לאַנג. די גרויסע אינדוסטריעלע רעוואָלוציע פון דעם 19טן יאָרהונדערט, וועלכע האָט געשאַפן גאַנץ נײַע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַדינגונגען אין אייראָפּע, און די געוואַלטיקע אַנטוויקלונג פון די נאַטור־וויסנשאַפטן זײַנען נישט געווען קיין גוטער באָדן פאַר דעם מיסטישן נשמה־צושטאַנד פון די ראָמאַנטיקער. אין דער זעלביקער צײַט איז דער אָפּגרונט צווישן דעם בירגערטום און דעם פּראָלעטאַריאַט וואָס ווײַטער אַלץ גרעסער גע־וואָרן. די פּראָלעטאַרישע פאָדערונגען האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער אַנטוויקלונג פון אַ סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, און אומעטום האָבן זיך אַנטוויקלט די עלעמענטן פאַר אַ נײַער קונסט, אַ קונסט וועלכע זאָל נישט זוכן אירע שטאָפן און אידעאַלן אין דער פאַרגאַנגענהייט, נײַערט אין דער קעגנוואַרט, אין די קאַמפן, לײַדן און שמערצן פונעם אַלטעגלעכן לעבן.

אין פראַנקרײַך האָט זיך די נײַע ריכטונג צום ערשטן אַנטוויקלט. באַלזאַק, פלאָבער און זאָלאַ האָבן געשאַפן דעם נאַטוראַליסטישן ראָמאַן און דיפרע, מיאיע, קורבע און אַנדערע האָבן דעם רעאַליזם אײַנגעפירט אין דער מאָלערײַ. די פאַר־טרעטער פון דער נײַער קונסט־ריכטונג זײַנען צו ערשט ביטער אַטאַקירט געוואָרן, אָבער גראָד אין די דאָזיקע קאַמפן האָבן זייערע אידייען געפונען די בעסטע גע־לעגנהייט זיך צו מאַניפעסטירן אין אַלע זייערע פאַרשיידענע פאָרמען און דורכ־צומאַכן זייער קינסטלערישע אַנטוויקלונג.

די נאַטוראַליסטישע און רעאַליסטישע ריכטונג האָט באַלד געפונען צאָלרײַכע אָנהענגער אויף אַלע געביטן פון דער קונסט און אין אַלע לענדער. דער קינסטלער האָט פאַרגעשטעלט די דערשײַנונגען פון לעבן, אַזוי ווי ער האָט זייווירקלעך געזען, נישט קוקנדיק צי דער אײַנדרוק וועט זײַן גוט אָדער שלעכט, שיין אָדער העסלעך. די נאַטוראַליסטן האָבן אַראָפּגעצויגן יעדן אידעאַליסטישע שלייער פון די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, פון די מענטשן און זייערע האַנדלונגען. זיי האָבן געזען דעם שטענ־דיקן קאַמף פון די מאַסן פאַר דער באַפרידיקונג פון די מאַטעריעלע באַדערפענישן,

און דאָס איז געווען די סיבה פאַר וואָס זיי האָבן זיך הויפּטזאַכלעך באַשעפטיקט מיט דער מאַטעריעלער זײַט פון לעבן. דער קרעמער־גײַסט פון דער בורזשואַזיע, דער עגאָיסטישער ברוטאַלער כאַראַקטער פון דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם, וועלכער זעט אין דער פאַרגרעסערונג פון די מאַטעריעלע רײַכטימער דעם איינציקן לעבנסצוועק, און פון דער צווייטער זײַט דער הונגער־געשריי פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, דער געשריי נאָך ברויט, וועלכער פילט אָן די גאַנצע וועלט — אָט דאָס זײַנען געווען די קוואַלן פון וואַנען דער נאַטוראַליזם האָט געשעפּט. מען האָט די נאַטוראַליסטן אָפּט מאָל פאַרגעוואָרפן, אַז זיי האָבן זיך צו ווייניק אָדער גאָר נישט באַשעפטיקט מיט די פּסיכאָלאָגישע מאָטיוון פונעם מענטשלעכן לעבן. ביז צו אַ געוויסן גראַד איז דאָס ריכטיק, ווײַל די באַזע פון דער נאַטוראַליסטישער קונסט איז די סאָציאָלאָגיע און נישט די פּסיכאָלאָגיע. דער נאַטוראַליסטישער קינסטלער באַשעפטיקט זיך הויפּטזאַכלעך מיט די סאָציאַלע דערשײַנונגען פון לעבן און אַפילו דעמאָלט, ווען ער באַשעפטיקט זיך שוין יאָ מיט די אינדיווידועלע געפילן און עמפּינדונגען, מיט דעם זעלישן צושטאַנד פון אַ באַשטימטן מענטשן, איז זײַן שטאַנדפּונקט אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער שטאַנדפּונקט, ד״ה, די פּסיכאָלאָגישע אייגנטימלעכקייטן, וועלכע ער שטעלט אונדז פאַר, זײַנען מער די פּסיכאָלאָגישע אינסטינקטן און שטרעבונגען פון אַ גאַנצן קלאַס ווי פון אַ באַשטימטן אינדיווידו. אָט די קלאַסן־פּסיכאָלאָגיע האָט געפונען אַ וווּנדערבאַרן אויסדרוק אין זאָלאַס ראָמאַן־סעריע די „רוגאָן מאַקאַר" און אין איבסענס „שטיצן פון דער געזעלשאַפט" און אייניקע אַנדערע פון זײַנע סאָציאַל־קריטישע דראַמען. דאָס איז אויך די סיבה פאַר וואָס מיר געפינען אין דער נאַטוראַליסטישער ליטעראַטור און קונסט אַ געוויסן דעמאָקראַטישן כאַראַקטער — איך מיין נישט דעמאָקראַטיש אין אַ פּאָליטישן זין — און דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך, ווײַל ווען מען באַטראַכט דעם מענטשן כמעט אויסשליסלעך ווי אַ סאָציאַל וועזן, בלײַבט ווייניק פּלאַץ פאַר אינדיווידואַליסטישע טענדענצן און שטרעבונגען. די גרויסע באַדײַטונג פון דעם נאַטוראַליזם ליגט הויפּטזאַכלעך אין זײַן צעשטערנדיקער קראַפט, וועלכע האָט פאַרניכטעט די אַלטע פאָרמען און טראַדיציעס און געשאַפן טויזנטער נײַע פּראָבלעמען און באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ נײַער קונסט.

דער נאַטוראַליזם איז אייגנטלעך נאָר געווען אַן איבערגאַנג־עפּאָכע, אַ בריק וועלכע האָט אונדז אַריבערגעפירט אין אַ נײַעם לאַנד. אָבער נאָך דעם ווי ער האָט דערפילט אָט־די אויפגאַבע, האָבן זיך לאָגישערווײַז געמוזט אַנטוויקלען נײַע פאַרמען אין דער קונסט, וועלכע זײַנען אין זייער אויסערלעכער טעכניק און זייער אינהאַלט געלײַטערט געוואָרן דורך דער נאַטוראַליסטישער קריטיק. צו ערשט האָט זיך אויפגעהויבן אַן אָפּאָזיציע קעגן די דעמאָקראַטישע טענדענצן פון דער נאַטוראַליסטישער קונסט. דער יחיד האָט געפאָדערט זײַנע רעכטן און געפּרוווט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון דער אַלגעמיינקייט. אַ נײַע ריכטונג האָט זיך אַנטוויקלט, וועלכע האָט געפונען אַ מעכטיקן אויסדרוק אין ניטשעס „כה אמר סאַראַטוסטראַ" 1) און אין די שפּעטערע דראַמען פון העגריק איבסען. מען האָט ווידער אָנגעהויבן זיך צו פאַראינטערעסירן מיט די אינערלעכע געפילן און עמפּינדונגען פון דעם

1) אַזוי אין אָריגינאַל

איינצלנעם מענטשן. דער פּלאַץ פון די סאָציאָלאָגישע דערשיינונגען אין ביסלעכווייז פאַרנומען געוואָרן פון די פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען. די סימבאָליקערס, די נייַ־ראָמאַנטיקערס די מיסטיקערס און פיל אַנדערע מאָדערנע שולן האָבן געזוכט און געפונען אַן אויסדרוק פאַר זייערע אידייען און שטרעבונגען אין דער מוזיק, מאָלערײַ און ליטעראַטור. די מענטשלעכע נשמה מיט אירע טיפע רעטענישן און אירע סודותדיקע שטימונגען איז ווידער געוואָרן דער אויסגאַנג־פּונקט פון אַ נייַער קונסט, וועלכע האָט געשאַפן אַ גאַנץ נייַעם האָריזאָנט פאַר דער זעלישער אַנטוויקלונג פונעם מענטשן.

איינער פון די באַדײַטנדיקסטע און טיפסטע פאַרטרעטערס פון אָט־די נייַע ריכטונגען איז דער בעלגיער מאָריס מעטערלינק. מעטערלינק איז איינע פון די אָרי־גינעלסטע פּערזענלעכקייטן אין דער מאָדערנער ליטעראַטור. זײַנע וועגן זײַנען איינזאַם, ער שטייט ווײַט, ווײַט פון דעם רוישנדיקן לעבן פון דער צײַט. אין דער ליטעראַטור איז ער אַן איינציקער אין זײַנע אָנשויונגען, זײַנע אינסטינקטיווע שטרע־בונגען געפינען נאָר נאָך אַ געוויסע ענלעכקייט אין טייל בילדער און צייכענונגען פון סאַשאַ שנײַדער און אין די טיפע כישופדיקע מעלאָדיעס פון שאָפּענס מוזיק. דאָס גרויסע וואָרט פון דעם האָלענדער מולטאַטולי: „עס איז פאַראַן נאָך אַ זעקס־טער וועלט־טייל, וועלכער איז נאָך ביז איצט נישט אַנטדעקט געוואָרן און דאָס איז דער מענטש!“ האָט אין מעטערלינקס קונסט געפונען אַ לעבעדיקן און באַוווסט־זיניקן אויסדרוק. ער איז איינער פון די וויניקע, וועלכע גלייבן נאָך אין נסים אין אונדזער ראַציאָנאַליסטישער צײַט, אָבער ער זוכט די וווּנדער נישט אויסער דעם מענטשן, נײַערט אין דער טיפקייט פון דעם אייגענעם איך, אין דעם טיפסטן אָפּגרונט פון דער מענטשלעכער נשמה. פאַר מעטערלינקן האָבן די אויסערלעכע דערשײַנונ־גען פון מענטשלעכן לעבן קיין גרויסן ווערט נישט, ווײַל זיי זײַנען נישט מער ווי די רעזולטאַטן פון אינערלעכע פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסן, די בילדער וועלכע שפּיגלען זיך אָפּ אין דעם טיפן שפּיגל פון דער מענטשלעכער נשמה.

עס איז פאַראַן אַן אַלטע לעגענדע, וועלכע דערציילט אונדז פון אַ זינגער פאַר וועלכן די מוזיק איז געווען דער העכסטער אידעאַל. זײַנע לידער האָבן געווירקט אויף די מידע נשמות ווי אַ קאָסטלעכער באַלזאַם. דערוואַקסענע מענטשן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין קליינע קינדער הערנדיק די געטלעכע טענער, וועלכע האָבן גע־ווײנט און געלאַכט אין טויזנטער פאַרשיידענע מעלאָדיעס. ווען זײַנע פינגער האָבן באַרירט די סטרונעס פון זײַן האַרפּע, זײַנען פאַרשוווּנדן געוואָרן אַלע לײַדן און ווייטיקן פון דעם אַלטעגלעכן לעבן, אַלע ברוטאַלע לײַדנשאַפטן, יעדער געדאַנק פון פאַרברעכן, באַשטראָפונג און פאַראַנטוואָרטלעכקייט און די נשמה האָט זיך געוויגט ווי אַ שיפל אויף די כוואַליעס פון אַ טיפן אומבאַקאַנטן ים. אָבער אַ גרויזאַמער טיראַן מיט אַ פאַרשטיינערט האַרץ האָט דעם געטלעכן זינגער געלאָזט דער־מאָרדן דערפאַר ווײַל ער האָט פאַרהאַסט זײַנע לידער און די כישופדיקע טענער פון זײַן האַרפּע. די געטלעכע לידער זײַנען דערטרונקען געוואָרן אין דעם האַרצס בלוט פון דעם איידעלן זינגער; אָבער איידער דער טויט האָט אים אויף אייביק צוגע־מאַכט די גרויסע שטראַלנדיקע קינדער־אויגן, האָט ער אַרײַנגעשלײַדערט זײַן האַרפּע אין אַ טיפן ים. אין גאַנצן לאַנד זײַנען אָפּגעשטאָרבן אַלע לידער, און נאַכט און פינצטערניש האָט דורכגענומען אַלע הערצער. טיף, טיף אויפן אָפּגרונט פון ים

ליגט די האַרפע, די סטרונעס אירע זיַינען פאַרראָסטעט געוואָרן, אָבער איבערריַיסן וועלן זיי זיך קיין מאָל נישט. און עס וועט קומען אַ ציַיט, ווען אַן אומגעזעענע האַנט וועט באַרירן די סטרונעס פון דער האַרפע און דעמאָלט וועט עס קלינגען דורך אַלע ימים אויף דער ערד, אין די הערצער פון די מענטשן. און די פינצטערניש וועט פאַרשווינדן און די מענטשן וועלן זיך ווידער אָנקוקן איינער דעם צווייטן מיט שטראַלנדיקע קינדער־אויגן, אויף זייערע ליפּן וועלן שוועבן געטלעכע לידער און מעלאָדיעס און אין יעדער נשמה וועט אויפגיין אַ ניַיע זון.

מעטערלינק קען די מענטשלעכע נשמה. ער ווייסט אַז אויף דעם טיפסטן אָפּגרונט פון יעדער מענטשלעכער נשמה ליגט אַ האַרפע. ביַי די מייסטע פון אונדז זיַינען די סטרונעס פאַרראָסטעט געוואָרן, פיל ווערן געבוירן און שטאַרבן און די סטרונעס האָבן קיין מאָל נישט געקלונגען. זיי האָבן זיך שטענדיק באַוועגט אין דעם געררויש פונעם עפנטלעכן לעבן. זייערע אויגן האָבן נאָר געזען די אויסער־לעכע פאָרמען פון די דערשיַינונגען, אָבער זיי האָבן קיין מאָל נישט מאַגריפן דעם טיפן הינטערגרונט און די רעטענישן פון לעבן. אין מעטערלינקס שריפטן געפינען מיר די אומגעזעענע האַנט, וועלכע באַרירט די באַהאַלטענע סטרונעס אין אונדזערע הערצער. און מיר הערן דעם טיפן קלאַנג. אַ ניַיע אומבאַקאַנטע אינערלעכע וועלט עפנט זיך אויף פאַר אונדזערע גיַיסטיקע אויגן. מיר פילן דעם שטילן אָטעם פון דער אומענדלעכקייט, די נאָענטקייט פון דעם אייביקן שיקזאַל. וויַיל גראַד דער גורל, די אומבאַקאַנטע געהיימנישפולע מאַכט, וועלכע באַשטימט אַלע פאַזן פון אונדזער לעבן, זי איז דער אומגעזעענער צענטער, אַרום וועלכן עס באַוועגן זיך אַלע געדאַנ־קען און עמפּינדונגען פון דעם קינסטלער.

מעטערלינקס שריפטן דאַרף מען נישט לייענען ביַיטאָג, ווען דער גערויש פון דער גאַס דרינגט אַריַין אין אונדזער צימער, נאָר אין דער איינזאַמקייט פון דער נאַכט, ווען דער גערויש פון לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווען אַלץ איז שטיל און רויק, אַז מיר הערן נאָר דעם שטילן אָטעם פון דער וועלטס נשמה. אָט דעמאָלט וועלן מיר פילן די געהיימנישפולע מאַכט פון דעם קינסטלער, די ווערטער וועלן פאַרשווינדן פון אונדזערע אויגן און טיפע, ערנסטע געדאַנקען, באַהאַלטענע געפילן פון דער נשמה, וועלכע זיַינען באַגראָבן געוועזן אין אונדזערע הערצער, וועלן פּלוצ־לונג באַקומען פאָרעם און געשטאַלט; און די סטרונעס פון דער נשמה וועלן אָנהייבן צו קלינגען און געהיימנישפולע שטימען וועלן אונדז פרעגן: ווער ביסטו? פון וואַנען קומסטו? וווּהין גייסטו? ווי אַ זיסע טרויעריקע מוזיק ווירקן מעטערלינקס ווערטער אויף אונדזערע הערצער. יעדער גשמיותדיקער אינסטינקט איז אַזוי ווי אָפּגעשטאָרבן און אַ מאָדנע בענקעניש נעמט דורך אונדזער גאַנצן אינערלעכן איך. די ווערטער פון דעם קינסטלער קלינגען צו אונדז ווי פון אַן אָפּגרונט, וויַיט און טיף ווי די אייביקייט אַליין. מיר פילן פּלוצלונג אַז אונדזער גשמיותדיקער איך איז נאָר אַן אויסערלעכע דערשיַינונג, אַ מאַנטל פאַר די טיפסטע און באַהאַלטנסטע געפילן פון אונדזער נשמה. מיט וויניק ווערטער איז מעטערלינק אומשטאַנד אַרויס־צורופן געוואַלטיקע נשמהדיקע ווירקונגען, די זעלביקע וואָרט־פראַזן חזרן זיך איבער אָפט מאָל דריַי, פיר מאָל, שטיל... מאַנאָטאָן. און גראָד דערפאַר דרינגען זיי אַריַין אין אונדזערע הערצער ווי פיַיערדיקע טראָפּנס.

ווער עס וויל קענען אָט דעם דעמאָנישן אײַנפֿלוס פֿון דעם גרויסן בעלגיער, זאָל לייענען אין אַן אײנזאַמער שעה די קורצע דראַמאַטישע סקיצע "L'Intruse" (דער אומגעבעטענער גאַסט), איינע פֿון די גלענצנדיקע ווערק וועלכע מעטערלינק האָט געשריבן. עס איז די געוואַלטיקסטע סימבאָלישע פֿאַרשטעלונג פֿון דעם טויט, וועלכע איז ווען עס איז געשריבן געוואָרן. מעטערלינק באַשרײַבט נישט דעם טויט, ער גיט אונדז נישט איבער די לעצטע מאָמענטן פֿון אַ שטאַרבנדיקן, ניין, ער שטעלט אונדז פֿאַר דעם טויט ווי די רעטענישפֿולע, סודותדיקע מאַכט, ווי די אומגעזעענע האַנט פֿון דעם אייביקן גורל וואָס באַשטימט פֿאַר אַלע לעבעדיקע וועזנס דעם גרענעץ פֿון זייער דאַזײַן. יעדעס וואָרט, יעדער אות איז מאַרעכנט אַרויסצורופֿן דאָס געפֿיל פֿון שרעק און מורא אין די הערצער פֿון די לייענערס. אין אַ קליינעם צימער זיצט די גאַנצע פֿאַמיליע: דער פֿאָטער, די טעכטער, דער ברודער און דער בלינדער זיידע. אין דעם צווייטן צימער ליגט די טויט־קראַנקע קימפּעטאָרן און די הייליקע שוועסטער וואַכט מיט איר. אַלע דערוואַרטן מיט אומגעדולד די שוועגערן און דעם דאָקטער. די נאַכט איז שטיל, דאָס ליכט פֿון דער לבֿנה פֿאַלט אויף די שוואַרצע ציפּרעסן און שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם קליינעם טײַך דרויסן, אין גאָרטן. שוין אַ לאַנגע צײַט, אַז זיי זײַנען נישט מער אַזוי צוזאַמען געזעסן אין צימער. אָבער איצט איז אַלץ גוט, ווײַל דער דאָקטער האָט דערקלערט אַז די געפֿאַר איז אַריבער. נאָר דער בלינדער זיידע איז אומרויִק און טונקעלע אַנונגען פּײַניקן זײַן האַרץ. די אַנדערע רעדן שטיל איינע מיט די אַנדערע, אָבער דער בלינדער רײַסט זיי אָפּט איבער מיט זײַנע מוראדיקע פֿראַגן, וועלכע מאַכן אַ שרעקלעכן אײַנדרוק אויף דער קליינער געזעלשאַפֿט. מען זוכט אים אײַנצושטילן, אָבער זיי פֿילן אַליין אַז זייער מי איז אומזיסט. אין דרויסן זינגט דער נאַכטיגאַל זײַנע טרויעריקע לידער. אַלץ איז שטיל, קיין ווינטל רירט זיך נישט. אָבער פּלוצלונג הערט זיך אין דרויסן אַ מערקווירדיקער געראויש. די ביימער הייבן אָן צו ציטערן און דער נאַכטיגאַל איז פּלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן. דער בלינדער ווערט אומרויִק. מען הערט ווי עמעצער שליסט די טיר אין דרויסן. „ווער איז געקומען?“ פֿרעגט דער בלינדער און זײַן שטימע ציטערט. „מסתּמא די שוועגערן אָדער דער דאָקטער“. אָבער אויף די טרעפּ הערן זיך נישט קיין טריט. מען רופֿט די דינסט. זי דערקלערט, אַז זי אַליין האָט די טיר פֿאַרמאַכט. „ווער האָט זי געעפֿנט?“ קיינער ווייסט נישט. נאָר דער בלינדער פֿילט ווער עס איז געקומען. ער בעט אַז מען זאָל פֿאַרמאַכן די טיר פֿון שטוב. אָבער די טיר פֿאַרמאַכט זיך נישט. דער זיידע שרײַט, אַז עמעצער שטייט אין טיר. מען דערקלערט אים אַז קיינער איז נישטאָ. דער בלינדער פֿילט אַז עס זיצט אַ פֿרעמדער בײַם טיש. ער רופֿט אויס די נעמען פֿון אַלע אַנוועזנדיקע, אַלע ענטפֿערן אים. קיינער איז נישטאָ אויסער זיי. פּלוצלונג קלינגט דער אַלטער וואַנטזייגער צוועלף. דער לאָמפּ פֿאַרלעשט זיך. מען הערט אַ גערויש אין צימער, פּונקט ווי עס וואָלט זיך עמעצער אויפֿגעהויבן פֿון טיש און וואָלט אַרויסגעגאַנגען פֿון צימער. אין דעם מאָמענט עפֿנט זיך די טיר פֿונעם קראַנקנצימער און די הייליקע שוועסטער מעלדעט אַז די פֿרוי איז געשטאָרבן. אַלע לויפֿן אַרויס. „וווּהין גייט איר?“ שרײַט דער בלינדער מיט אַ ווילדער פֿאַרצווייפֿלונג. קיינער ענטפֿערט אים נישט און ער רופֿט אויס מיט ביטערקייט: „זיי האָבן מיך איבערגעלאָזן אַליין!“

אין אָט־דעם קליינעם שטיק איז דער טויט פֿאַרגעשטעלט געוואָרן מיט אַזאַ

שרעקלעכער מאַכט, אַז מיר פילן זײַן נאָענטקייט מיט אַ מוראדיקער דײַטלעכקייט. יעדער נערוו ווערט באַרירט. אונדזער אָרגאַניזם ווערט דורכגענומען פון אָט־דער פאַרשטעלונג. מיר פילן די אײַזקאַלטע האַנט פון דעם אומגעבעטענעם גאַסט, מיר זעען גאַנץ דײַטלעך זײַן שרעקלעכע געשטאַלט, ווי ער זיצט בײַם טיש צוזאַמען מיט די אַנדערע, הגם קיינער קען אים נישט זען. מיר פילן דאָס ציטערן פון די ביימער ווען ער קומט פּלוצלונג אַרײַן אין גאָרטן, ווי דאָס ליד פון דעם נאַכטיגאַל ווערט פּלוצלונג איבערגעריסן און ווי די בלעטער פון די רויזן פאַלן אַראָפּ אויף דער ערד טויט און פאַרוועלקט. אין דער זעלבער צײַט פילן מיר, אַז די פּערזאָנען וועלכע זיצן אין צימער מיט טונקעלע פּחדימדיקע געפילן און עמפּינדונגען, אַז זיי שפּילן אייגנטלעך גאָר קיין ראָלע נישט אין דעם גאַנצן שטיק, זיי זײַנען נישט מער ווי אויטאָמאַטישע פיגורן אין דער האַנט פון דעם אומפאַרמײַדלעכן גורל. די איינציקע פּערזאָן, וועלכע האַנדלט אין דעם שטיק, איז יענע געהיימנישפולע שטומע מאַכט, דער אומגעבעטענער גאַסט, וועלכער שטעלט אָפּ אַלע הערצער — דער טויט. „דער טויט איז די אײַנלײַטונג פון אונדזער לעבן און אונדזער לעבן האָט נישט קיין אַנדער ציל ווי דעם טויט!“ אָט־די פאַטאַליסטישע מיינונג, וועלכע מעטערלינק האָט אויסגעדריקט אין זײַן פילאָסאָפישן ווערק „Tresor des Humbles“ (דער אוצר פון די אָרעמע) האָט אין אָט־דער וווּנדערבאַרער דראַמאַטישער סקיצע געפונען אַ געוואַלטיקן פּלאַסטישן אויסדרוק. מיר פילן די קאַטאַסטראָפע שוין פון דער ווײַטן, מיר זעען ווי זי קומט נענטער טריט בײַ טריט, און דאָך ווירקט דער שלוס אויף אונדז ווי אַן אײַזקאַלטע האַנט, וועלכע לייגט זיך פּלוצלונג אַרויף אויף אונדזערע הערצער, כּדי צו פאַרלעשן דעם לעצטן פונק פון לעבן.

מאָריס מאָטערלינק איז דער פּאָעט פון טויט, ער האָט אים באַשריבן ווי קיינער פריִער און אין אַלע זײַנע ערשטע ווערק: אין „Aveugles“ (די בלינדע), „L'Interieur“, (אין דער היים), „La Mort de Tintagiles“ (דער טויט פון טענטאַזשיל), „Princesse Maleine“ (פּרינצעסן מאַלען) אא״וו שפּילט דער טויט און די מאַכט פון דעם אייביקן שיקזאַל די הויפּט־ראָלע.

וווּנדערלעך אין דער פאָרעם און אינהאַלט איז „די בלינדע“, איינע פון די טיפּסטע קליינע דראַמען, וועלכע מעטערלינק האָט געשריבן. אין אַ ווײַטן ים ליגט אַן אײַנזאַם אינדזל. קיינער וווינט נישט דאָרטן אויסער אַ געזעלשאַפט פון בלינדע מענער און פרויען אונטער דער פירונג פון אַן אַלטן פּריסטער, וועלכער איז דער איינציקער זעעוודיקער צווישן זיי. יאָרן לאַנג לעבן זיי אויף דעם אינדזל צווישן די ענגע מויערן פון אַ שפּיטאָל. טייל פון זיי זײַנען געבוירן געוואָרן בלינד. איניקע דערמאָנען זיך, אַז לאַנג, לאַנג צוריק האָבן זיי אַ מאָל געקענט זען. מען האָט זיי אַריבערגעבראַכט פון פאַרשיידענע לענדער און איצט לעבן זיי איינזאַם, בלינד, אין אייביקער פינצטערניש. ווען אין דרויסן איז אַ שיין וועטער נעמט זיי דער פּריסטער אָפּט מאָל אַרויס און פירט זיי שפּאַצירן. ער דערקלערט זיי דעם וועג, ער זאָגט זיי ווו עס געפינט זיך די קליינע בריק וועלכע פירט אַריבער דעם קליינעם טײַך, כּדי זיי זאָלן אומשטאַנד זײַן אַליין צו געפינען דעם וועג צוריק צום שפּיטאָל. אָבער זיי הערן זיך נישט צו צו זײַנע ווערטער, זיי פאַרלאָזן זיך אין גאַנצן אויף אים, ווײַל זיי ווייסן אַז ער איז דער איינציקער צווישן זיי וועלכער קען זען. אָבער דער פּריסטער ווערט עלטער און עלטער און ענדלעך קומט דער טאָג, ווען ער פילט די נאָענט־

קייט פון דעם אייביקן טויט. און צום לעצטן מאָל פירט ער די בלינדע אַרויס אויף דער פרײַער נאַטור. נאָך אַ מאָל דערקלערט ער זיי דעם וועג, אָבער זיי הערן אים נישט. זיי גייען אַריבער די קליינע בריק דורך דעם וואַלד ביז צום ברעג פון ים. דער ים איז שטיל און רויִק און די בלינדע ווייסן נישט ווו זיי זײַנען. ענדלעך שטעלט זיי דער פירער אָפּ און הייסט זיי זיך אַוועקזעצן. ער דערקלערט זיי, אַז ער וועט זיי פאַרלאָזן אויף אַ קורצער צײַט. אָבער ער גייט נישט אַוועק. ער זעצט זיך אַוועק אין מיטן פון זיי און שטאַרבט. אַ טויטער צווישן בלינדע! און די צײַט פאַרגייט. די בלינדע ווערן אומגעדולדיק, זיי פאַרברענגען די צײַט מיט קליינלעכע געשפּרעכן און פאָרוואורפן קעגן דעם פּריסטער פאַר וואָס ער האָט זיי אַוועקגעפירט פון דער היים און האָט זיי איבערגעלאָזט אין אַן אומבאַקאַנטער וועלט. עס ווערט קאַלט. מערקווירדיקע גערוישן הערן זיך און שרעקן זיי, זיי ווייסן נישט צי עס איז טאָג אָדער נאַכט. זיי ווילן זיך נענטער צורוקן איינע צו די אַנדערע, אָבער יעדער פון זיי איז אַרומגערינגלט פון שפּיציקע דערנער און שאַרפע שטיינער און דערפאַר בלײַבן זיי ווײַטער זיצן ווו זיי זײַנען. פּלוצלונג דערהערן זיי טריט. איז עס דער פּריסטער? ניין, עס איז נאָר דער הונט פון שפּיטאָל, וועלכער האָט זיי אויפגעזוכט. אַלע זײַנען צופרידן. אָט דער הונט וועט זיי פירן צוריק אַ היים. אָבער דער הונט שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ און גייט נישט ווײַטער. איין בלינדער טאַפּט מיט די הענט אויף אויסצוגעפינען די סיבה. זײַנע פינגער באַרירן פּלוצלונג דאָס אײַזקאַלטע פּנים פון אַ טויטן. „אַ טויטער צווישן אונדז!" — שרײַט ער מיט אַ שרעקלעכער שטימע. „אַ טויטער! אַ טויטער! ווער איז פון אונדז פּלוצלינג געשטאָרבן?" שרײַען די בלינדע מיט אַ ווילדער פאַרצווייפלונג. זיי רופן אויס זייערע נעמען. אַלע זײַנען דאָ, קיינער איז נישט געשטאָרבן, און פּלוצלונג באַגרײַפן זיי ווער עס איז געשטאָרבן... איצט פילן זיי אַז זיי זײַנען פאַרלוירן. דער פּריסטער איז טויט, די בלינדע מוזן שטאַרבן. עס ווערט קעלטער און קעלטער. אַ ווילדער שטורעם צעברעכט די צווייגן פון די ביימער און די כוואַליעס פון ים רוישן און קאָכן מיט אַ לײַדנשאַפטלעכער דעמאָנישער קראַפט. פּלוצלונג דערהערן זיי ווידער טריט, גאַנץ נאָענט, זיי קומען נענטער און נענטער און מיט אַ מאָל איז עס שטיל... אַ פרעמדער שטייט צווישן זיי... דער טויט. „ווער ביסטו? האָב רחמנות!" מיט אָט דעם שרעקלעכן אויסגעשריי ענדיקט זיך דאָס שטיק. דער פאָרהאַנג פאַלט. די כוואַליעס פון ים פאַרשלינגען זייערע קרבנות און דאָס איינזאַמע אינדזל ליגט אין ווײַטן ים, טויט, קאַלט און מוראדיק...

די ווירקונג פון אָט־דעם שטיק איז אַ געוואַלטיקע. מיר ווייסן נישט וואָס מיר זאָלן באַוווּנדערן מער — די אַלעגאָרישע פאָרשטעלונג אָדער די טעכנישע פאָרעם. ווײַל אָט־די בלינדע זײַנען אַלטע גוטע באַקאַנטע אונדזערע. מיר באַגעגענען זיך מיט זיי יעדן טאָג און מיר אַליין געהערן צו זיי, נאָר מיר ווייסן עס נישט. אונדזער גאַנץ לעבן איז אויך נישט מער ווי אַן איינזאַם אינדזל אין אַ ווײַטן ים, אַרומגערינגלט פון די כוואַליעס פון אַן אומבאַקאַנטן גורל. מיר זײַנען בלינד פאַר די טיפסטע און אינערלעכסטע פּאַסירונגען, וועלכע שפּילן זיך אָפּ אויף דעם טיפסטן אָפּגרונט פון אונדזערע נשמות. און נישט נאָר בלינד, אויך טויב זײַנען מיר און דערפאַר הערן מיר נישט די קולות פון אונדזער אינערלעכן לעבן... דייער ווייניק פון אונדז די סודותדיקע שטימע, וועלכע רעדט טייל מאָל צו אונדז אין די שטילע שעהן פון דער איינזאַמקייט. „איז עס נישט מערקווירדיק, אַז מיר

לעבן שוין צוזאַמען יאָרן און יאָרן און קיינער פון אונדז האָט נישט געזען דעם צווייטן?" — פרעגט איינער פון די בלינדע זײַנע לײַדנס־חברים. אָבער דאָס זעלבע איז אויך דער פאַל מיט אונדז. אויך מיר זײַנען פרעמד איינער צום אַנדערן, מיר זעען נאָר די מאַסקעס, אָבער די פנימער בלײַבן אונדז אומבאַקאַנט. און ווען מיר ווילן זיך בעסער באַקענען איינער מיטן צווייטן, דעמאָלט פילן מיר אומעטום די שפּיציקע דערנער און שאַרפע שטיינער, וועלכע שיידן אונדז אָפּ איינע פון די אַנ־דערע. מיר באַגרײַפן נישט די נשמה פון דעם צווייטן דערפאַר וואָס מיר באַגרײַפן נישט אונדזער אייגענע נשמה. מיר זעען נאָר די אויסערלעכקייטן פון לעבן. דערפאַר הערן מיר נישט די שטימע פון דעם געהיימנישפולן פריסטער וועלכער רופט אונדז צו: דאָרטן איז דער וועג, דאָרטן איז די בריק, וועלכע פאַרבינדט דיך מיט דער אייביקייט. פאַרגעס נישט דעם וועג, כדי דו זאָלסט זיך נישט פאַלירן אין דעם זומפּ פון דער אַלטעגלעכקייט! ווײַט, ווײַט פון דעם אינדזל עקסיסטירט אַ ווונדער־לעך לאַנד מיט הויכע בערג, הערלעכע בלומען און אייביקן זונשײַן. טייל פון די בלינדע האָבן עס געזען אין טרוים, אָבער אין דעם גראָען לעבן פון דער אַלטעגלע־כער עקסיסטענץ האָבן זיך ווידער פאַרלוירן די הערלעכע פאַרבן און דער גע־היימנישפולער רוף: דאָרטן איז דער וועג! האָט נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין אונדזערע הערצער. דערפאַר מוזן מיר שטאַרבן. פאַר בלינדע עקסיסטירט נישט קיין זון, בלײַען נישט קיין רויזן, איז נישט פאַראַן קיין צוקונפט. מיר קענען נאָר שרײַען: „האָב רחמנות!" אָבער מיר באַזיצן נישט די אינערלעכע קראַפט צו דעראָ־בערן דאָס גאָלדענע ליכט פון דער זון.

אָבער עס וועט קומען אַ צײַט ווען אונדזערע טויטע נשמות וועלן אויפשטיין תחית המתים, דעמאָלט וועלן מיר ענדלעך אַראָפּוואַרפן פון זיך די מאַסקעס, וועלכע זײַנען שוין אַרײַנגעוואַקסן געוואָרן אין די פנימער, און די האַנט פון דעם דער־מאָרדעטן זינגער וועט באַרירן די סטרונעס אין אונדזערע הערצער און זיי וועלן קלינגען אין ווונדערלעכע אַקאָרדן, ווי הייליקע מעלאָדיעס אין אַ הייליקן טעמפּל און מיר וועלן אַלץ פאַרשטיין און אַלץ באַגרײַפן.

מאָריס מעטערלינק איז איינער פון די געציילטע, וועלכע האָבן באַגריפן דאָס גרויסע געהיימניש פון אונדזער עקסיסטענץ און זײַנע שריפטן זײַנען אַזוי צו זאָגן אַ שליסל, וואָס עפנט אונדז אויף די געהיימנישפולע טירן צו דעם צוויבער־לאַנד פון דער אייגענער נשמה.

1906

# הענריק איבסענס דראַמאַטישער עפּילאָג

אַ „דראַמאַטישער עפּילאָג", אַזוי האָט איבסען אַליין אָנגערופן זײַן לעצטע דראַמע: „ווען מיר טויטע דערוואַכן", און מיט רעכט, ווײַל עס איז נישט נאָר געווען דער אָפּשלוס פון זײַנע סאָציאַלע דראַמעס, נײַערט אין דער זעלבער צײַט אויך דער עפּילאָג פון זײַן אייגן לעבן. מיט אָט־דעם לעצטן ווערק האָט דער אַלטער קינסטלער זיך געזעגנט פון דער וועלט און פון לעבן און האָט פאַרבראַכט זײַנע לעצטע יאָרן אין אַ שטילער זעלבסט־פאַרגעסנקייט — אויך אַ טויטער, אָבער איינער פון די, וועלכע וועלן מער נישט אויפשטיין קיין תחית המתים.

„ווען מיר טויטע דערוואַכן" איז אייגנטלעך אַ טיפע סימבאָלישע פאָרשטעלונג פון דעם מענטשן, וועלכער האָט פאַרלוירן די אידעאַלן פון זײַן יוגנט און וועמענס נשמה עס איז אָפּגעשטאָרבן אין דעם ענגן קרײַז פון די אַלטעגלעכע באַדערפענישן. עס זײַנען לעבעדיקע טויטע, מיט וועלכע מיר באַגעגענען זיך; יעדער פון זיי איז געשטאָרבן אויף אַן אַנדער אופן. מיט טויטע הערצער און אָפּגעשטאָרבענע נשמות פאַרברענגען זיי דעם רעשט פון זייער לעבן ביז די האַנט פון אַ רעטענישפולן שיקזאַל וועקט זיי פּלוצלינג אויף צו אַ נײַ לעבן. אָבער דאָס שטיק אַנטהאַלט אויך אין דער זעלביקער צײַט אַ שטיק אויטאָביאָגראַפיע. אין אים שפּיגלט זיך אָפּ דער גרויסער קאַמף, וועלכן איבסען האָט געפירט אין פאַרלויף פון אַ האַלבן יאָרהונדערט און וועלכער ענדיקט זיך מיט דער ביטערער דערקענטעניש פון דעם טראַגישן קאָנפליקט צווישן קונסט און לעבן. דער קינסטלער שאַפט און שאַפט, כדי צו לעצט צו דערקענען אַז זײַן אידעאַל איז דאָך גאָר געווען די אַבסטראַקטע קונסט־פאָרעם און נישט דאָס לעבן מיט אַלע זײַנע אומענדלעכע פאַרשיידנקייטן און מיט זײַן אייביקער יוגנט.

אין אַלע דראַמען איבסענס פילן מיר, אַז דער קינסטלער שטייט העכער ווי די געשטאַלט און כאַראַקטערן, וועלכע ער שטעלט אונדז פאָר. ער איז אַ ריכטיקער מײַסטער, וועלכער באַהערשט דעם שטאָף און וועלכער לאָזט זיך נישט באַהערשן פון די קינדער פון זײַן פאַנטאַזיע. אָבער אין דעם סקולפּטאָר רובעק געפינען מיר אַ געוויסע ענלעכקייט מיט איבסענען אַליין, און געוויסע ביטערע קאַמפן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער נשמה פון דעם קינסטלער, האָבן געפונען אין רובעקס פיגור אַ פּלאַסטישן אויסדרוק.

אין דעם גאַנצן שטיק זײַנען פֿאַראַן נאָר פֿיר האַנדלענדיקע פּערזאָנען, פֿיר מענטשן מיט פֿאַרלוירענע נשמות, וועלכע דערוואַכן פּלוצלינג ווידער צו אַ נײַ לעבן: דאָס אַנדערע איז דעקאָראַציע.

דער סקולפּטאָר רובעק איז אַ יונגער קינסטלער, פֿול מיט שאַפֿונג־קראַפֿט און ליבע פֿאַר שיינקייט, אַ באַגײַסטערטער אַנהענגער פֿון דעם אַלט־גריכישן קונסט־אידעאַל, אַ מאָדערנער העלעניסט. זײַן גאַנצע נשמה איז דורכגעדרונגען פֿון אָט־דעם אידעאַל. ער טרוימט פֿון אַ נײַער מענטשלעכער עפּאָכע, פֿון דעם „דריטן רײַך", פֿון וועלכן דער גרויסער דראַמאַטיקער האָט אונדז שוין דערציילט אין זײַן ריזן־ווערק „קייזער און גאַליליייער". אין דער גרויסער לאַנגווײַליקער אַטמאָספֿערע פֿון אַ פּוסטן פּראָזאַישן לעבן וויל ער שאַפֿן אַ נײַעם אידעאַל, אַ נײַע נאַקעטע שיינקייט, וועלכע זאָל אויפֿוועקן די נשמה צו אַ נײַ לעבן. טאָג און נאַכט אַרבעט ער אויף זײַן ווערק. דער „טאָג פֿון דערוואַכונג" זאָל עס הייסן — אַ יונגער, וווּנדערבאַרער פֿרויען־קערפּער, אַ ווײַב אין שטראַלנדיקער נאַקעטער ריינקייט, „וועלכע איז נאָך נישט באַרירט געוואָרן פֿון די געשעענישן אין לעבן, וואַכט אויף פֿון דעם שלומער פֿון טויט צו ליכט און הערלעכקייט".

רובעק איז געווען אַזוי גליקלעך צו געפֿינען אַ מאָדעל פֿאַר זײַן קונסט־ווערק. אַ יונג אומבאַרירט ווײַב, שיין און ריין, די לעבעדיקע פֿאַרקערפּערונג פֿון דעם אידעאַל אַליין, ווײַזט דעם קינסטלער איר געטלעך־שיינעם קערפּער און העלפֿט אים אויספֿירן זײַן ווערק. און די שאַפֿנדיקע האַנט פֿון דעם קינסטלער פֿאַרוואַנדלט דעם קאַלטן ווײַסן מאַרמאָר־שטיין און גיט אים מענטשלעך־פּלאַסטישע פֿאָרמען. מיט יעדן טאָג אַרבעט זיך אויס אַלץ ריינער, אַלץ שענער דער אידעאַל פֿון דעם קינסטלער; די מענטשלעכע האַנט באַזיגט דעם טויטן שטיין, און דעם סקולפּטאָרס נשמה זוכט און געפֿינט אַ פּלאַץ אין דעם ווערק פֿון זײַן פֿאַנטאַזיע.

אָבער דאָס מאַרמאָר־בילד, וואָס איז דער שטאָלץ פֿון דעם יונגן קינסטלער, ווערט אין דער זעלביקער צײַט די סיבה פֿון זײַן אומגליק. דער „טאָג פֿון דערוואַכן" איז דער טויט פֿון זײַן אייגענע נשמה און טויט אויך פֿון אירענען, זײַן מאָדעל. ווײַל אין דער זעלביקער צײַט, ווען דער קינסטלער באַאַרבעט דעם האַרטן שטיין, שפּילט זיך אָפּ אַ טראַגישער קאַמף אין דער נשמה פֿון די ביידע יונגע מענטשן. אין אירענען אַנטוויקלט זיך די ליבע צו דעם מאַן און אָפּט מאָל, ווען זי שטייט אין דער גאַנצער שטראַלנדיקער און ריינער שיינקייט פֿון איר יונגן, נאַקעטן קערפּער פֿאַר זײַנע אויגן, ווערט איר האַרץ דורכגענומען פֿון אַ ברענענדיקער לײַדנשאַפֿט, וועלכע קאָנצענטרירט זיך אין דעם אינערלעכן פֿאַרלאַנג זיך קערפּערלעך צו פֿאַראייניקן מיט דעם קינסטלער. און דער זעלביקער אינערלעכער קאַמף שפּילט זיך אויך אָפּ אין דער נשמה פֿון דעם סקולפּטאָר. אויך ער פֿילט אַ קערפּערלעכן פֿאַרלאַנג צו אירענען, אָבער ער האָט מורא, אַז זײַן קינסטלערישע שאַפֿונג־קראַפֿט וועט געבראָכן ווערן, ווען זי וועט מער נישט שטיין פֿאַר אים ריין און אומבאַרירט, און צו לעצט באַזיגט דער עגאָיִזם פֿון דעם קינסטלער די נאַטירלעכע פֿאָדערונג פֿון דעם מענטשן. רובעק ברענגט אַ קרבן דאָס לעבן פֿאַר דער קונסט, פֿאַר דעם קאַלטן אידעאַל, וואָס זײַן האַנט האָט אויסגעאַרבעט פֿון דעם קאַלטן מאַרמאָר.

און ענדלעך איז דאָס ווערק פֿאַרטיק. אויף אַ קליינעם פֿונדאַמענט הייבט זיך אויף אין געטלעכער נאַקעטקייט דער הערלעכער קערפּער פֿון דעם יונגן ווײַב, די

פאַרקערפּערונג פון ריינקייט און לעבנס־פרייד. רובעק איז אַנטציקט פון זײַן ווערק, אָבער ער פאַרגעסט אויך איצט דאָס ווײַב, וואָס שטרעבט צו דעם מאַן מיט דער גאַנצער זינלעכער לײַדנשאַפט פון דער ערשטער ליבע. ענדלעך באַגרײַפט זי, אַז איר נאַקעטע שיינקייט איז נישט מער געווען ווי אַן עפּיזאָד פאַר דעם קינסטלער, זי האָט נאָר באַגײַסטערט דעם סקולפּטאָר אָבער נישט אָנגערירט דעם מאַן, און זי פאַרשווינדט פלוצלונג און קיינער ווייסט נישט וווהין זי איז אַוועק.

אין אָט־דעם אויגנבליק איז רובעק געשטאָרבן, גײַסטיק און זעליש געשטאָרבן, ווײַל ער האָט פאַרלוירן זײַן אידעאַל. אָבער אויך אירענע איז טויט, איר נשמה איז געשטאָרבן און איר גײַסט איז טונקל געוואָרן. אָבער איין זאַך האָט זי באַגריפן, אַז רובעקס שאַפונג־קראַפט וועט געבראָכן ווערן, ווען זי וועט אים פאַרלאָזן, און זי איז זיכער אַז ער וועט שוין מער נישט שאַפן קיין ווערק ווי דער „טאָג פון דער־וואַכונג״, וועלכער איז פאַר זיי ביידע געוואָרן דער טאָג פון שטאַרבן.

רובעק קוק איצט מיט גאַנץ אַנדערע אויגן אויפן לעבן. ער זעט אומעטום די העסלעכע און גרויזאַמע זײַטן פון דער גרויסער טראַגעדיע פון דער מענטשהייט, און ביסלעכווײַז פאַרלירט ער אַפילו דעם ריינעם געשמאַק פאַר זײַן גרויס ווערק. עס באַפרידיקט אים נישט מער אין גאַנצן און ער זוכט עס צו קאָרעגירן, צו פאַר־בעסערן. צו ערשט מאַכט ער דעם פונדאַמענט גרעסער און ברייטער, כדי צו געפי־נען פלאַץ פאַר נײַע גרופּן פון מענטשן אַזוי ווי ער זעט זיי אין לעבן. דאָס הערלעכע ווײַב, וועלכעס איז פריִער געשטאַנען אין שטאָלצער איינזאַמקייט אין רעכטן מיטן, פאַרשווינדט כּסדר מער אין הינטערגרונט און אויך דער גלאַנץ פון פרייד און לעבנס־לוסט פאַרשווינדט ביסלעכווײַז פון דעם מאַרמאָר־געזיכט דורך דער קאָרעגירנ־דיקער האַנט פון דעם סקולפּטאָר. אין פאָדערגרונט פון דעם קונסט־ווערק אַנט־שטייען כּסדר נײַע גרופּן פון מאָדנע, געהיימנישפולע באַשעפענישן. זיי זעען אויס ווי מענטשן — מענער און פרויען — אָבער פון יעדן פּנים קוקט אַרויס די חיה. דער גאַנצער אינערלעכער האָס, די פאַרצווייפלונג איבערן פאַרלוירענעם לעבן פון דעם קינסטלער דריקט זיך אויס אין אָט־די געשטאַלטן. רובעק פילט אַז זײַן נשמה איז טויט און ער גלייבט אַז ער קען זי ווידער אויפוועקן מיט די ביטערע סאַטירישע געפילן, וועלכע באַשעפטיקן איצט זײַן שאַפונגס־קראַפט ווי אַ קינסטלער. ער שטעלט די מענטשן פאַר אַזוי ווי ער זעט זיי אין דערווירקלעכקייט. די פּנימער זײַנען מער נישט ווי דינע מאַסקעס, הינטער וועלכע עס ליגט באַהאַלטן דער חיהשער אויסדרוק.

אין אָט־דער באַציִונג דערמאַנט אונדז איבסען אין דעם גרויסן שפּאַנישן מאָלער פראַנסיסקאָ גאָיאַ, אפשר די שרעקלעכסטע און דעמאָנישסטע פיגור אין דער גאַנצער אייראָפּעיִשער קונסט, אַ ריכטיקער זון פונעם שטן.

אויך גאָיאַ האָט געשטעמפּלט זײַנע צײַט־גענאָסן און אַלע אירע אינסטיטו־ציעס און מאָראַלישע אָנשויונגען אויף אַ שרעקלעכן אופן. זײַן טויטלעכער שפּאָט און זײַן בײַסיקע, אײַזקאַלטע פאַראַכטונג זײַנען דירעקט געבוירן געוואָרן אין גיהנום. ער האָט געמאָלט די קעניגלעכע פאַמיליע אין שפּאַניע, אָבער נאָך קיין מאָל איז די „קעניגלעכע מאַיעסטעט״ נישט אַזוי שרעקלעך באַליידיקט געוואָרן ווי דורך דער טײַוולשער פאַנטאַזיע פון אָט־דעם מאַן. ער האָט דעם קעניג פאַרגעשטעלט ווי אַן אידיאָט, די קעניגין מיט דער גאַנצער געמיינקייט פון אַ געוויינלעכער גאַסן־פרוי, דעם קרוינפּרינץ מיט דעם חיהשן אויסזען פון אַ קצב אא״וו. און די אַזוי גערופענע

קונסט־קריטיקערס פון יענער צײַט האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם טײַוולשן שפּאַס און די דעמאָנישע פאַראַכטונג, וועלכע האָט זיך מאַניפעסטירט אין אַט־די בילדער פון דעם שפּאַנישן מיקעל אַנדזשעלאָ.

רובעק איז געגאַנגען אויף דעם זעלביקן וועג און זײַנע דערקלערונגען זײַנען אייגנטלעך אַ ווידוי פון דעם דיכטער אַליין, ווײַל פיל פון איבסענס געשטאַלטן ווירקן אויף אונדז ענלעך ווי גאָיאַס בילדער. אָבער אַט־די ביטערע איראָניע, דער דאָזיקער בײַסיקער שפּאַס זײַנען אייגנטלעך נישט אַנדערש ווי אַן אויסדרוק פון טיפע אינערלעכע לײַדן, וועלכע שפּילן זיך אָפּ אין דעם האַרץ פונעם קינסטלער. רובעק דערקלערט דאָס אַליין זייער דײַטלעך, ווען ער באַשרײַבט שפּעטער אירענען די פאַרענדערונג פון זײַן קונסט־ווערק: „אָבער הער נאָר, ווי אַזוי איך האָב זיך אַליין פאַרגעשטעלט אין דער גרופּע. בײַם קוואַל זיצט אַ מידער מאַן, וועלכער פילט זיך שולדיק און קען זיך נישט אָפּרײַסן פון דער ערד. ער פאַרקערפּערט אין זיך דעם טרויער איבער אַ פאַרלוירן לעבן. זײַנע פינגער שטעקט ער אין דעם פרישן וואַסער, כדי זיי צו רייניקן, אָבער זײַן פּנים פאַרקרימט זיך בײַ דעם געדאַנק, אַז עס וועט אים קיין מאָל נישט געלינגען. קיין מאָל וועט ער זיך נישט באַפרײַען און אויפשטיין פון דער ערד. כסדר און אייביק וועט ער זיצן אין זײַן גהינום“.

רובעק ווערט רײַך און באַרימט אָבער ער ווערט אויך עלטער, און ענדלעך זוכט ער זיך אַ פרוי, כדי צו געבן זײַן לעבן מער אינהאַלט. אָבער מאַיאַ, דאָס פרישע, לעבנס־לוסטיקע ווײַב, האָט גאַנץ אַנדערע פאַרשטעלונגען פון דער עקסיס־טענץ, זי באַגרײַפט נישט דעם קינסטלער און זי פילט אינסטינקטיוו די גרענעץ וועלכע טיילט זי אָפּ פון דעם מאַן, אוןביידע פירן אַ לאַנגווײַליק פוסט לעבן. צוליב דער פאַרבינדונג מיט רובעקן שטאַרבט אויך מאַיאַ. אַלע אירע נאַטירלעכע געפילן און עמפּינדונגען ווערן געטויט אין די אײַזערנע פאַרמען פון אַ צוזאַמענ־לעבן, אין וועלכן עס עקסיסטירט נישט קיין שפּור פון לעבעדיקער ליבעס־קראַפט. רובעק איז נישט צופרידן פון מאַיאַן, אָבער ער באַגרײַפט נישט אַז אויך זי האָט נישט קיין סיבה צו זײַן צופרידן, ווײַל די אומגליקלעכע פאַראייביקונג האָט געטויט אין איר אַלע לעבעדיקע באַדערפעניש.

כדי צו געפינען אַ קליינע ענדערונג אין זײַן מאָנאָטאָן לעבן, באַשליסט רובעק צו פאַרברענגען עטלעכע חדשים אין זײַן אַלטער היים צוזאַמען מיט מאַיאַן. אָבער די היים איז פאַר אים נישט מער די זעלבע. רובעק באַטראַכט אַלצדינג מיט אַנדערע אויגן, און דערפאַר דערשײַנט אים אַלץ אַנדערש ווי אַמאָל. אין אַן אָנשטענדיקן האָטעל בײַם ברעג ים באַשליסן ביידע צו פאַרבלײַבן אַ קורצע צײַט און דאָרטן איז פאַר ביידע דאָס אָרט, וווּ זיי זאָלן ווידער אויפשטיין תחית המתים. מאַיאַ באַקענט זיך דאָרט מיט דעם גוטבאַזיצער אולפהיים, אַ ווילדער, לײַדנשאַפטלעכער יעגער, פול מיט קראַפט און מענלעכער ענערגיע, אָבער אין דער זעלבער צײַט שווער און פרימיטיוו אין זײַן אויסערלעכער באַנעמונג, וועלכער פאַרברענגט זײַן צײַט צום ליבסטן אויף יאַגד. דער בערן־טויטער, רופט מען אים. און אַט דער נאָמען פּאַסט פאַר אים ווי קיין שום אַנדערער. אולפהיים מאַכט באַלד אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויף מאַיאַן. זײַנע ווילדע דערציילונגען פונעם לעבן אויף די בערג, די שטענדיקע קאַמפן מיט דער געפאַר און דער מערקווירדיקער אופן פון זײַן רעדן, וועלכער ווייסט נישט פון די כללים פון עטיקעטע און פון דער קאָנווענציאָנעלער העפלעכ־

קייט, דאָס אַלץ ווירקט אויף מאַיאַן ווי אַ פּרעמדע אומבאַקאַנטע מאַכט. מאַיאַ פילט אַז דאָס איז דער מאַן, וועלכער קען באַפרידיקן אירע אינערלעכע באַדערפענישן און זי אויפוועקן צו אַ נײַ לעבן. אָמער אויך דער „בערן־טויטער", וועלכער פאַראַכט די געוויינטלעכע מענטשן, אָט־די „האַלב־טויטע פליגן", ווי ער רופט זיי, אויך ער טראָגט אין זײַן נשמה עטוואָס טויטס, אַ געשטאָרבענע זאַך. עס איז כאַראַקטעריס־טיש פאַר דער נאַטור פון דעם ווילדן יעגער, ווען ער דערציילט מאַיאַן שפּעטער, הויך אויבן אויפן באַרג, ווען זי וויל נישט באַפרידיקן זײַן ווונטש, דאָס קליינע געהיימניש פון זײַן לעבן: „אַ מאָל האָב איך געפונען אַ יונג מיידל אין גאַס. איך האָב זי אויפגעהויבן און געטראָגן אויף די הענט. דאָס גאַנצע לעבן האָב איך זי געוואָלט טראָגן אַזוי, כדי אירע פיס זאָלן זיך נישט אָנשטויסן אין קיין שטיין — אירע שיך זײַנען איבערהויפּט זייער אויסגעטראָטן געווען, ווען איך האָב זי גע־פונען — פון דעם שמוץ האָב איך זי אויפגעהויבן און זי געטראָגן אַזוי פאָרזיכטיק ווי איך האָב נאָר געקענט. און ווייסט איר ווי זי האָט עס מיר געדאַנקט? הערנער האָט זי מיר אָרויפגעזעצט..." פון דעמאָלט אָן פאַראַכט אולפהיים די ווײַבער און זוכט נאָר באַקומען איין זאַך פון זיי, און דערפאַר איז ער אַזוי איבעררעאַשט געווען, ווען מאַיאַ האָט זיך אים נישט באַלד איבערגעגעבן.

אין דער זעלבער צײַט באַגעגנט זיך רובעק ווידער מיט אירענען, וועלכע לעבט אין דעם זעלביקן האָטעל ווי אַ שטילע משוגענע וואָס האָט זיך אײַנגערעדט, אַז זי איז געשטאָרבן, אין דער שטענדיקער באַגלייטונג פון דיאַקאָניסן. אירענע האָט פיל געליטן איידער זי איז אַראָפּ פון זינען. דער געדאַנק אַז זי האָט נאָר באַפרידיקט דעם קונסט־אידעאַל פון אַ מאַן, אָבער נישט געהאַט קיין אײַנפלוס אויף זײַן מענ־לעכקייט, האָט איר אַזוי שטאַרק געפּײַניקט, אַז זי האָט איר קערפּער אויסגעשטעלט פאַר דער גאַנצער וועלט, כדי צו מילדערן די אינערלעכע פאַרצווייפלונג, ביז זי איז צו לעצט משוגע געוואָרן. אין אָט דעם צושטאַנד געפינט זי רובעק צום צווייטן מאָל. ביידע דערקענען זיך באַלד. דער קינסטלער זעט דעם אידעאַל פון זײַן יוגנט, אָבער דער אידעאַל איז קראַנק געוואָרן אין פאַרלויף פון די יאָרן... און איצט באַגרײַפט אויך רובעק די סיבה פון זײַן גײַסטיקן טויט. ער פילט אַז מיט אירענעס פאַרשווינדן איז אין אים נישט נאָר געשטאָרבן דער קינסטלער, נאָר אויך דער מענטש. צום לעצטן מאָל מאַכט ער די פאַרצווייפלטסטע אָנשטרענגונגען אויף צו ברעכן די קייטן פון דער אייביקייט, די אײַזערנע מאַכט פונעם טויט. ער ענדיקט זײַנע באַציִונגען מיט מאַיאַן און ער וועקט איר דורך דעם צו אַ נײַ לעבן. און דעמאָלט וויל ער זיך ווידער אין גאַנצן פאַראייניקן מיט זײַן אידעאַל, כדי צו געפינען נײַע שאַפנדיקע כוחות. ער וויל זי אַרויפנעמען אויף דעם שפּיץ פון באַרג. דאָרטן, הויך אויבן, אין דעם גאָלדענעם גלאַנץ פון דער זון, זאָל זײַן דאָס בעט פון זייער ליבע.

„אַ זומער־נאַכט אויפן שפּיץ באַרג מיט דיר, אירענע! אַך, אירענע, אונדזער גאַנץ לעבן האָט געקענט זײַן אַזוי. און דאָס אַלץ האָבן פאַרלוירן מיר, מיר ביידע, דו און איך!" — אירענע: „דאָס וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אויף אייביק, וועלן מיר ערשט שפּעטער זען, ווען..." רובעק: „ווען —?" — אירענע: „ווען מיר טויטע וועלן דערוואַכן". — רובעק (שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ): „און וואָס וועלן מיר דעמאָלט אייגנטלעך זען?" — אירענע: „דעמאָלט וועלן מיר זען, אַז מיר האָבן איבערהויפּט קיין מאָל נישט געלעבט..."

אין דעם דריטן און לעצטן אַקט געפינען מיר רובעקן און אירענען אין די בערג. די טויטע זײַנען אויפגעשטאַנען תחית המתים און זוכן צו דערגרייכן דעם שפּיץ באַרג. אָבער אויך מאַיאַ און אולפהיים, דער בערן־טויטער, שטרעבן צו דעם זעלביקן ציל, הגם זייער צוועק איז אַן אַנדערער. און אויבן, אין די בערג, באַגעגענען זיך די פיר. שוואַרצע וואָלקנס ציִען זיך צוזאַמען און דער שטורעם הייבט אָן צו ברויזן. מאַיאַ און אולפהיים זוכן און געפינען דעם וועג צוריק צו דער ערד. רובעק און אירענע גייען ווײַטער טראָץ דער וואָרענונג פון אולפהיים און ווערן פאַרשאָטן פון אַ באַרג שניי. אונטן שטייט די שוואַרצע דיאַקאָניסן, די אַלטע וועלטאַנשויונג פון דער פאַרגאַנגענהייט און זאָגט איר "Pax vobiscum,, זעענדיק ווי דער קינסטלער און זײַן אידעאַל, וועלכע זײַנען ביידע אויפגעשטאַנען תחית המתים, ווערן פאַרשאָטן פון שניי.

אַ פּעסימיסטישער עפּילאָג און דאָך פילן מיר אין זיך אַ נײַע האָפענונג. „ווען מיר טויטע וועלן דערוואַכן!" קלינגט דאָס נישט ווי אַ שטימע פון אַ נײַער וועלט? ווען די טויטע אידעאַלן וועלן ענדלעך ווידער אויפשטיין תחית המתים אין אונדזערע הערצער און נשמות, וועלכע זײַנען געשטאָרבן אונטער דעם ברוטאַלן מאַטעריאַליזם פון אונדזער מאָדערנער קרעמערישער וועלט! ווען אונדזערע איידלסטע און ריינסטע געפילן און עמפינדונגען וועלן מער נישט דערשטיקט ווערן אונטער די שקלאַפן־קייטן פון דער טראַדיציע און ענדלעך פאַרלאָזן די פינצטערע קברים פון דער פאַרגאַנגענהייט! ווען מיר וועלן ענדלעך באַגרײַפן, אַז אונדזער נשמה איז הײַנט נישט מער ווי אַ שלאַכטפעלד, ווו מיר דערמאָרדן אַלע אידעאַלע שטרעבונגען, וועלכע בילדן דעם אייגנטלעכן אינהאַלט פון לעבן! ווען מיר וועלן ענדלעך פאַרלאָזן די אָרעמע הײַזלעך פון אַ טרויעריקער און טויטער קעגנוואַרט און וועלן פרוּוון אַרויפשטײַגן אויף דעם באַרג פון לעבן! ווען מיר וועלן ענדלעך באַזיגן אין אונדז די פינצטערניש פון טויט, כדי צו באַגריסן דאָס ליכט פון אַ נײַער אומבאַקאַנטער וועלט — דעמאָלט וועלן מיר טויטע דערוואַכן, דעמאָלט וועלן מיר ענדלעך געפינען דעם מוט אַרויסצופאָרן אויף דעם געהיימנישפולן ים פון דער צוקונפט, כדי צו אַנטדעקן דאָס „דריטע רײַך", פון וועלכן דער גרויסער נאָרוועגער האָט אונדז דערציילט.

אַך, ווי שיין, ווי הערלעך וועט דאָס זײַן, ווען די פינצטערע קברים וועלן זיך ענדלעך אויפמאַכן און די טויטע וועלן אַרויסשטײַגן פון דער ערד מיט נײַע הערצער און נײַע נשמות, ווי קינדער פון דער זעלביקער פאַמיליע — קינדער פון דער זון, קינדער פון לעבן.

1906

# סטאַניסלאַוו פּשיבישעווסקי

דער נאָמען פּשיבישעווסקי איז נישט קיין פּאָפּולערער, די מייסטע קענען אים איבערהויפּט נישט, און אייניקע פון די וועלכע האָבן אַפילו שוין יאָ געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען איינע פון זײַנע מערקווירדיקע שריפטן, זײַנען דערפון נישט קליגער געוואָרן, ווײַל אַ פרעמדע, אַ מוראדיקע וועלט האָט זיך פּלוצלונג אויפגעעפנט פאַר זייערע אויגן; אַ וועלט, ווײַט־ווײַט אַוועק פון די באַקוועמע און אויסגעטראָטענע וועגן, אויף וועלכע עס באַוועגן זיך אונדזערע אַלטעגלעכע געדאַנקען און פאָרשטעלונגען; און ווען זייער נײַגעריקייט האָט זיי אַפילו אַוועקגעפירט אויף אַ קליינער ווײַלע אויף איינעם פון די געהיימנישפולע, טונקעלע און ענגע וועגן, וועלכע פירן אין דער איינזאַמער וועלט פון דעם גרויסן פּוילישן קינסטלער, זײַנען זיי פּלוצלונג צוגעקומען צו אַ פאַרשלאָסענער טיר. די מוטיקסטע פון זיי האָבן אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר, אָבער קיינער האָט זיי נישט געענטפערט, און ווײַל זיי האָבן אַליין נישט געהאַט קיין שליסל צו עפענען, האָבן זיי זיך רויק ווידער צוריקגעקערט צו די ברייטע און באַקוועמע שאָסייען פון לעבן. און דאָך איז פּשיבישעווסקי איינער פון די אָריגינעלסטע און באַדײַטנדיקסטע שריפטשטעלער אין דער מאָדערנער ליטעראַטור, אַ פײַנפילנדיקער קינסטלער, וועלכער איז בעסער באַקאַנט מיט די טיפע און שרעקלעכע סודות פון דער מענטשלעכער נשמה ווי די מייסטע פון זײַנע צײַט־גענאָסן. אָבער ער קוקט אויף די גרויסע פּראָבלעמען פון לעבן מיט אַנדערע אויגן, ער פילט און דענקט אויף אַן אַנדער אופן און דערפאַר איז דער קרײַז פון זײַנע לעזער אַ קליינער און געקליבענער.

אין 1897 האָט דער באַקאַנטער קונסט־קריטיקער קאַרל נײַמאַן געשריבן אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג וועגן פּשיבישעווסקין אין דער „ווינער רונדשוי", וועלכע שטיצט זיך כמעט אין גאַנצן אויף אייניקע זייער אינטערעסאַנטע פּריוואַט־קאָרעספּאָנדענצן פון דעם קינסטלער. אין איינעם פון אָט־די בריוו דערקלערט פּשיבישעווסקי אַליין זײַן שטעלונג אין דער מאָדערנער ליטעראַטור מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

„איך האָב קיין מאָל נישט געשריבן קיין וואָרט, וועלכעס איז נישט דירעקט אַרויסגעוואַקסן פון דער נשמה פון מײַנע „העלדן". איך האָב מיר קיין מאָל נישט דערלויבט צו מאַכן פּערזענלעכע באַמערקונגען וועגן זיי. איך באַשרײַב זיי נישט,

נאָר איך לאָז זיי ליידן, ריידן, זען, נישט נעמענדיק קיין שטעלונג צו זייערע געפילן און עמפינדונגען. און ווען איך גיב יאָ אַ מאָל אַ באַשרייבונג, איז עס כדי צו אי־לוסטרירן די שטימונג אין וועלכער דער אָדער יענער מענטש געפינט זיך; אָבער דעמלאָט איז אָט־די באַשרייבונג אַ געשעעניש אין דער נשמה פון די באַטרעפנדיקע פערזאָנען. ביז איצט האָט יעדער ראָמאַניסט געהאַט די שעדלעכע געוווינהייט זיך פערזענלעך אַריינצומישן אין דער האַנדלונג פון זיין ווערק. ביי יעדער געלעגנ־הייט זאָגט ער אונדז: דאָס האָט ער גוט און דאָס האָט ער שלעכט געמאַכט. דער איז אַן אוממענטש און יענער איז אַ פיינער מענטש. יעדע פערזאָן איז צו ערשט אויספירלעך באַשריבן געוואָרן (מען האָט דאָס גערופן כאַראַקטעריזירן), איידער זי האָט גענומען אַן אַנטייל אין דער האַנדלונג. מען האָט דערציילט איר גאַנצע ביאָגראַפיע, פאַרגעשטעלט דאָס צימער ווו זי וווינט אא״וו. אָט אַזוי האָט דער ראָמאַניסט שוין באַלד אין אָנהייב געווירקט אויף דער פאַנטאַזיע פון זיינע לייענערס, ער לייגט אַרויף לייצעס אויף זיינע געדאַנקען און ווייזט זיי אָליין דעם וועג אויף וועלכן זיי זאָלן גיין. מיט איין וואָרט, די פאַרשטעלונג־קראַפט פון דעם לייענער האָט גאַנץ געניי געוווּסט ווען די האַנדלונג האָט פאַסירט, ווי אַזוי דער מענטש האָט אויסגעזען, ווו ער איז געגאַנגען אין שול, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער ער האָט געהאַט אא״וו. דער קינסטלער האָט בכן באַלד אין אָנהייב פאַרגוואַלטיקט אויף אַ ברוטאַלן אופן די פאַנטאַזיע פון זיינע לייענערס. — אין מיינע ווערק געפינט זיך נישט קיין וואָרט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט; נאָר גאַנץ צופעליק, דורך אַ שמועס אָדער אַ קליינער באַמערקונג, באַקומט דער לייענער עפּעס צו וויסן פון דעם פריערדיקן לעבן און זיינע אויסערלעכקייטן. מען ווייסט נישט ווו מיינע פערזאָנען געפינען זיך, ווער זיי זיינען אָדער פון וואַנען זיי קומען. דאָס אַלץ צו וויסן איז נאָר וויכטיק פאַר די נאַרישע ווייבער, וועלכע מאַכן אַ לוסט־רייזע און בעמען זיך עפּעס מיט צו לייענע אויפן וועג, אָדער פאַר דעם קרעמער, וועלכער וויל זיך נישט לאַנגווייליקן פאַרנדיק אַ היים פון דער בערזע. מיט איין וואָרט, דאָס אַלץ איז וויכטיק פאַר די אומצייליקע דורכשניט־מענטשן. פאַר וועמען מען דאַרף יעדע זאַך צעקייען; און אַזעלכע מענטשן עקסיסטירן נישט פאַר מיר. פאַר מיר און מיינע העלדן איז נישט וויכטיק די פאָרעם פון הוט אָדער דער קאָליר פון די הויזן, נאָר דער נשמה־צו־שטאַנד אין וועלכן זיי געפינען זיך, די ווירקונג וועלכע איינער האָט אויף דעם אַנדערן און די קאַטאַסטראָפע, וועלכע אַנטוויקלט זיך דורך דעם. מיין ראָמאַן באַ־שטייט נישט אין די פערזענלעכע, גאַנץ איבעריקע פלוידערייען פון דעם קינסטלער איבער זיינע מענטשן, וועלכע ער וואָלט דאָך אייגנטלעך געדאַרפט לאָזן ריידן פאַר זיך אַליין, נייערט פון אַ ריי דראַמאַטישע סצענעס. מיין ראָמאַן איז אייגנטלעך אַ דראַמע מיט אַ שטענדיקן איבערבייט פון דעם סצענאַר, נאָר פון צייט צו צייט ווערט דאָס גאַנצע איבערגעריסן דורך אַ שטומען מאָנאָלאָג. איך זאָג קיין וואָרט נישט פאַר מיינע העלדן, נאָר איך לאָז זיי אָפט מאָל ריידן אַזעלכע ווערטער וועלכע טוען מיר אַליין וויי. איך לאָז זיי זיך פרייען און ליידן און זיך סותר זיין איינער דעם אַנדערן. עס וואָלט געווען אַ גרויסער טעות, ווען מען וואָלט מיר פערזענלעך צוגע־שריבן אין איינציקע מיינונג פון מיינע מענטשן. איך ווירק נישט באַלד אין אָנהייב אויף דער פאַנטאַזיע פון די לייענערס, מיינע לייענערס מוזן מיטאַרבעטן, זיי מוזן

אַליין זײַן קינסטלערס — און דערפֿאַר קען מען פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס מײַנע שריפֿטן זײַנען נישט פּאָפּולער".

דאָס זײַנען די שטאָלצע ווערטער פֿון אַ קינסטלער, וועלכער קען אַליין זײַן ריכ־טיקן ווערט. אָט־די ווערטער קלינגען רעוואָלוציאָנער, זיי צילן קעגן אַלע ליטע־ראַרישע טראַדיציעס, אָבער קיינער קען נישט באַקעמפֿן זייער טיפֿע באַדײַטונג פֿאַר דער ליטעראַטור פֿון דער קעגנוואַרט און פֿון דער צוקונפֿט. דאָך באַשעפֿטיקט זיך פּשיבישעווסקי אין אָט־דעם בריוו נאָר מיט דער ריין טעכנישער זײַט פֿון זײַנע שריפֿטן און רעדט איבערהויפּט נישט פֿון די טיפֿע גרונט־פּראָבלעמען, וועלכע בילדן דעם אייגנטלעכן אינהאַלט פֿון אַלע זײַנע ווערק. אָבער גראָד אָט־די אויסער־געוויינלעכע טעכנישע פֿאָרמען פֿון זײַנע שריפֿטן, שטערן כמעט אין גאַנצן יעדע געניטע באַהאַנדלונג, ווײַל עס זײַנען דאָס רוב נאָר שטימונגען, דערשײַנונגען און קאַמפֿן, וועלכע שפּילן זיך אָפּ אין דער טיפֿסטער אינערלעכקייט פֿון דער נשמה. מען מוז אַליין מיטפֿילן אָט־די אַלע געפֿילן און עמפּפֿינדונגען פֿון דער קראַנקער נשמה, כדי צו באַגרײַפֿן זייער געוואַלטיקע ווירקונג, ווײַל די אויסערלעכע האַנדלונג איז פֿאַר פּשיבישעווסקין נישט מער ווי אַ שלעכטע דעקאָראַציע, אַ פּראָסטע באַ־פּוצונג און אַפֿילו נישט קיין געלונגענע, וועלכע שאַפֿט דעם נייטיקן הינטערגרונט פֿונעם מענטשלעכן נשמה־לעבן.

פֿאַר די מייסטע ליטעראַטור־קריטיקער איז פּשיבישעווסקי אַ דעקאַדענט. מיר זײַנען דאָך, צום גליק, אַזוי רײַך אין ווערטער, וועלכע פּאַסן זיך אַזוי גרויסאַרטיק צו פֿאַרדעקן דעם דוחק פֿון ווירקלעכע געדאַנקען — מיר האָבן דאָך פֿאַר יעדער דערשײַנונג אַ באַשטימטן נאָמען, אַ שולע, אַ ריכטונג. די פֿאָרעם איז דאָס וויכטיק־סטע, ווער זאָרגט זיך דען וועגן דעם אינהאַלט! מיר ריידן פֿון ראָמאַנטיקער, נאַטו־ראַליסטן, רעאַליסטן, מיסטיקער, סימבאָליסטן אאַ"וו. און ווער עס פּאַסט זיך נישט אַרײַן אין קיין איינער פֿון די דאָזיקע קינסטלעכע פֿאָרמען, איז איינפֿאַך אַ דעק־אַדענט. דאָס איז זייער באַקוועם. מען דאַרף זיך נישט צעברעכן דעם קאָפּ און מען האָט באַלד פֿאַר יעדער דערשײַנונג דעם פּאַסנדיקן פּלאַץ". אַ ריכטיקער קריע־מער האַלט יעדע זאַך אויף איר ריכטיקן אָרט. ער איז שטאָלץ אויף דער אָרדענונג פֿון זײַן קרעמל און האַלט זיך פֿאַר אַ וויכטיקער פּערזענלעכקייט, דערפֿאַר וואָס ער קען אַפֿילו אין דער פֿינצטער אונטערשיידן דעם פּלאַץ פֿון שמעק־טאַבאַק און קאַווע. די זעלביקע אָרדענונג, די זעלביקע פּינקטלעכקייט עקסיסטירט אויך אין זײַנע געדאַנקען און אָנשויונגען. זײַן גײַסטיקע וועלט איז אויך נישט מער ווי אַ קרעמל, און ווען ער דערזעט אַ זאַך וועלכע פּאַסט נישט אויף דעם „ריכטיקן אָרט", דעמאָלט פֿילט ער זיך אומבאַקוועם און טרוימט פֿון אַ קאַטאַסטראָפֿע. דער דאָזיקער פּרימיטיווער מאַטעריאַליזם — אַ פּראָדוקט פֿון אונדזער מאָדערנער קרעמער־וועלט — באַהערשט די אָנשויונגען און פֿאַרשטעלונגען פֿון די מייסטע מענטשן. זייערע אַזוי גערופֿענע געפֿילן און עמפּפֿינדונגען שפּילן זיך אָפּ אַזוי ווי די מעכאַ־נישע טעטיקייט פֿון אַ זייגער. זיי זעען נאָר די אויסערלעכקייטן פֿון אַלע דערשיי־נונגען, דערפֿאַר זײַנען זיי אינערלעך אַזוי פּוסט, אַזעלכע בעטלערס אין זייערע געדאַנקען, אַזעלכע „פּראָלעטאַריער" אין זייערע געפֿילן. אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון אָט־די אָנשויונגען האָט די ריין זאָאָלאָגישע זײַט פֿונעם מענטשן פֿאַר אַ לענגערער צײַט פֿאַרנומען אונדזער אויפֿמערקזאַמקייט, נישט נאָר אין דער וויסנשאַפֿט, נאָר

אויך אין דער קונסט. מען האָט זיך כמעט אין גאַנצן פאַרגעסן אין דער סודות־פולער טעטיקייט פון דער מענטשלעכער פסיכיק, שוין דערפאַר וואָס די דאָזיקע טעטיקייט איז געווען אַזוי שווער צו קלאַסיפיצירן און דעריבער אויך אַזוי שווער צו קאָנטראָלירן און רעגולירן.

אָבער די דאָזיקע באַשעפטיקונג מיט די ריין אויסערלעכע זײַטן פון לעבן איז נישט אומשטאַנד געווען צו באַהערשן אויף אייביק די קינסטלערישע אינסטינקטן און עמפינדונגען פונעם מענטשן. אַ נײַע קונסט־עפּאָכע האָט זיך ביסלעכווײַז אַנט־וויקלט; צוערשט שטיל און אומבאַמערקלעך, אָבער מיט דער צײַט אַלץ שטאַרקער און דײַטלעכער. די אַפּאָסטאָלן פון אָט־דער נײַער קונסט האָבן זיך ווידער באַשעפ־טיקט מיט דער אינערלעכער וועלט פונעם מענטשן, מיט די טיפע פּראָבלעמען און פסיכאָלאָגישע דעטאַלן פון אונדזערע אינערלעכסטע געפילן און עמפּינדונגען, און דעם שטענדיקן קאַמף פון אָט־די געפילן מיט די געזעצן פון דעם לאָגישן פאַר־שטאַנד. די בעלגיער הויזמאַן און מעטערלינק, עקהוד און ווערהאַרען; די טשעכן קאַראַסעק און מאַכאַר; די דײַטשן שלאַף און דעהמעל; די סקאַנדינאַווער אָלאַ האַנסון, קנוט האַמסון און עטלעכע אַנדערע; דער רוס אַנדרעיעוו און ענדלעך פּשיבישעוו־סקי — דאָס זײַנען געווען די באַדײַטנדיקסטע פּיאָנערן פון דער נײַער ריכטונג.

אָבער צווישן אַלע איז פּשיבישעווסקי דער דאָזיקער, וועלכער האָט אפשר צום טיפסטן געפילט און צום דײַטלעכסטן אויסגעדריקט די טראַגישע באַדײַטונג פון דעם אינערלעכן קאַמף צווישן געפיל און פאַרשטאַנד. אייניקע פון אונדז, וועלכע האָבן טיפער נאָכגעדענקט איבער די טונקעלע און געהיימנישפולע זײַטן פון לעבן, האָבן שוין לאַנג באַגריפן, אַז די וויכטיקסטע און באַדײַטונגספולע פּאַסירונגען פון אונדזער לעבן שפּילן זיך אָפּ אין דער טיפסטער אינערלעכקייט פון דער מענטש־לעכער נשמה. דער גרעסטער טייל פון אונדזערע געדאַנקען און געפילן געפינט קיין מאָל נישט קיין עפנטלעכן אויסדרוק; דאָס העכסטע גליק און דער טיפסטער ווייטיק זײַנען איינזאַם און לאָזן זיך נישט אויסדריקן דורך קאַלטע ווערטער. אַלע אויסערלעכע דערשײַנונגען פון אונדזער לעבן זײַנען נישט מער ווי מאַטעריעלע אָפּשפּיגלונגען פון אונדזערע אינערלעכע געפילן. די שרעקלעכסטע און גרויזאַמ־סטע קאַמפן שפּילן זיך אָפּ אין דעם טיפסטן אָפּגרונט פון דער נשמה. אָבער אָט־דער אינערלעכער לעבנס־פּראָצעס בלײַבט אומבאַקאַנט פאַר אַלעמען, און וואָס פײַנ־פילנדיקער אַ מענטש איז, אַלץ מער זוכט ער דורך זײַנע אויסערלעכע האַנדלונגען צו באַהאַלטן זײַן אינערלעך הייליקטום פון דער עפנטלעכקייט. אָט אין דעם אינער־לעכן טעמפּל באַוועגט זיך אונדזער אייגנטלעכער איך אין הונדערטער פאַרשיידענע געשטאַלטן, וועלכע זעען אונדז אָפט מאָל אויס גאַנץ פרעמד און אומבאַגרײַפלעך.

דער דײַטשער ראָמאַנטיקער אַמאַדעוס האָפמאַן, איינע פון די וויכטיקסטע פיגורן אין דער וועלט־ליטעראַטור, האָט אונדז געוויזן דעם מענטשלעכן איך אין דער געשטאַלט פון די אויסטערלישסטע מאַסקירונגען. מיר נעמען אַראָפּ איין מאַס־קע, אָבער מיר זעען דאָך נישט קיין פּנים, נאָר אַ צווייטע, אַ דריטע און אַ צענטע מאַסקע איינע אונטער דער אַנדערער. פאַר האָפמאַנען איז די נשמה נישט געווען קיין שטילער גרינער אינדזל, קיין טעמפּל פון דעם אייביקן פרידן, נאָר אַ ווילדע, מוראַדיקע בערג־לאַנדשאַפט מיט שפּיציקע פעלדזן און שרעקלעכע שוואַרצע אָפּ־גרונטן. אין דער דאָזיקער באַציִונג, אָבער נאָר אין דער דאָזיקער, איז פּשיבישעוו־

סקי זײַן דירעקטער נאָכפאָלגער. אויך ער באַשעפטיקט זיך אויסשליסלעך מיט די פינצטערע און דעמאָנישע זײַטן פון דער מענטשלעכער פסיכיק, וועלכע מאַניפעסטירן זיך צום שרעקלעכסטן אין די סעקסועלע באַציִונגען צווישן מאַן און ווײַב. דאָס סעקסועלע פּראָבלעם איז דער אייגנטלעכער מיטלפונקט פון פשיבישעווסקיס קונסט. אָבער בײַ אים באַקומט די פראַגע אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, פאַר אים איז דאָס סעקסועלע פּראָבלעם די גרויסע טראַגעדיע פון די געשלעכטער. אַז פשיבישעווסקי איז נישט קיין פרײַנד פון דער קאָנווענציאָנעלער חתונה פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין. פאַר אים איז די חתונה נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַן אַנדער פאָרעם פון פּראָסטיטוציע. אָבער ער זעט אויך אין דער פּראָמיסקויִטעט נישט די לייזונג פון דער פראַגע, ווײַל פאַר אים איז דאָס פּראָבלעם נישט קיין ריין פיזישער, נאָר אַ פראַגע, וועלכע איז ענג פאַרבונדן מיט די טיפסטע און אינערלעכסטע געפילן פונעם מענטשן. פשיבישעווסקיס מענטשן זײַנען נישט קיין געוויינטלעכע כאַראַקטערן, נאָר גײַסטיק הויך־אַנטוויקלטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך באַפרײַט פון אַלע טראַדיציאָנעלע פאָראורטיילן פון דער פאַרגאַנגענהייט. אָבער דורך דער ליבע אַנטשטייט אין זיי אַ שרעקלעכער קאַמף צווישן פאַרשטאַנד און געפיל, וועלכער ענדיקט זיך יעדעס מאָל מיט אַ קאַטאַסטראָפע. און אויף דעם געביט איז פשיבישעווסקי אַ געוואַלטיקער קינסטלער. אין דער ראָמאַן־סעריע „האָמאָ סאַפּיענס” ווײַזט ער אונדז די גאַנצע גרויזאַמע און שרעקלעכע באַדײַטונג פון אָט־דעם פּראָבלעם. ער פירט אונדז אַראָפּ אין דעם טיפסטן אָפּגרונט פון דער מענטשלעכער נשמה, אין יענע פינצטערע ווינקלען, ווו דאָס משוגעת רעגירט, די מורא און די אייביקע נאַכט.

עריק פאַלק, דער העלד פון אָט־די ווערק, איז אַ שטאַרקער, רעבעלישער כאַראַקטער, אַ פאַרקערפּערונג פון ניטשעס איבערמענטש. ער פאַראַכט די קליינלעכקייטן פון דער וועלט, די לאַנגווײַליקע פּאַסירונגען פונעם טאָגטעגלעכן לעבן און מיט שטאָלצע, זיכערע טריט גייט ער זײַן אייגענעם וועג, שטאַרק אין זײַנע געדאַנקען, שטאַרק אין זײַנע האַנדלונגען. עס ליגט עפּעס דעמאָנישס אין אָט־דעם כאַראַקטער, אַזוי ווי אין די מייסטע כאַראַקטערן, וועלכע פשיבישעווסקי שטעלט אונדז פאָר. אויף אַלעמען, וועלכע באַגעגענען זיך מיט אים, מאַכט ער אַן אײַנדרוק, נאָר ער אַליין בלײַבט קיל און זעלבסט־באַוווּסט. צופעליק באַגעגנט ער זיך מיט אַן אַלטן פרײַנד, דעם מאַלער מיקיטאַ, און דורך אים ווערט ער אויך באַקאַנט מיט איזאַ, מיקיטאַס געליבטע. איזאַ איז אַן אויסערגעוויינטלעכע פרוי. צווישן איר און פאַלקן עקסיסטירט אַן אינערלעכע פרײַנדשאַפט. ביידע זעען זיך דאָס ערשטע מאָל און אַ טונקעלע, אומבאַקאַנטע קראַפט באַאײַנפלוסט זייערע הערצער און אַנטוויקלט אין זיי דעם זעלביקן ווונטש, דאָס זעלביקע באַדערפעניש. מיט אַ געניאַלער מײַסטערשאַפט באַשרײַבט אונדז פשיבישעווסקי דעם נשמה־צושטאַנד פון די דאָזיקע דרײַ מענטשן, די מוראַדיקע לײַדן, דעם האַס, די פאַרצווייפלונג און דע דעמאָנישע לײַדנשאַפט. מיקיטאַ באַגייט זעלבסטמאָרד. דער טויט איז פאַר אים דער איינציקער אויסוועג. אָבער אויף פאַלקן און איזאַן מאַכט די דאָזיקע טאַט אַ קנאַפּן אײַנדרוק. זיי האָבן זיך געפונען, קיין פרײַז איז נישט צו טײַער פאַר זייער גליק. און אויב דער אייביקער שיקזאַל פאָרט צונויף דעם טויט מיט דער ליבע, דעמאָלט מעג עס אַזוי זײַן. אָבער דער טויט שטייט שטייט טראָץ דעם צווישן אים און איזאַן. דער געדאַנק אַז איזאַ האָט פריִער געהערט צו אַן אַנדערן, מאַטערט אים און פײַניקט זײַנע געפילן.

אַט דער געדאַנק האָט אַ מוראַדיקע ווירקונג אויף זײַנע סעקסועלע אינסטינקטן. אַ פינצטערע, אומבאַקאַנטע מאַכט טרײַבט אים צו אַנדערע פרויען. ער ווייסט אַז אין דעם מאָמענט, ווען איזאַ וועט אַנטדעקן זײַנע געהיימע באַציִונגען, וועט ער זי פאַר־לירן אויף אייביק. אַט דער געדאַנק מאַכט אים שיער משוגע. אַ העליש פײַער ברענט אין זײַן נשמה. ער צעשטערט דאָס גליק און לעבן פון אַנדערע פרויען, אָבער ער לײַדט שרעקלעך פון זײַנע אייגענע האַנדלונגען. אַט דער פאַרצווייפלטער קאַמף צווישן דעם געשלעכטלעכן אינסטינקט און דעם לאָגישן שכל צעשטערט זײַן גאַנץ לעבן. ער זעט די קאַטאַסטראָפע אין פאָראויס; ער ווייסט און פילט אַלץ, זײַן האַרץ איז צעריסן אָבער ער קען זיך נישט העלפן. און ענדלעך דער שלום: איזאַ גייט אַוועק, פאָלק בלײַבט אַליין. דער שטאָלצער איבערמענטש איז געוואָרן דער קרבן פון יענער פינצטערער, דעמאָנישער קראַפט, וועלכע דאָס ווײַב האָט אין אים אַנטוויקלט און וועלכע האָט באַהערשט אַלע זײַנע געפילן און עמפינדונגען... אָבער דאָס אַלץ לאָזט זיך נישט באַשרײַבן, מען מוז עס אַליין לייענען און פילן אויף צו פאַרשטיין די גאַנצע באַדײַטונג פון פשיבישעווסקיס קונסט.

אָבער נאָך געוואַלטיקער ווירקט פשיבישעווסקי אויף אונדז אין זײַן מײַסטער־ווערק „דע פראָפונדיס“. איך קען בכלל נישט קיין בוך אין דער גאַנצער מאָדערנער ליטעראַטור, וועלכעס לאָזט זיך פאַרגלײַכן מיט אָט־דעם שרעקלעכן אויסגעשריי פון דער געפײַניקטער נשמה. אין דעם דאָזיקן אומפאַרגלײַכלעכן בוך איז בכלל נישטאָ קיין שום האַנדלונגען. עס איז די „אַנטפּלעקונג פון דער מענטשלעכער נשמה אין געשלעכטס־לעבן“, די גרויזאַמע מאַניפעסטאַציע פון די שרעקלעכסטע און ווייטיק־לעכסטע געפילן. קאָמענטירן דאָס ווערק איז איינפאַך אוממעגלעך, ווײַל אָט־די מוראַדיקע אילוסטראַציע פון אינערלעכע לײַדן, אָט־די גיגאַנטישע טראַגעדיע פון דער מענטשלעכער נשמה לאָזט זיך נישט אויסדריקן מיט ווערטער. עס איז די נשמה וואָס בלוטיקט פון טויזנט ווונדן, וואָס באָדט זיך אין די טרערן פון אומצייי־ליקע גענעראַציעס, וועלכע רעדט צו אונדז פון אָט דעם ווערק, צום טיפסטן אָפּגרונט פון ווייטיק און פאַרצווייפלונג. ווערטער זײַנען צו שוואַך, צו אָרעם, אויף אויסצו־דריקן אַזוי פיל אומגליק, אַזוי פיל ווייטיק. נאָר די מוזיק פון אַ שאָפּען איז נאָך אומשטאַנד אַרויסצורופן אַזעלכע שטימונגען, אַזעלכע דעמאָנישע אויסדרוקן פון איבער־מענטשלעכע לײַדן, ווען ליבע און ווייטיק גייען אונטער אין אַ ים פון פאַר־צווייפלונג. נישט אומזיסט איז פשיבישעווסקי אַזאַ גרויסער פאַרערער פון שאָפּענס מוזיק, ווײַל אין די אָפּגרונט־טיפע מעלאָדיעס פון שאָפּענס זשעני געפינט ער דאָס זעלביקע בילד פון בלוט און טרערן, ליבע און טויט, די גאַנצע טראַגעדיע פון דער מענטשלעכער נשמה, וועלכע ער אַליין האָט פאַרגעשטעלט מיט אַזאַ געוואַלטיקער מײַסטערשאַפט.

פשיבישעווסקי האָט אַליין באַשרענקט די אויפלאַגע פון אָט־דעם זעלטענעם ווערק. ער וויל נישט, אַז אָט דאָס בוך זאָל זיך געפינען אין די הענט פון אַלעמען, ער פאַראַכט די פּאָפּולאַריטעט און פאָדערט נישט קיין דורכשניט לייענערס.

דער דראַמאַטישער עפּילאָג „די געסט“, וועלכן א. פרומקין האָט איבערגעזעצט פאַר די לייענערס פון „זשערמינאַל“, איז די לעצטע פון די פיר דראַמעס, וועלכע פשיבישעווסקי האָט אַרויסגעגעבן אונטער דעם קאָלעקטיוון טיטל: „דער טויטן־טאַנץ פון דער ליבע“. עס איז דאָס זעלביקע טונקעלע און מוראַדיקע פּראָבלעם,

װעלכער בילדעט דעם מיטלפּונקט פון זײַן גאַנצער קונסט, נאָר דאָס מאָל אין דער דראַמאַטישער פאָרעם. די אײנצלנע סצענעס, דער סימבאָלישער שלײער און די טיפע אַלעגאָרישע אױפפאַסונג דערמאָנען אונדז אין מעטערלינקן.

דער אַלטער פּאַלאַץ, װעלכער איז געשטאַנען לײדיק אַ לאַנגע צײַט, איז פּלוצ־לונג װידער אָנגעפילט מיט מענטשן. די יורשים פון דעם אַלטן גראַף האָבן אים פאַרקױפט. קײנער װײסט נישט װער עס זײַנען די נײַע אײגנטימער און פון װאַנען זײ זײַנען פּלוצלונג געקומען... מען הערט איצט װידער מוזיק און פרײלעכע פאָרלעך טאַנצן אַרום אין דעם גרױסן זאַל, אָדער שפּאַצירן זיך דורך אין גאָרטן; װײַל עס זענען אָנגעקומען זעלטענע געסט, װעלכע מען האָט פריִער קײן מאָל נישט געזען. אומעטום הערט מען געלעכטער, געזאַנג און פרײד און עס זעט אױס װי דאָס גליק אַלײן װױנט אין דעם פּאַלאַץ. אָבער די צװײ אַלטע, װעלכע זײַנען אױך געקומען צום יום־טוב, לאָזן זיך נישט נאַרן. זײ װײסן אַז די פרײלעכקײט איז אַ געמאַכטע, כדי צו באַהאַלטן די אינערלעכע פאַרצװײפלונג, כדי צו פאַרגעסן דעם אינערלעכן װײטיק. אַמאָל, לאַנג, לאַנג צוריק, איז דער פּאַלאַץ אין דער אמתן אַ פרײלעך אָרט. אָבער אָט־די צײַט איז אַריבער, װײַל דער נײַער באַזיצער פון דעם אַלטן פּאַ־לאַץ איז אָדם, אָדם, דער מענטש, דער מאָדערנער מענטש מיט דער גרױסער בענ־קעניש און דער גרױסער פּחדנות.

אַדאַם האָט דעראָבערט זײַן װײב בעלאַ און מיר פילן אַז ער האָט עס געטאָן אױף פרעמדע קאָסטן. בעלאַ איז פאַר אים געװען דאָס גליק, די רו, דער פרידן. אָבער אַ טונקעלער שאָטן שטעלט זיך פּלוצלונג צװישן אים און זײַן גליק. ער האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט אים אין דער גרױסער שטאָט, אין אַ טונקעלן פּאַרק, און פון דאָרט פאַרפאָלגט ער אים אומעטום. ער האָט געקױפט דעם פּאַלאַץ, דאָרטן װיל ער לעבן מיט בעלאַן און מיט זײַן שװעסטער פּאָלאַ און פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהײט. אָבער פּלוצלונג קומט דער פרעמדער גאַסט און ברענגט נאָך מיט אַנדערע און דאָס גאַנצע הױז פאַרװאַנדלט זיך אין אַ װױנונג פון שרעקלעכע פּחדימ־דיקע געשטאַלטן. אַדאַם איז אײנער פון יענע, װעלכע האָבן זיך „געגליטשט און זײַנען געפאַלן אױף דעם אײַז פון לעבן און דערפאַר באַקומען זײ אַזעלכע מערקװירדיקע געסט אין זײער הױז". װען ער װאָלט נאָך געװען דער אַלטער אַדאַם, אָדם דער מענטש, דעמאָלט װאָלט ער געזוכט הילף בײַ זײַן גאָט און אין דעם שאָטן פון גאָט, װאָלט פאַרשװונדן זײַן אײגענער שאָטן. אָבער ער איז אַ נײַער אַדאַם, אַדאַם, דער מאָדערנער מענטש; ער האָט געזען די צפונדיקע ימים און די ליכטיקע נעכט, דאָס ליכט האָט פאַרביטן דעם געטלעכן שאָטן און ער קען עס מער נישט פאַרגעסן; עס איז נישט מער די מורא פאַר דער שטראָף, נאָר די אינערלעכע פאַרצװײפלונג. די מוזיק און פרײלעכקײט קענען נישט מער באַטױבן די אינערלעכע שטימען, די געסט פאַרטרײַבן אים פון זײַן הױז. פּאָלע, װעלכע רעפּרעזענטירט נאָך דאָס גוטע געװיסן אין הױז, מוז פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ, װײַל זי האָט מורא פאַר די שרעק־לעכע געסט. אין דעם מאָמענט קומט דער „אומבאַקאַנטער", דאָס משוגעת און אַדאַם מוז שטאַרבן. ער װעט אַרױפשטײַגן אױף אַ הױכן באַרג און אַראָפּפאַלן אין אַן אָפּגרונט, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם לעצטן גאַסט...

אין אָט־דעם קורצן דראַמאַטישן עפּילאָג װײַזט זיך אַרױס די גאַנצע מײַסטער־שאַפט פון דעם פּױלישן קינסטלער. אַזעלכע שרעקלעכע געסט געפינען זיך אין אַלע

הײזער און אַרבעטן שטענדיק און כּסדר ווי דער אײביקער שיקזאַל. פּשיבישעווסקי האָט געלייגט דעם פינגער אויף די ווונדן פון דער קראַנקער נשמה און אונדז גע־וויזן אַ ים פון בלוט און טרערן, אויף וועלכן מיר שווימען ווי אַ שוואַך שיפל אָן אַ רודער און אָן זעגלען. אין די געוואַלטיקסטע מאָמענטן פון אונדזער לעבן שפּילט דער קאַלטער פאַרשטאַנד בכלל קיין ראָלע נישט, דערפאַר וואָס ער קען נישט ווירקן אויף די אינערלעכע סטרונעס פון אונדזערע עמפּינדונגען און שאַפן אַ האַרמאָניע צווישן די פאַרשיידענע טענער.

פּשיבישעווסקי איז דער נביא פון אַ וועלט, וועלכע איז ביז איצט נאָך נישט „אַנטדעקט" געוואָרן, נאָר מיר פילן איר עקסיסטענץ אין די פײערלעכע מאָמענטן פון דער טיפסטער איינזאַמקייט, ווען די נשמה הייבט אָן צו בלוטן, ווען דער גרוי־סער ווייטיק באַהערשט אונדזער גאַנצן איך. די גרויסע בענקעניש טרײַבט אונדז ווײַטער, אָבער נאָר די וועלכע האָבן געגעסן די פּרוכט פונעם עץ־הדעת וועלן געפי־נען אָפענע טירן.

1906

# מולטאַטולי

„פון אַלץ וואָס איז געשריבן געוואָרן, האָב איך ליב נאָר דאָס, וואָס איינער האָט אָנגעשריבן מיט זײַן בלוט. שרײַב מיט בלוט און דו וועסט באַגרײַפן, אַז בלוט איז גײַסט!״ — עס זײַנען פאַראַן ווייניק כאַראַקטערן, אויף וועלכע דער טיפער זין פון ניטשעס ווערטער פאַסט אַזוי ווונדערלעך, ווי אויף דעם גרויסן האָלענדישן דענקער און קינסטלער „מולטאַטולי״. ער האָט געשריבן מיט בלוט, מיטן בלוט פונעם האַרץ האָט ער אָנגעשריבן זײַן גרויסע עוואַנגעליע פון פרײַהייט, ליבע און שיינקייט! די האָלענדישע קרעמערס האָבן געציטערט פאַר אָט דעם גײַסט, און ווען עס איז דערשינען זײַן ערשט ווערק „מאַקס האַוועלאַר״, האָט איינער פון די דעפּו־טאַטן אין פּאַרלאַמענט דערקלערט: „אַ שוידער האָט דורכגענומען דאָס גאַנצע לאַנד״. יאָ, זיי האָבן געציטערט פאַר אים, דעם צעשטערער פון די אַלטע הייליקע טראַ־דיציעס, וועלכער האָט פון זיי אַוועקגערויבט די זאַטע צופרידנקייט און דאָס „גוטע געוויסן״. ער האָט זיי פאָרגעשטעלט פאַר דער וועלט ווי געוויסנלאָזע רויבערס, וועלכע פאַרדעקן זייערע שענדלעכע פאַרברעכנס מיט דעם באַקוועמען מאַנטל פון דער קריסטלעכער טוגנט — און דאָס האָבן זיי אים קיין מאָל נישט מוחל געווען. ער האָט זיי געשטעמפּלט פאַר דער עפנטלעכקייט, ער האָט פאַרשוואַרצט זייער קריסטלעכע מאָראַל און באַליידיקט זייערע באַגריפן פון אָנשטענדיקייט און עטיקעט — אָט דאָס איז געווען זײַן ערנסטער, זײַן איינציקער פאַרברעכן. דערפאַר האָבן זיי גענומען נקמה פון אים — ס'איז געווען די קליינע נקמה פון קליינע מענטשן: זיי האָבן אים נישט געגעבן קיין געלעגנהייט צו פאַרדינען אַ טרוקן שטיקל ברויט פאַר זיך און זײַנע קינדער. זיי האָבן אים געלאָזט פילן אַז ס'איז נישטאָ פאַר אים קיין פּלאַץ אין דעם גן־עדן פון די קרעמערס. מיט גרויזאַמע אויגן און ברוטאַלע הערצער האָבן זיי צוגעקוקט ווי ער איז ביסלעכווײַז אויסגעגאַנגען פון הונגער, און עס האָט זיי ביטער פאַרדראָסן, וואָס דער עלנט איז נישט אומשטאַנד געווען צו ברעכן זײַן שטאָלץ, זײַן רעבעלישן שטאָלץ. און ווען ער, דער גרעסטער זשעני, וועלכן האָלאַנד האָט געבוירן, האָט געמוזט וואַנדערן פון אָרט צו אָרט און האָט אין ערגעץ נישט געקענט געפינען קיין שטיל ווינקל אויף אָפּצורוען דעם מידן, אויסגע־מאַטערטן קערפּער, האָבן זיי אָנגעוויזן מיט די פינגער אויף אים און געזאָגט: „אָט זעט נאָר דעם טרעמפּ! ער האָט דאָס געהאַט די חוצפה צו באַליידיקן אָנשטענדיקע

מענטשן! אַ שרײַבער איז ער? אַ זשעני? אָט האָסטו דיר אַ שרײַבער — ער האָט דאָך נישט וואָס צו עסן און גייט אַרום אין צעריסענע שיך!"

דאָס איז שטענדיק געווען דער מאָראַלישער מאָסשטאָב פון די קרעמערס אין אָט־דער וועלט, ווו דער ראַק מאַכט דעם מענטשן און ווו די פּחדנישע מיטלמעסיקייט האָט די מאַכט אָוועקצורײַבן דאָס טעגלעכע ברויט פון דעם זשעני.

עס איז אַ מערקווירדיקע און כאַראַקטעריסטישע דערשײַנונג, וואָס די ביידע גרעסטע און געניאַלסטע גײַסטער, וועלכע דאָס קליינע האָלאַנד האָט פאַרמאָגט, האָבן געליטן אונטער דעם זעלביקן גרויזאַמען שיקזאַל — מולטאַטולי, דער דיכטער און שריפטשטעלער, און רעמבראַנדט— דער גרויסער, אומשטאַרבלעכער מאָלער. ביידע זײַנען געווען קינדער פון דעם זעלביקן גײַסט, שטאַרקע, אומבאַזיגלעכע כאַראַקטערן, מיט הייסע פלאַמענדיקע הערצער, פול מיט ברענענדיקער ליבע און ביטערער לײַדנשאַפטלעכער פאַראַכטונג — צוויי ריזן, וועלכע האָבן צעבראָכן די אײַזערנע גראַטעס פון דער ענגער שטײַג, אין וועלכער דער געזעץ־ליבנדיקער און פראַקטישער אונטערטאַן פילט זיך אַזוי באַקוועם און אָנגענעם; צוויי רעבעלן, וועלכע האָבן געזינדיקט קעגן דעם „הייליקן גײַסט" פון דער אויטאָריטעט און קעגן די אַלטע טראַדיציעס פון פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער. זייער מעכטיק אַנטוויקלטע אינ־דיווידואַליטעט, זייער רעבעלישער שטאָלץ איז געווען די סיבה פון זייערע מאַטע־ריעלע לײַדן. זיי האָבן קיין מאָל נישט באַשמוצט די קראַפט און די נאָבלקייט פון זייערע נשמות, און דערפאַר איז פאַר זיי נישט געגרייט געווען קיין טיש אין דער פּראָזאַישער וועלט פון די קרעמערס. וואָס מער זיי האָבן געליטן, וואָס שווערער עס איז זיי אָנגעקומען צו פאַרדינען זייער שטיקל ברויט, אַלץ ביטערער איז געוואָרן זייער האַס, זייער פאַראַכטונג, אַלץ שנײַדנדיקער איז געוואָרן זייער קריטיק. אָט־די ביידע „טרעמפּס" זײַנען געווען די אָנקלאָגערס פון דער צײַט, גיגאַנטישע ריכטערס, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן זייער אורטייל פאַר די קומענדיקע דורות — דער ערשטער אין זײַנע שריפטן, דער אַנדערער אין זײַנע בילדער און צייכענונגען.

צוויי אומגעראָטענע קינדער פון זייער לאַנד! זיי זײַנען ביידע געווען שלעכטע בעלי־חשבון און האָבן נישט פאַרשטאַנען די וויכטיקע קונסט ווי צו „מאַכן אַ לעבן". דער קאַלטער, פּראַקטישער און עקאָנאָמישער פאַרשטאַנד פון זייערע לאַנדסלײַט האָט זיי אין גאַנצן געפעלט. רעמבראַנדט פלעגט אין זײַנע גוטע צײַטן באַזוכן די גרויסע קונסט־ליציטאַציעס אין אַמסטערדאַם און באַצאָלן פאַר יעדן קונסט־ווערק צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי מען האָט געפאָדערט, כדי צו ווײַזן, אַז פאַר דער אמתער קונסט איז קיין פּרײַז נישט צו טײַער. מען קאָן זיך פאַרשטעלן וואָסערע פּנימער זיי האָבן געמאַכט, די האָלענדישע קרעמערס, זעענדיק אַזאַ אומשכלדיקע אויסברענ־גערײַ. רעמבראַנדט האָט זיי גוט פאַרשטאַנען און דערפאַר איז זײַן האַס קעגן די פיליסטערס געווען אַזוי ביטער און ברענענדיק. שוין פריִער, ווען ער האָט זיך פאַר־ליבט אין סאַסקיאַן, דעם רײַכן סוחרס טאָכטער, און ווען אירע קרובים האָבן אָנגעג־ווענדט אַלע מיטלען נישט צו דערלאָזן צו אַזאַ חתונה, האָט דער גרויסער מײַסטער אויסגעדריקט זײַן גאַנצע פאַראַכטונג קעגן די דאָזיקע קליינלעכע געלט־מענטשן אין יענעם וווּנדערלעכן בילד, וואָס שטעלט פאָר שמשון הגיבור גייענדיק צו זײַן ווײַב; אָבער די טיר פון הויז איז פאַרמאַכט און אויבן, פון אַ קליין פענצטערל, קוקט אַרויס יענער טיפּישער אַלטער, מיט דעם כאַראַקטעריסטישן שמייכל אויף

די דינע ליפּן און דערקלערט דעם העלד אַז ער האָט אָפּגעגעבן זײַן טאָכטער צו אַן אַנדערן מאַן. דער אײַנדרוק איז גרויסאַרטיק. שמשון, אויפגעקאָכט פון האַס און צאָרן, שטרעקט ער אויס די מעכטיקע פויסט קעגן דעם הויז פון דעם פּיליסטער. ס'איז רעמבראַנדט אַליין געווען, רעמבראַנדט, דער קינסטלער, דער רעבעל, וועלכער האָט דראָענדיק אויפגעהויבן די שטאַרקע האַנט קעגן דעם טעמפּל פון די קרעמערס.

אָבער די פּיליסטערס האָבן געזיגט. זיי האָבן צוגענומען פון אים זײַנע ווונדערלעכע קונסט־זאַמלונגען, פאַר וועלכע ער האָט אויסגעגעבן דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון זײַן ווײַב און האָבן אים אַרויסגעטריבן פון זײַן היים. מען קען זיך פאָרשטעלן די געפילן פון דעם גרויסן קינסטלער, ווען ער האָט געמוזט צוזען ווי די אויפגעבלאָזענע קרעמערס זײַנען אַרומגעגאַנגען אין זײַן הויז, ווי זיי האָבן אָנגעטאַפּט מיט זייערע אומריינע פינגער די ווערק פון די גרויסע מײַסטערס, וועלכע רעמבראַנדט האָט פאַרערט מיט אַ רעליגיעזער איבערגעגעבנקייט. זיי האָבן באַליידיקט זײַנע הייליקסטע געפילן, די טיפסטע אינערלעכקייט פון זײַן נשמה; אָבער רעמבראַנדט, וועלכער איז פלוצלונג אָרעם געוואָרן ווי אַ בעטלער, האָט אַלץ אַריבערגעטראָגן מיט אַ קעניגלעכן שטאָלץ. זיי האָבן אים באַזיגט, אָבער קיין מאָל נישט געבראָכן!

אין יענער צײַט איז אַנטשטאַנען יענע וווּנדערלעכע צייכענונג, וועלכע שטעלט פאָר קריסטוסן אויסגעשטעלט פאַר דער מאַסע. מיט אַ מאַיעסטעטישער רויִקייט שטייט דער מײַסטער פאַר דער מאַסע, פילנדיק אויף זיך די אומריינע בליקן פון די רויע, ברוטאַלע מענטשן, וועלכע האַסן אים אינסטינקטיוו, ווײַל זײַן גרויסקייט דערמאָנט זיי שטענדיק אין זייערע אייגענע קליינע נשמות.

ס'איז רעמבראַנדט, דער קינסטלער, אַרומגערינגלט פון די זאַטע קרעמערס, וועלכע האָבן אים פאַרטריבן פון זײַן היים; זיי קוקן אים אָן מיט זייערע קאַלטע, האַרצלאָזע אויגן און מען קען דײַטלעך אַרויסלייענען פון די ברוטאַלע פּנימער די פראַגע: קרענקט עס אים כאָטש?

אָבער זייער שטאַרק דריקט זיך אויס דער צאָרן פון דעם באַליידיקטן קינסטלער אין דעם אומפאַרגעסלעכן ווערק: משה רבינו, צעברעכנדיק די טאָוולען מיט די עשרת־הדיברות. דער אײַנדרוק פון אָט דעם געוואַלטיקן בילד איז אומבאַשרײַבלעך. מיר זעען די ריזן־פיגור פון משה רבינו, ווי ער הייבט אויף מיט בײדע הענט די שווערע שטיינערנע טאָוולען און גיט זיי אַ שלײַדער אויף דער ערד. אין זײַן פּנים שפּיגלט זיך אָפּ אַ שרעקלעכער גרימצאָרן, דער האַס פון דעם מאַן, וואָס איז פאַראַטן געוואָרן פון זײַן אייגענעם פאָלק.

דאָס איז אויך געווען רעמבראַנדטס שטימונג, ווען ער האָט געזען, ווי די קרעמערס, די געצנדינערס פון דעם גאָלדענעם קאַלב, האָבן באַשמוצט דאָס טיפסטע הייליקטום פון זײַן גרויסער נשמה, ווי זיי האָבן פאַראַטן דעם זשעני און אַרויסגעריסן דאָס ברויט פון זײַנע הענט און דעם בעכער פון זײַנע ליפּן.

און דער זעלביקער מאַן, וועלכער ווערט הײַנט באַטראַכט פאַר איינעם פון די געניאַלסטע גײַסטער פון אַלע צײַטן און לענדער, דער זעלביקער מאַן, אויף וועמענס נאָמען האָלאַנד איז הײַנט אַזוי שטאָלץ, דער זעלביקער מאַן האָט פאַרבראַכט זײַנע לעצטע יאָרן אין די פינצטערע ווינקלען פון דעם מענטשלעכן עלנט, אין דער וועלט פון די אַרויסגעשטויסענע, פון די בעטלערס, קראַנקע און קבצנים — אַליין אַ בעטלער, אַן אַרויסגעשטויסענער. און אָט אין דער שרעקלעכער צײַט האָט ער

געמאָלט און געצייכנט יענע גרויע און ווייטיקלעכע בילדער פון דער מענטשלעכער נויט: די טונקעלע קעלערס, די ענגע דאַך־שטיבלעך און די הונגעריקע און ליידנ־דיקע, אַנגעטאָן אין שמאַטעס, טרויעריקע, האַרצרייסנדיקע בילדער, און דאָך אַזוי גרויס, אַזוי געניאַל אין דער אויספירונג.

אַלץ האָט ער פאַרלוירן, נאָר נישט זיין שטאָלץ און שאַפנדיקע קראַפט. זיינע פריינד האָבן אים פאַרגעסן, זיין ווייב און קינד זיינען געשטאָרבן, און צו לעצט איז אים נאָר געבליבן איין פריינד — דער שנאַפּס. אין די שמוציקסטע שענקען פון אַמסטערדאַם פלעגט ער זיצן גאַנצע טעג, כדי צו פאַרגעסן די אויסערלעכע וועלט און דעם טיפן, ברענענדיקן ווייטיק. און טרינקענדיק האָבן זיך אויפגעעפנט פאַר אים נייע וועלטן, געוואַלטיקע פלענער זיינען אויפגעקומען אין זיין פאַנטאַזיע, און בעת ער איז געזעסן שטיל און שטום אין אַ פינצטערן ווינקל, האָט זיין נשמה זיך געבאָדן אין גלאַנץ פון ליכט און שיינקייט.

אַזוי איז ער געשטאָרבן, אַן אַלטער מאַן פון 63 יאָר. אויסער זיינע בילדער, וועלכע זיינען שפּעטער אַזוי באַרימט געוואָרן, האָט מען ביי אים מער נישט געפונען ווי אַ פּאָר אַלטע העמדער — זיין איינציקע ירושה.

**
*

רעמבראַנדט און מולטאַטולי זיינען קינדער פון דעם זעלביקן גורל, הגם זיי האָבן ביידע געלעבט אין פאַרשיידענע צייטן — איינער אין 17טן, דער אַנדערער אין 19טן יאָרהונדערט — אַ באַווייז אַז די ראַסע פון די נשמה־פאַרקויפערס האָט זיך נאָך אַלץ נישט פאַרבעסערט אין לאַנגן פעריאָד פון צוויי הונדערט יאָר.

דאָס איז געווען אין 1860, ווען עס איז דערשינען אין אַמסטערדאַם אַ בוך מיטן מערקווירדיקן טיטל: „מאַקס האַוועלאַר אָדער די קאַווע־ליציטאַציעס פון דער נידערלענדישער האַנדל־געזעשאַפט". דער אויטאָר פון דעם אויסטערלישן ווערק האָט זיך גערופן מולטאַטולי. אָבער מען האָט זיך באַלד דערוווּסט, אַז דער אייגנט־לעכער פאַרפאַסער איז אַ געוועזענער הויכער באַאַמטער פון האָלענדיש אינדיע — עדוואַרד דויעס דעקער, איז געווען זיין ריכטיקער נאָמען — וועלכער האָט בכיוון אויסגעקליבן פאַר אַ פּסעוודאָנים דאָס מאַלאַיִשע וואָרט „מולטאַטולי", וואָס באַטייט אַזוי פיל ווי „איינער וואָס האָט פיל איבערגעטראָגן".

דאָס בוך איז איינע פון די אָריגינעלסטע דערשיינונגען אין דער וועלט־ליטע־ראַטור און האָט געווירקט ווי אַ דונער אויפן עפנטלעכן לעבן אין האָלאַנד. עס איז געווען אַ פלאַמענדיקער פּראָטעסט קעגן די אוממענטשלעכע גרויזאַמקייטן פון דער האָלענדישער רעגירונג קעגן די איינגעבוירענע פון די אינדישע קאָלאָניעס. אַ וווּנ־דערלעכע פאַראייניקונג פון בייסיקער איראָניע, טיפסטער ליבע, ברענענדיקן האַס און רעבעלישער ליידנשאַפט — אַ בוך, אָנגעשריבן מיט די בלוטיקע טרערן פון מי־ליאָנען אָרעמע, געפּייניקטע און אונטערדריקטע מענטשן־קינדער. אין יעדן וואָרט פילן מיר דאָס פייער פון אַן אידעלער ליידנשאַפט, דעם ביטערן אויסגעשריי פון אַ האַרץ, וואָס פאָדערט גערעכטיקייט פאַר דער גאַנצער וועלט.

קיין מאָל האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז אַן איינצלנער מאַן זאָל האָבן אַזוי פיל מוט און ענערגיע און שטעמפּלען אַ גאַנצע רעגירונג, אַ גאַנץ פאָלק מיט אַזעלכע שרעקלעכע און פאַרניכטנדיקע ווערטער, ווי מולטאַטולי האָט עס געטאָן אין זיין

מאַקס האַוועלאַר. אָבער עס איז נישט נאָר די שנײַדנדיקע קריטיק, וועלכע גיט צו דעם ווערק אַזאַ געוואַלטיקע באַדײַטונג, נאָר די גאַנצע פאָרעם, דער געניאַלער סטיל איבערצײַגן אונדז תיכף אַז דער אויטאָר איז אַ וווּנדערלעכער קינסטלער, אַ זשעני אין פולן זין פון וואָרט. דאָס גאַנצע בוך איז ווי אַ ווולקאַן, עס קאָכט און ברענט ווי אַ ים פון פײַער און ווירקט אויף אונדזערע אַלע געפילן און עמפינדונגען ווי אַ באַפרײַענדיקע טאַט.

פאַר די האָלענדישע קאַווע־קרעמערס איז אָט־דאָס ווערק געווען אַ מאָראַ־לישער טויט־אורטייל. מולטאַטולי האָט זיי אָראָפּגעריסן די מאַסקע פון די היפּאָקרי־טישע פּנימער און זיי פאַרגעשטעלט פאַר דער וועלט אין זייער ברוטאַלער נאַקעט־קייט. מיט אַ בײַסיקער סאַטירע האָט ער כאַראַקטעריזירט זייער קריסטלעכע טוגנט און די קליינלעכע נידערטרעכטיקייט פון זייערע אויסגעטריקנטע הערצער און פאַר־שטויבטע נשמות. זיי האָבן געציטערט פאַר דער מוראדיקער קראַפט פון אָט־דעם געניאַלן גײַסט, וועלכער איז געווען אומבאַזיגלעך, ווײַל יעדעס וואָרט איז געווען דער אמת, דער ביטערער, בלוטיקער אמת.

שוין די גאַנצע טעכנישע אײַנטיילונג פון דעם דאָזיקן אויסערגעוויינטלעכן בוך ווײַזט אונדז דעם שאַרפזיניקן און אָריגינעלן כאַראַקטער פונעם פאַרפאַסער. עס הייבט זיך אָן מיט דער כאַראַקטעריסטישער דערקלערונג פון דעם קאַווע־הענדלער באַטאַוווס דראָאָגסטאָפּעל: „איך בין אַ מעקלער פון קאַווע און וווין אין דער לויריערגראַכט נומער 37״.

אָט ווייסן מיר באַלד מיט וועמען מיר האָבן דעם כבוד זיך צו באַקענען. דראָאָגסטאָפּעל איז דער אמתער טיפּ פון דעם האָלענדישן קרעמער, די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון אַ גאַנצן קלאַס. זײַן לעבנס־פּרינציפּ איז קאַווע און נאָר קאַווע. ער אורטיילט וועגן אַלע עפנטלעכע און פּאָליטישע פראַגן, וועדליק זייער באַדײַטונג פאַרן קאַווע־האַנדל. פאַר אים זײַנען פאַראַן צוויי סאָרטן מענטשן: אַזעלכע וואָס פאַרשטייען עפּעס פון קאַווע און אַזעלכע, וואָס פאַרשטייען נישט. די ערשטע זײַנען פאַר אים די אמתע נוצלעכע עלעמענטן אין דער געזעלשאַפט; פון די צווייטע לוינט אַפילו נישט צו ריידן. ער לעבט מיט קאַווע, שלאָפט מיט קאַווע, חלומט פון קאַווע. ער האָט „גאָט אויף די ליפּן און אַ קאַווע־קראָם אין האַרצן״. מיט איין וואָרט, דראָאָג־סטאָפּעל איז דער קרעמער ווי ער גייט און שטייט; דער קרעמער מיט זײַן קליינער, ענגהאַרציקער, פיליסטישער מאָראַל, מיט זײַן היפּאָקריטישער אָנשטענדיקייט; ער איז דער מאַן, בײַ וועמען די געדאַנקען און געפילן אַנטוויקלען זיך אין מאַגן אַנשטאָט אין קאָפּ; דער מאַן מיט דעם „גוטן געוויסן״, מיט דער שטרענגען מאָראַל און דעם גראָבן געלט־בײַטל...

אָבער דער זעלביקער דראָאָגסטאָפּעל ווערט פּלוצלונג אַ ראָמאַנען־שרײַבער — פאַרשטייט זיך אין זײַנע פרײַע שעהן, ווײַל געשעפט בלײַבט געשעפט. ער איז אַפילו נישט קיין אָנהענגער פון ראָמאַנען און פּאָעטישע נאַרישקייטן. אַ געוויסער היינריך הײַנע באַקומט פון אים אַ בייזן אָפּשניט צוליב זײַנע אוממאָראַלישע דיכ־טונגען. נאַטירלעך, וואָס פאַר אַ מאָראַל קען האָבן אַ מענטש, וועלכער האָט קיין מאָל נישט נאָכגעדענקט איבער דער גרויסער באַדײַטונג פון דער קאַווע־קולטור! צום מייסטן פאַרהאַסט דראָאָגסטאָפּעל די פּאָעטן, ווײַל זיי זײַנען גרויסע ליגנערס. זיי דערציילן אײַך אַזעלכע זאַכן, וואָס זײַנען נישט געשטויגן און נישט געפלויגן,

נאָר דעם אמת הערט איר קיין מאָל נישט פון זיי. ווען עס איז איצט דרײַ אַזייגער און דער פּאָעט וואָלט געשריבן: „דער זייגער איז דרײַ און דער רעגן איז פאַרבײַ!“ אָט דאָס וואָלט געהייסן אַ דיכטער, מיטן תנאַי, אַז עס האָט באמת פריִער גערעגנט.

אָט דאָס זײַנען די קוק־ווינקלען, וועלכע באַטאַווּס דראָאָגסטאָפּעל דערקלערט אונדז אין די ערשטע פיר קאַפּיטלען פון מאַקס האַוועלאַר, און אין דער זעלביקער צײַט דערציילט ער אונדז אויך, ווי אַזוי ס'האָט זיך געמאַכט, ער זאָל נעמען די פּעדער אין האַנט צו שרײַבן אַ ראָמאַן, אָנשטאָט אַ קאַווע־רעכענונג. די געשיכטע האָט זיך נעמלעך אָפּגעשפּילט אויף אַזאַ אופן: איין מאָל, ווען דראָאָגסטאָפּעל איז געגאַנגען פון דער בערזע צוריק אַהיים, האָט ער זיך באַגעגנט מיט אַן אַלטן שול־פרײַנד און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי יענער וויל אים בעטן אַ געפעליקייט. דער מענטש האָט אַפּילו קיין אויבערראָק אויף זיך נישט געהאַט, דערפאַר האָט דראָאָגסטאָפּעל אויף גיך געאײַלט דורך אַן אַנדער געסל, כדי אויסצומײַדן די געפאַר. אָבער דער אַנדערער האָט אים אויף מאָרגן ווידער אָפּגעוואַרט און דאָס מאָל האָט זיך דראָאָגסטאָפּעל נישט געקענט אַרויסדרייען פון זײַנע הענט. ער האָט אים איבערגעגעבן אַ פּעקל מאַנוסקריפּטן און אים געבעטן צו געפינען אַ פאַרלעגער פאַר אים, ווײַל ער איז זיכער אַז די זאַכן זײַנען ווערט צו ווערן געדרוקט. דראָאָג־סטאָפּעל גייט זיך מיט דעם פּעקל אַ היים. די פאַרשיידענע לידער מאַכן, פאַרשטייט זיך, קיין אײַנדרוק נישט אויף אים. אָבער פּלוצלונג האָט ער אַנטדעקט צווישן די פּאַפּירן אַ מאַנוסקריפּט, וואָס האָט באַלד אַרויסגערופן זײַן גאַנצע אויפמערקזאַמ־קייט, ווײַל דער טיטל דערפון איז געווען: „אַ באַריכט וועגן דער קאַווע־קולטור אין מענאַדאָ“. אַ נײַ רעטעניש! אַ מענטש אָן אַן אויבערראָק שרײַבט אַן אַרטיקל איבער קאַווע! אָבער די געשיכטע איז אינטערעסאַנט און דראָאָגסטאָפּעל באַשליסט צו שרײַבן אַ בוך איבער דעם קאַווע־האַנדל, פאַרשטייט זיך, מיט דעם מאַטעריאַל פון דעם אַנדערן. אין זײַן הויז געפינט זיך צופעליקערווײַז אַ זון פון אַ דײַטשן געע־שעפטס־פרײַנד, ערנסט שטערן, וועלכער פאַרמאָגט אַ געוויסן ליטעראַרישן טאַלאַנט, און באַלד איז אַלץ אַראַנזשירט. שטערן וועט יעדע וואָך אָנשרײַבן אַ פּאָר קאַפּיטלען, דראָאָגסטאָפּעלס זון פריץ וועט פאַרריכטן די גראַמאַטישע און אָרטאָגראַפישע פעע־לערן. — שטערן איז אַ דײַטש און פאַרשטייט נאָך נישט גרינטלעך די האָלענדישע שפּראַך — און נאָך דעם וועט מאַריע, דראָאָגסטאָפּעלס טאָכטער, איבערשרײַבן דעם מאַנוסקריפּט פאַר דעם זעצער. דראָאָגסטאָפּעל אַליין וועט פון צײַט צו צײַט שרײַבן אַ קאַפּיטל, כדי צו געבן דעם בוך אַ פּראַקטישן כאַראַקטער. איין מאָל אַ וואָך זאָל שטערן פאָרלייענען די נײַע קאַפּיטלען, אין אָוונט בײַם טיי, און הערן די מיינונג פון די אַנדערע.

דאָס איז די טעכנישע אײַנטיילונג פון בוך. די ערשטע פיר קאַפּיטלען שרײַבט דראָאָגסטאָפּעל אַליין. ערשט מיט דעם פינפטן קאַפּיטל הייבט זיך אָן די געשיכטע פון מאַקס האַוועלאַר. איצט באַקומט דאָס ווערק אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. מיט גליִענדיקע ווערטער דערציילט אונדז מאַקס האַוועלאַר, ד"ה מולטאַטולי אַליין, זײַנע איבערלעבונגען, ווי אַ הויכער באַאַמטער פון דער האָלענדישער רעגירונג אין די אינ־דישע קאָלאָניעס. וווּנדערלעכע בילדער פון נאַטירלעכער פּראַכט און שיינקייט וויק־לען זיך אויף פאַר אונדזערע אויגן און יעדעס וואָרט קלינגט אין אונדזערע הערצער ווי מוזיק. און אין דאָזיקן גן־עדן שפּילט זיך אָפּ די בלוטיקע טראַגעדיע פון אַ גאַנץ

פאַלק, אַ פאַלק וואָס ווערט באַליידיקט אין זײַנע הייליקסטע געפילן, געטראָטן מיט די פיס, פאַרניכטעט, געטויט, כדי צו באַפרידיקן דעם ברוטאַלן עגאָיזם פון אַ בידעריקער קרעמער־באַנדע. מולטאַטולי דערציילט זײַן געשיכטע מיט אַזאַ קראַפט, אַז דאָס האַרץ ווערט פאַרציטערט און די נשמה הייבט אָן צו קרעכצן פאַר ווייטיק. אָט די קליינע, טרויעריקע געשיכטע פון „סאַידיאַ און אַדינאַ" — ווער קען זי לייענען אָן טרערן אין די אויגן? און די דאָזיקע ליבע־געשיכטע, וועלכע ענדיקט זיך מיט דער שרעקלעכער סצענע, ווו סאַידיאַ געפינט זײַן געליבטע טויט, דער־מאָרדעט פון די האָלענדישע זעלנער, צוזאַמען מיט איר פאָטער און אירע ברידער. די דאָזיקע קליינע געשיכטע איז די גרויסע מאַרטירער־געשיכטע פון די אײַנ־געבוירענע אין די האָלענדישע קאָלאָניעס. און מיר זעען ווי מאַקס האַוועלאַר, דער העלד פון דעם ראָמאַן, דער מאַן, וועלכער קען אַזוי שטאַרק ליבן און אַזוי ביטער האַסן; מיר זעען זײַן געוואַלטיקן קאַמף קעגן דער גרויזאַמקייט און קאָרופּציע פון דער האָלענדישער קאָלאָניאַל־פאַרוואַלטונג. אָבער קיינער וויל אים נישט הערן. מען פאַרלוימדעט אים, מען קלאָגט אים אָן, מען איגנאָרירט אים, נאָר ער שווײַגט נישט, ער פאָדערט גערעכטיקייט פאַר די לײַדנדיקע און אונטערדריקטע. ער איז מקריב זײַן שטעלונג, זײַן גאַנצע קאַריערע. און אָרעם, ווי אַ בעטלער, קומט ער צוריק קײַן האָלאַנד, כדי דאָרטן פאָרצוזעצן זײַן קאַמף.

דאָס דאָזיקע בוך איז געשריבן געוואָרן אין אַן אָרעמען דאַך־שטיבל אין בריסל. עס איז געשריבן געוואָרן מיט ביטערע געפילן פון אַ מאַן, וועלכער האָט אַלץ פאַרזוכט און איז אומעטום דורכגעפאַלן, און צו לעצט האָט ער נאָר געהאַט נאָך איין האָפענונג: צו אַפּעלירן צו דעם עפנטלעכן געוויסן פון זײַן פאָלק. מולטאַ־טולי איז געווען אָן פײַער, אָן ברויט, ווען ער האָט אָנגעשריבן מיט פיבערדיקע הענט די ביטערע דערפאַרונגען, וועלכע ער האָט געמאַכט; און דאָך ווי שנײַדנדיק קלינגען די לעצטע ווערטער פון אָט־דעם איינציקן בוך:

„און ווען קיין זאַך וועט נישט העלפן, דעמאָלט וועל איך איבערזעצן מײַן בוך אויף מאַלאַיִש, יאַוואַניש, סונדאַיִש, אַלפוריש, בוגינעזיש, באַטאַקיש... איך וועל אָנשרײַבן ווילדע קריגס־לידער און אָנצינדן די הערצער פון יענע אָרעמע מאַרטי־רערס, וועלכע איך האָב צוגעזאָגט צו העלפן איך, מולטאַטולי! רעטונג און הילף! אויף אַ געזעצלעכן וועג, אויב עס קען זײַן. אויף דעם וועג פון געוואַלט, אויב עס מוז זײַן! ... און דאָס וואָלט זיכער נישט גוט געווען פאַר די קאַווע־ליציטאַציעס פון דער נידערלענדישער האַנדלס־געזעלשאַפט! ווײַל איך בין נישט קיין דיכטער, וועל־כער ראַטעוועט פליגן, נישט קיין צאַרטער טרוימער ווי דער געטראָטענער האַווע־לאַר, וועלכער האָט געטאָן זײַן פליכט מיט דעם מוט פון אַ לייב און ווינטער גע־הונגערט מיטן געדולד פון אַ מורמל־חיה. אָט־דאָס בוך איז נישט מער ווי אַן אײַנלייטונג. איך וועל וואַקסן אין קראַפט און מײַנע וואָפן וועלן ווערן שאַרפער און שנײַדיקער, אויב עס וועט זײַן נייטיק!... אָבער ניין, עס וועט נישט זײַן נייטיק! ווײַל דיר ווידמע איך מײַן בוך, דיר, ווילהעלם דער דריטער, קעניג, גרויס־הערצאָג, פרינץ... מער נאָך ווי פרינץ גרויס־הערצאָג און קעניג — קייזער פון דעם פראַכט־פולן רײַך אינזולינדע, וואָס שלענגלט זיך אַרום דעם עקוואַטאָר ווי אַ גאַרטל פון גרינע דיאַמאַנטן. אָט דיך פרעג איך, צי עס איז דײַן קייזערלעכער ווילן, אַז די האַוועלאַרס זאָלן ווערן באַשמוצט מיט בלאָטע פון די דראָאָגסטאַפּעלס? און אַז מער

ווי דרײַסיק מיליאָנען פון דײַנע אונטערטאַנען זאָלן ווערן באַוווּלט און באַרויבט אין דײַן נאָמען?״

עס איז לײַדער נישט אָפּצושטעלן זיך אויף די ווײַטערדיקע געשיכטעס פון דעם בוך און אויף דער פּאָלעמיק, וועלכע עס האָט אַרויסגערופן אין דער פּרעסע. נאָר עס איז נאָך נויטווענדיק צו באַמערקן, אַז מולטאַטולי, דער מאַן, וועלכער האָט זיך געדאַרפט „אויסבאָרגן צען סאַנטים בײַ אַ יינגל, אויף צו קויפן אַ פלעשל טינט״, דער זעלביקער מאַן האָט געמוזט דערלעבן, אַז די דראַאַגסטאַפּעלס האָבן אים נישט נאָר באַשמוצט און פאַרלוימדעט, נאָר זיי האָבן אויך אַוועקגערויבט פון אים זײַן בוך, זײַן „מאַקס האַוועלאַר״, וועלכן ער האָט אָנגעשריבן מיטן בלוט פון זײַן האַרץ. דער פאַרלעגער האָט זיך געמלעדן אָפּגעזאָגט צו דרוקן אַ צווייטע אויפלאַגע, און ווײַל ער האָט געהאַט דאָס פאַרלאַג־רעכט, איז מוטאַלטולי נישט געווען אומשטאַנד צו געפינען קיין אַנדער פאַרלעגער פאַר זײַן ווערק. ערשט מיט צען יאָר שפּעטער, ווען די יורשים פונעם ערשטן פאַרלעגער האָבן פאַרקויפט דאָס פאַר־לאַג־רעכט צו אַ צווייטן, האָט געקענט דערשײַנען אַ נײַע אויפלאַגע.

מולטאַטולי האָט פיל געליטן אין די דאָזיקע צען יאָר צײַט, אָבער די לײַדן האָבן אים נישט געבראָכן, פאַרקערט, זײַן גײַסט האָט געוואונען אין קראַפט און אין ענערגיע; און אויב ער האָט זיך פריִער כמעט אויסשליסלעך באַשעפטיקט מיט דער אינדישער פראַגע, האָט ער זיך ביסלעכווײַז גענומען צו אַלע אינסטיטוציעס פון דער געזעלשאַפט. עס איז אים געגאַנגען ווי ד״ר שטאָקמאַנען אין איבסענס „פאָלקס־פײַנד״, וועלכער האָט צו ערשט אויך נאָר גערעדט פון דעם פאַרדאַרבענעם וואַסער אין באָד, אָבער שפּעטער, ווען אַלע האָבן אים פאַרלאָזט, האָט ער געמאַכט נאָך פיל געוואַלטיקערע אַנטדעקונגען. ער האָט פאַרשטאַנען אַז אַלע לעבנס־קוואַלן פון דער געזעלשאַפט זײַנען פאַרגיפטעט, פאַרגיפטעט דורך דעם קליינלעכן עגאָיזם פון די דראַאַגסטאַפּעלס און זייערע נאָכפאָלגער, און אַז די וואָס ווילן רייניקן דעם שמוץ און שאַפן געזונטע לעבנס־באַדינגונגען, די שטאָקמאַנס, די האַוועלאַרס, זײַנען פאַר־האַסט און פאַראַכט פון דער „קאָמפּאַקטער מאַיאָריטעט״.

אין 1861 האָט מולטאַטולי פאַרעפנטלעכט זײַנע „ליבע־בריוו״, איינס פון די אָריגינעלסטע און ווונדערלעכסטע ביכער אין דער גאַנצער ליטעראַטור. אין אָט דעם איינציקן ווערק, איינציק אין פאָרעם און אין אינהאַלט, זעען מיר ערשט ריכ־טיק דאָס אינערלעכע רײַכטום און די געוואַלטיקע קראַפט פון מולטאַטוליס זשעני. עס איז דאָס בוך פון דער גרויסער ליבע און פון דעם גרויסן האַס, „געשריבן פון אַ גאָט און פון אַ טײַוול״ — ווי ער האָט אַליין געזאָגט — אַ גאַנצע פּאַנאָראַמע פון דער מענטשלעכער נשמה אין אירע טויזנטער פאַרשיידענע שטימונגען און עמ־פינדונגען. דאָס זײַנען טענער זיס און צויבערדיק ווי דאָס געזאַנג פון דעם פאַר־ליבטן נאַכטיגאַל אין אַ מילדער זומער־נאַכט, און קריגס־לידער, ווילד און לײַדנ־שאַפטלעך ווי אַ געוויטער־שטורעם. ליבע, בענקעניש, האַס, צאָרן, איראָניע, פאַר־אַכטונג, קראַפט, שיינקייט, מוט, בלוט, טרערן זײַנען פאַראייניקט אין אָט־די גראַנ־דיעזע בילדער, אין אָט די מאָדנע „ליבע־בריוו״ צווישן דרײַ פּערזאָנען: מאַקס, טינע און פאַנסי, די מערקווירדיקסטע, וועלכע זײַנען ביז איצט געשריבן געוואָרן.

מאַקס, דער יונגער זיגפריד מיט דעם טיטאַנישן מוט, וועלכער לאָזט זיך נישט באַאײַנפלוסן פון אַלטע טראַדיציעס און גראָע טעאָריעס; דער יונגער ריז,

וועלכער האָט נאָר איין מאָטאָ אין זײַן גוואַלטיקן קאַמף קעגן די טונקעלע כוחות פון דער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט: „צו ערשט דער ווילן, דערנאָך די קראַפט און צו לעצט דער זיג!" דאָס איז דער דיכטער אַליין, מולטאַטולי, דער קעמפער, דער רעבעל, דער אַנאַרכיסט! און טינע, דאָס איז זײַן ווײַב, וועלכע האָט דורכגעמאַכט מיט אים דעם גאַנצן ביטערן לעבנס־אָפּשניט, פול מיט אויפרעגונג, לײַדן און אַנטוישונג אין אינדיע. אָבער פאַנסי, די וווּנדערבאַרע פאַנסי, צו וועלכער מאַקס האָט געשריבן אַזעלכע אומבאַשרײַבלעכע בריוו, וואָס זײַנען אַזוי טיף פּאָעטיש, אַזוי קלאַנגפול און מוזיקאַליש, אַזוי לײַדנשאַפטלעך, דאָס איז די נשמה פון דעם דיכטער און קעמפער, אָט־די גרויסע, טיפע און העלדישע נשמה, וועלכע איז פאַרבלוטיקט, געשענדט, געטראָטן געוואָרן אין דער וועלט פון די דראַגאָסטאָפעלס, ווו קאַווע און היפּאָקריטישקייט זײַנען די איינציקע געזעצן פון לעבן. און קעגן אָט־דער פאַרשאָלטענער ראַסע העלפט נישט קיין מוט! זיי ווינען אין דעם זומפּ פון לעבן, אין דעם מיסט פון דער געשיכטע. זײַערע וואָפן זײַנען קליינע, שפּיציקע נאָדלען, שמוץ, ליגן, קליינלעכקייט און פאַרלוימדונג. קיין שווערד וועט זיי נישט פאַרניכטן, מען דאַרף אויסברעכן די שויבן פון זייערע הײַזער, כדי זיי זאָלן קראַפירן פון דער פרישער הימל־לופט. אָבער דאָס איז אַ שווערע אַרבעט, שווער, כמעט אוממעגלעך פאַר די, וועלכע זײַנען געבוירן געוואָרן מיט ריינע הערצער און ליכטיקע נשמות. אָ, די דראַגאָסטאָפעלס, די דראַגאָסטאָפעלס, אויך זיי זײַנען כמעט אומשטערבלעך, אומשטערבלעך ווי די אייביקע געמיינקייט! העלף אונדז, פאַנסי, העלף, אַז דײַן זיג־פריד זאָל נישט דערשטיקט ווערן אין קאַווע, ניין, אין בלאָטע! ווײַל אַזוי לאַנג ווי דו וועסט עקסיסטירן, איז דער העלד אומבאַזיגלעך. די דראַגאָסטאָפעלס זײַנען מעכטיק, אָבער איין זאַך וועט זיי קיין מאָל נישט געלינגען, זיי וועלן קיין מאָל נישט אַרײַנדרינגען אין דעם אינערלעכן הייליקטום פון זײַן האַרץ, ניין, און טויזנט מאָל ניין, דער טעמפּל פון זײַן נשמה איז נישט קיין אָפּטריט פאַר די קרעמער!

„זעסטו די זון, פאַנסי? אָדער ביסטו אַליין די זון? ביסטו דער צענטער פון דער ערד, וועלכער ציט אַלצדינג צו צו זיך? דעמאָלט איז יעדער רעגן־טראָפּן אַ שליחות צו דיר! דעמאָלט איז יעדער בליץ, וואָס שפּאַלט פונאַנדער די וואָלקנס, יעדער דונער, אַ ליבע־בריוו צו דיר, צו דיר! יאָ, יאָ, איך וואַרף אָט־דעם בריוו אַראָפּ אין גאַס, כדי דער וואָס גייט פאַרבײַ זאָל מיינען אַז ער קאָן אים אַרײַנכאַפּן, ווען ער גיט מיר אַ קאָפּיקע פאַר אַ זײַטל... אָבער ער וועט זיך אָפּנאַרן: דער בליץ וועט אים פאַרברענען די פינגער!"

אָבער פאַנסי לײַדט, זי קען נישט לעבן אין אָט־דער קליינער וועלט, זי פאָדערט ליכט, לופט, פרײַהייט! און מאַקס דערציילט איר יענע ווונדערלעכע נײַן מעשות וועגן אורשפּרונג פון דער אויטאָריטעט.

ווען מולטאַטולי וואָלט מער נישט געשריבן ווי יענע נײַן קורצע געשיכטעס, וואָלט זײַן נאָמען קיין מאָל נישט פאַרגעסן געוואָרן. ווײַל עס האָט זיך נאָך קיינעם נישט אײַנגעגעבן צו זאָגן מיט אַזוי ווייניק ווערטער אַזעלכע גוואַלטיקע אמתן. מיט דעם אינהאַלט פון אָט די נײַן קליינע מעשהלעך האָבן אַנדערע אָנגעפילט אַ גאַנצע ביבליאָטעק און דאָך איז עס זיי קיין מאָל נישט געלונגען אויסצודריקן זייערע אידייען אַזוי קלאָר און שאַרף ווי מולטאַטולי האָט עס געטאָן. נאָר אַ זשעני, ווי דער גרויסער האָלענדער איז געווען אומשטאַנד צו שאַפן אַזאַ ווערק, וואָס אַנטהאַלט

אין זיך אַלע גרונט־עלעמענטן פון דעם אַנאַרכיסטישן געדאַנק. אָט־די נײַן דער־ציילונגען זײַנען שוין אַלע איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש און דערפאַר איז נישט נייטיק זיי צו קאָמענטירן.

אין די „ליבע־בריוו״ שפּיגלט זיך אָפּ דער גאַנצער אינערלעכער נשמה־קאַמף פון דעם גרויסן שריפטשטעלער, די גאַנצע גרויסקייט פון זײַן כאַראַקטער. עס איז די טראַגעדיע פון אַן איינזאַמען קעמפער און אין דער זעלביקער צײַט די טראַגעדיע פון דער גאַנצער מענטשהייט. אָבער נישט שטענדיק וועט עס זײַן אַ טראַגעדיע, ווײַל דער לעצטער בריוו איז אַ טריומף־געזאַנג פון דער גרויסער צוקונפט: — „צו ערשט דער ווילן, דערנאָך די קראַפט און צו לעצט דער זיג!״ — — —

עס איז כאַראַקטעריסטיש אַז מולטאַטולי, וועלכער איז געווען אַזוי אָרעם, אַזוי ביטער אָרעם, האָט דאָס דאָזיקע בוך געשריבן, כדי צו העלפן אַ פאַמיליע, וועלכע איז געווען אין שלעכטע אומשטענדן. דער דאָזיקער אינדיווידואַליסט, וועל־כער האָט באַליידיקט דאָס ליבע פובליקום מיט די בײַסיקע ווערטער: „פובליקום, איך שפּײַ אויף דיר מיט גרויס האַרציקייט!״ איז שטענדיק געווען גרייט צו טיילן דעם לעצטן ביסן ברויט מיט אַנדערע. ניין, דאָס איז פאַלש, ער האָט אַוועקגעגעבן דעם לעצטן ביסן און אַליין געהונגערט. דער זעלביקער מאַן, וועלכער האָט אין 1861 געשריבן די „ליבע־בריוו״, אַ בוך פאַר אַלע צײַטן, האָט אין 1862 פאַרעפנט־לעכט די פאָלגנדיקע דערקלערונג אין דרײַ אַמסטערדאַמער צײַטונגען:

„ איך מאַך באַקאַנט צו דעם פאָלק פון האָלאַנד, אַז פאַר מיר ליגט אַ בריוו, אין וועלכן אַ מענטש דראָעט מיר צו פאַרקויפן מײַןווירטשאַפט.

„מײַן גאַנצע ווירטשאַפט זײַנען: מײַנע קליידער און מײַנע קינדער! עפּעס אַנדערש האָב איך נישט. און דאָס איז אײַער שאַנדע, האָלענדער, נישט מײַנע.

עדואַרד דויעס דעקער

אַמסטערדאַם, דעם 31סטן יאַנואַר 1862.

די דאָזיקע עטלעכע ווערטער זײַנען אַ קולטור־געשיכטלעכער דאָקומענט פאַר קומענדיקע צײַטן, אַ מוראַדיקע אָנקלאַגע קעגן דער פירמע דראָאָגסטאָפּעל און קאָמפּאַניע.

דער „געשפּרעך מיט יאַפּאַנער״, וועלכן א . פרומקין האָט איבערגעזעצט פאַר די לייענערס פון „זשערמינאַל״, איז פונקט דערשינען אין דער זעלביקער צײַט. ער איז צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ בירגערלעכער צײַטונג, און מולטאַטולי האָט געטראַכט דערפון צו מאַכן אַ גרעסערע אַרבעט. אָבער ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט מיסטער דראָאָגסטאָפּעל, מיט דער גאַנצער אַרמיי פון די דראָאָגסטאָפּעלס, וועלכע האָבן געשריגן געוואַלט, ווען זיי האָבן דערזען די ערשטע אַרטיקלען. די דאָזיקע בײַסיקע סאַטירע איז דאָך געווען קעגן דער קאָנווענציאָנע־לער מאָראַל, קעגן דעם געזעץ פון אָנשטענדיקייט, קעגן די פאַרשימלטע מנהגים פון די אַלע קרעמערישע נשמות, וועלכע זײַנען די מעגלעכע לייענערס פון אַ צײַטונג. דער רעדאַקטאָר האָט צו ערשט אַרויסגעוואָרפן עטלעכע געפערלעכע שטעלן, און מולטאַטולי איז געצוווּנגען געווען אויפצוגעבן זײַנע ווײַטערדיקע אַרטיקלען.

אין דער זעלביקער צײַט האָט מולטאַטולי אָנגעהויבן צו שרײַבן זײַן גרויס זאַמלווערק „אידייען". דער כאַראַקטער פון דעם דאָזיקן אויסטערלישן ווערק, פון וועלכן דער זיבעטער און לעצטער באַנד איז דערשינען אין 1877, איז פון מולטאַטולי אַליין צום בעסטן אילוסטרירט געוואָרן אין דעם פאָלגנדיקן בריוו צום פאַרלעגער:

„ניין, מען זאָל נישט זאָגן אַז קיינער האָט נישט געפּרוווט באַפרײַען דאָס פאָלק פון דער קללה וואָס ליגט אויף אים. מען זאָל נישט זאָגן, אַז קיינער האָט נישט געוואָגט זיך צוצורירן צו דער גרויסער קראַנקייט, פון וועלכער דאָס פאָלק לײַדט — דעם ל י ג ן. איך וועל טאָן וואָס איך וועל קענען. איך בעט אײַך אָנצונעמען דאָס אַרויסגעבן פון אַ ווערק, וועלכעס איך האָב באַשלאָסן צו דרוקן. איך וועל דאָרטן טראַכטן פון אמת. דאָס איז מײַן פּראָגראַם, מײַן איינציקער פּראָגראַם. איך וועל געבן באַריכטן, דערציילונגען, מעשהלעך, ראָמאַנען, פאַראַבלען, באַטראַכטונגען, דערינערונגען, ראָמאַנען, נביאות, פּאַראַדאָקסן... איך האָף אַז יעדע באַטראַכטונג יעדער באַריכט וועט אַנטהאַלטן אַן אידייע. מײַן ווערק זאָלט איר רופן „אידייען", נישט אַנדערש, און דער מאָטאָ דערפון זאָל זײַן: „אַ זעער גייט אַרויס צו זען!"

עס איז אַ מוראדיק ווערק, די „אידייען". אַזעלכע פאַרניכטנדיקע אַטאַקעס זײַנען פריִער נאָך נישט געהערט געוואָרן. עס איז דער שטורעם אויף דעם טעמפּל פון די פיליסטערס. מולטאַטולי אַטאַקירט אַלע אינסטיטוציעס פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, ער צעשטערט אַלע געזעצן-בילדער פון פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער און גיסט אויס זײַן דעמאַנישן שפּאָט אויף די אַלטע מנהגים און געוווינהייטן, וועלכע בילדן דאָס גײַסטיקע ברויט פון אונדזער צײַט. יעדער זאַץ איז אַ טויט-קלאַפּ, ער ווירקט ווי אַן ערדציטערניש אויף דער וועלט פון די קרעמערס און פיליסטערס. ווי אַ ריז שטייט אָט-דער מאַן פאַר זײַנע צייט-גענאָסן, די בלאַנקע שווערד אין דער האַנט און גיט אָפּ זײַן אורטייל פאַר דור דורות. ער רײַסט אַרונטער די אײַזערנע מאָנומענטן פון די הייליקע קברים און ווײַזט אונדז די פאַרשימלטע און צעפוילטע הייליקייט. ער גיסט אויס אַ רעגן פון פײַער אויף דער בלומרשטער אָנשטענדיקייט, אויף דער גאַנצער בירגערלעכער מאָראַל און ווײַזט אונדז אַז אָט-די מאָראַל איז נישט מער ווי אַ שלייער צו פאַרדעקן דעם סיפיליטישן קערפּער פון דער פּראָסטיטוציע. ער רעדט צו דעם ווײַב, צו דער שקלאַפן פון טויזנטער און טויזנטער יאָרן, און מיט אַ דראַענדיקער שטימע פרעגט ער: „קריסטן, וואָס האָט איר געמאַכט פון דער פרוי?" און מיט גליִענדיקע ווערטער פּרעדיקט ער די עוואַנגעליע פון דער הייליקער ליבע, פון דער אייביקער שיינקייט, פון דעם נײַעם מענטשן, וועלכער איז „ביז איצט נאָך נישט אַנטדעקט געוואָרן". און פּלוצלונג שטעלט ער זיך אָפּ אויף אַ מאָמענט און שרײַבט די וווּנדערלעכע „געשיכטע פון דעם קליינעם וואַלטער", וווּ ער ווײַזט אונדז די קינדערשע נשמה מיט אַזאַ מײַסטערשאַפט, אַז אַפילו זײַנע אָנקלאָגער האָבן געמוזט אַראָפּלאָזן די אויגן פאַר דעם דאָזיקן זשעני.

דאָס איז מולטאַטולי דער רעבעל, דער צעשטערער, דער אַרכיטעקט פון אַ נײַער צוקונפט. יאָ, ער האָט פיל איבערגעטראָגן אין זײַן לעבן און דערפאַר איז ער צו לעצט אַזוי פאַרביטערט געוואָרן. ער האָט געפּרעדיקט אַ נײַ לעבן, און דערפאַר האָבן זיי צוגענומען פון אים דאָס טרוקענע שטיקל ברויט. ערשט די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט אים אַ פרײַנד געגעבן די מעגלעכקייט זיך אָפּצורוען אַ ווײַלע. אין

אַ קליין דערפֿל אין דײַטשלאַנד איז ער געשטאָרבן אין 1886, אַן אַלטער מאַן פֿון 66 יאָר.

די דראַגאָסטאָפּעלס עקסיסטירן נאָך הײַנט, אָבער הער נאָמען מולטאַטולי פֿאַרפֿאָלגט זיי, ווי דאָס בייזע געוויסן, ווײַל זיי ווייסן אַז דער געטראָטענער זשעני לעבט און שטרעבט פֿאַר דער אייביקייט.

1906

# לעוו טאָלסטאָי, דער נביא פון אַ נײַער עפּאָכע

וואָס אייערע אויגן זעען, וואָס איר טאַפּט אָן מיט אייערע הענט, דאָס זיינען נישט מער ווי שאָטנס, און דער טאָן, וואָס קלינגט אין אייערע אויערן, איז נישט מער ווי אַ גראָבער אָפּקלאַנג פון דער אי־בערלעכער שטים, וועלכע בעט זיך און זיפצט אין שויס פון דער שאַפונג.

דע לאַמנע.

יעדעס מאָל, ווען איך לייען איבער איינע פון טאָלסטאָיס פילאָסאָפישע שריפטן, דערמאָן איך זיך אין אַ קליינער סקיצע פון עריך גוסטאַווסען, „דער מאַסקן־באַל". אַ רײַכער גראַף אַראַנזשירט אַ מאַסקן־באַל פאַר זײַנע צאָלרײַכע פרײַנד. אין דעם גרויסן און הערלעך באַפּוצטן זאַל באַוועגט זיך דאָס לעבן אין הונדערטער פאַרשיידענע געשטאַלטן. די פּאָרלעך וויגן זיך אויף די כוואַליעס פון אַ זיסער מוזיק, אומעטום וויץ, געלעכטער, פריילעכקייט. אָבער פּלוצלינג דערשײַנען צוויי נײַע מאַסקעס אין דער פריילעכער געזעלשאַפט: אַ פּאַיאַץ און אַ מאָנאַך. קיינער האָט נישט געוווסט פון וואַנען זיי זײַנען געקומען, צי מען האָט זיי אײַנגעלאַדן, ווער זיי זײַנען. נאָר יעדער האָט געפילט, ווי עפּעס פרעמדס, קאַלטס, מוראדיקס אַנטוויקלט זיך בײַ אים אין האַרצן, אַן עפּעס וואָס פּאַסט נישט צו דער פריילעכער שטימונג פון דער דאָזיקער נאַכט. די בײדע מאַסקעס האָבן זיך אַרומגעשפּאַצירט איבער דעם זאַל, און ווער עס איז געקומען נאָענט צו זיי, דעם האָבן זיי אַרײַנגעשושקעט שטילע באַמערקונגען אין אויער, וועלכע האָבן געברענט ווי אַ פײַער אין דער נשמה. דער פּאַיאַץ האָט געשטעמפּלט מיט אַ גרויזאַמער איראָניע די לעכערלעכע און קליינלעכע זײַטן פון יעדערנס כאַראַקטער און האָט אָן רחמנות אַראָפּגעצויגן דעם שלייער פון די אינטימסטע און אינערלעכסטע געדאַנקען, ווונטשן און האָפענונגען; דער מאָנאַך ווידער האָט אָנגערירט מיט זײַנע ווערטער געהיימע ווונדן אין יעדערנס האַרץ און יעדן געלאָזט פילן, אַז די אויסערלעכע פריילעכקייט קען נישט פאַרטויבן דעם אינערלעכן ווייטיק.

יעדער איינער, מיט וועמען די בײדע פרעמדע האָבן גערעדט, האָט זיך אַוועקגעזעצט שטילערהייט אין אַ ווינקל און האָט זיך אין גאַנצן פאַרגעסן אין דער רוישנדיקער פריילעכקייט פונעם מאַסקן־באַל. יעדער האָט געפילט, אַז מען האָט באַרירט סטרונעס אין זייערע הערצער, וועלכע האָבן קיין מאָל פריִער נישט גע־

קלונגען. שפּעטער, ווען די בײדע פרעמדע זײַנען פאַרשוווּנדן, האָבן זיך אַפילו די מײסטע ווידער פאַרגעסן אין אַלעם, וואָס האָט פּאַסירט, אָבער אײניקע זײַנען פאַר־בליבן ערנסט און זײַנען זיך אַהײם געגאַנגען פאַרטראַכטערהײט.

אויך טאָלסטאָי איז אײנער פון די ווייניקע, וועלכע זײַנען פּלוצלינג ערנסט געוואָרן אויף דעם מאַסקן־באַל פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע; אײנער פון די, וועלכע זײַנען זיך אַהײם געגאַנגען פאַרטראַכטערהײט און וועלכע ווען זיך שוין מער נישט צוריקקערן. אויך ער האָט געהערט די סודותפולע שטימען, וועלכע האָבן אים אַרײַנגעשושקעט אין אויער, ער האָט געפילט די ביטערע, לײַדנשאַפטלעכע און גרויזאַמע איראָניע פון דעם פּאַיאַץ און די פאַרצווייפלטע טרויעריקײט, די ווײיטיקלעכע ערנסטקײט פון דעם מאַנאַכס ווערטער. אָט־די אינערלעכע אַנטדעקונג האָט געווירקט אויף זײַנע טיפע עמפּינדונגען, אויף יעדן נערוו פון זײַן אינטעלעק־טועלער טעטיקײט און האָט אַרויסגערופן און אַנטוויקלט אין אים דעם פּראָפעטישן גײַסט און די טיפע מאָראַלישע קראַפט, וועלכע אַפּעלירן אַזוי שטאַרק צו דעם געוויסן פון אונדזער צײַט.

עס זײַנען פאַראַן ווייניק שריפטשטעלער, בײַ וועלכע די קראַפט פון דער דאָזי־קער אינערלעכער דערקענטעניש האָט געפונען אַזאַ מעכטיקן אויסדרוק ווי בײַ טאָלסטאָיען. מען דערפילט באַלד, אַז דאָס איז נישט קײן געוויינטלעכע באַשרײַבונג, נײַערט אינערלעכע איבערלעבונגען, עקספּעריענץ פון דער נשמה, וועלכע וואַקסן אויס אין דער שעפערישער האַנט פונעם קינסטלער צו אַ לעבעדיקן קונסט־ווערק.

טאָלסטאָיס הויפּט־ווערק האָבן אַלע אַן אויטאָ־ביאָגראַפישן כאַראַקטער, און וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ קלאָרער און באַשטימטער מאַניפעסטירט זיך די דאָזיקע אײגנטימלעכקײט אין זײַנע שריפטן.

אין זײַנע ערשטע בײַטראָגן צו דער ליטעראַטור, די „קינדער־יאָרן", וועלכע זײַנען צו ערשט דערשינען אין דער צײַטשריפט „סאָוורעמעניק", ווײַזט זיך באַלד אַרויס דער געניאַלער בליק פון דעם אמתן קינסטלער. דער פײַנער אַנאַליז פון דער קינדערשער נשמה, וועלכן טאָלסטאָי האָט אונדז געגעבן אין דעם דאָזיקן ווערק, געהערט צו די טיפסטע און רײַכסטע אויפפאַסונגען, וועלכע די מאָדערנע ליטע־ראַטור האָט געשאַפן. אירטעניעוו, דער העלד פון דער דערציילונג, איז טאָלסטאָי אַלײן, וועלכער דערציילט אונדז מיט אַ ווונדערלעכער פּאָעטישער קראַפט, ווי אַזוי די אַרומיקע וועלט מיט אירע אַלע דערשײַנונגען און פּאַסירונגען שפּיגלט זיך אָפּ אין דער קינדערשער נשמה. אין די פאַרזעצונגען פון דעם דאָזיקן ערשטן ווערק, אין די „יינגלשע יאָרן" און „יוגנטלעכע יאָרן" ווײַזט זיך דער אויטאָ־ביאָגראַפּי־שער שטריך נאָך דײַטלעכער אַרויס און אין דער זעלבער צײַט די מערקווירדיקע פעיִקײט צו אילוסטרירן די קלענסטע אויסערלעכע דערשײַנונגען, נישט שטערנדיק מיט דעם די אַלגעמײנע קינסטלערישע האַרמאָניע פון דעם ווערק אין אַלגעמײן. אָט די אויסערגעוויינטלעכע פעיִקײט, די אמתע כאַראַקטעריסטיק פון אַ גרויסן קינסטלער, מאַניפעסטירט זיך אין אַלע ווערק, וועלכע דער רוסישער שריפטשטע־לער האָט געשריבן. זײַנע ווונדערלעכע לאַנדשאַפט־בילדער און סצענעס פון קאַווּר־קאַז, ווו ער איז געווען אַלס יונגער אָפיציר, זײַנען ליטעראַרישע מאַלערײַען אין פולן זין פון וואָרט. אין די בײדע שריפטן, וועלכע באַשרײַבן די באַלאַגערונג פון סעוואַסטאָפּאָל, וועלכע דער דיכטער האָט פּערזענלעך מיטגעמאַכט ווי אַן אַקטיווער

אָפיציר פון דער רוסישער אַרמיי, באַשעפטיקט זיך טאָלסטאָי צום ערשטן מאָל מיט די טראַגישע און דעמאָנישע זייטן פון לעבן. אין די דאָזיקע דורך און דורך אָריגינעלע קריגס־באַשרייבונגען, וועלכע שטיצן זיך אויף די פיינסטע פסיכאָלאָגישע באַאָבאַכטונגען פון דער מענטשלעכער נאַטור, דערקענען מיר שוין דעם שפּעטערדיקן שעפער פון דעם גיגאַנטישן ווערק „קריג און פרידן". אָבער פריער האָט טאָלסטאָי נאָך געמוזט דורכמאַכן אַן אַנדער שולע פונעם לעבן, איידער די גראַנדיעזע פילאָסאָפיע, וועלכע בילדעט דעם גרונט־אַקאָרד פון דעם אויבן־דערמאָנטן ווערק, איז פולשטענדיק רייף געוואָרן.

ווען טאָלסטאָי איז אין 1856 צוריקגעקומען פון סעוואַסטאָפּאָל, איז ער געווען איינער פון די ליבלינגס פון דער אַזוי גערופענער „הויכער געזעלשאַפט". אין פּעטערבורג האָט מען אים אויפגענומען ווי איינעם פון די „העלדן", וועלכע האָבן גענומען אַן אָנטייל אין די בלוטיקע קאַמפן פון סעוואַסטאָפּאָל און אין דער זעלבער צייט אויך ווי דעם יונגן טאַלאַנטפולן שריפטשטעלער, וועמען די בעסטע רוסישע קריטיקער האָבן אָנגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט. אַז דער יונגער קינסטלער האָט נישט געפונען קיין געשמאַק אין מיליטאַריזם, דאָס האָט מען דייטלעך געקענט אַרויסזען אין זיינע קריגס־בילדער; אָבער אַ באַשטימטע אידעע, אַן אידעאַל פאַר דער צוקונפט האָט ער נאָך דעמאָלט נישט געהאַט. אין דער רוסישער הויפּטשטאָט האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנצער אינערלעכער ליידנשאַפט אין דעם לעבן פון דער אַריסטאָקראַטישער יוגנט. ער האָט באַזוכט די רייכע קאַפעען און פאַרגעניגנס־פלעצער, ווו דער וויין און די פרוי זיינען די בײדע פּאָליוסן, אַרום וועלכע אַלץ דרייט זיך. פאַר אַ געוויסע צייט האָט דער יונגער קינסטלער געפונען אַ באַפרידיקונג אין אָט־דעם שטענדיקן יאָגן זיך נאָך אַלץ נייערע און ראַפינירטערע פאַרגעניגנס, אָבער ענדלעך איז אויך ביי אים געקומען די אומפאַרמיידלעכע רעאַקציע, ווען ער איז אָפּגעשטויסן געוואָרן פון יענעם פוסטן לעבן אָן אַ שום גייסטיקן אינהאַלט. אַ כאַראַקטער ווי טאָלסטאָי האָט נישט געקענט אונטערגיין אין דעם גרויסן זומפּ פון יענער געזעלשאַפט, וועלכע רופט זיך מיט שטאָלץ דער פּריווילעגירטער קלאַס. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאָזיקע לעבן איז נישט מער ווי אַ טומל, וועלכער קען פאַר אַ געוויסער צייט פאַרטויבן דעם גייסט און אויסהונגערן די נשמה, אָבער אַן אמתער כאַראַקטער, וועלכער זוכט אין לעבן עפּעס טיפערס, ווערט נאָך דעם טומל נאָך שטאַרקער פילן די אינערלעכע פאַרצווייפלונג.

אין די שריפטן, וועלכע טאָלסטאָי האָט געשאַפן אין יענעם פעריאָד, קען מען דייטלעך אַרויסזען דאָס זוכן עפּעס נייעס, און אָפט מאָל באַקומט מען דעם איינדרוק, אַז אַ לעבעדיק באַגראָבענער ראַנגלט זיך מיט אַלע קרעפטן, כדי צוצוקומען צו דעם פלאַץ, ווו ער זעט אַ פיינעם, דינינקן ליכט־שטראַל. דער שטראַל פאַרשווינדט פון צייט צו צייט אין דער פינצטערניש, אָבער ער באַווייזט זיך שטענדיק ווידער פון דאָס ניי.

ווען טאָלסטאָי האָט ענדלעך פאַרלאָזן רוסלאַנד, כדי זיך צו באַקענען מיט דעם מערב־אייראָפּעישן לעבן, איז איינער פון זיינע הויפּט־מאָטיוון זיכער געווען די אינערלעכע אומצופרידנקייט, די פוסטקייט פון אַ לעבן, וועלכעס האָט אים מער נישט געקענט באַפרידיקן. די מערב־אייראָפּעישע קולטור איז דעמאָלט געווען דער אידעאַל פון די געבילדעטע קלאַסן אין רוסלאַנד, און וואָס טיפער די געבילדעטע

יוגנט האָט געפילט די שרעקלעכע אומוויסנקייט און די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די ברייטע רוסישע פויערים־מאַסן, אַלץ גלענצנדיקער האָט זיך אים אויסגעוויזן דאָס געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע לעבן אין מערב־אייראָפּע, די מערב־אייראָפּעיִשע בילדונג און וויסנשאַפט. און די מייסטע זײַנען ווירקלעך פאַרבלענדט געוואָרן פון דעם אומגעהײַערן טעכנישן און אינדוסטריעלן פּראָגרעס אין יענע לענדער, פון די טויזנטער רעזולטאַטן פון אַ ראַציאָנאַליסטישער וויסנשאַפט און די מאָדערנע פּרינציפּן פון דער מערב־אייראָפּעיִשער פּאָליטיק.

אָבער טאָלסטאָי האָט אויך דאָרטן נישט געפונען די לייזונג פון די באַדײַטונגספולע פּראָגן און פּראָבלעמען, וועלכע האָבן אַוועקגערויבט פון אים די אינערלעכע צופרידנקייט. זײַן שאַרפער קריטישער בליק האָט באַלד אויסגעפונען, אַז יענע גלענצנדיקע מערב־אייראָפּעיִשע ציוויליזאַציע איז נישט מער ווי אַ גלענצנדיקער שלייער, מיט וועלכן מען האָט פאַרדעקט די געזעלשאַפטלעכע באַרבאַריע. ער האָט אָנגעהויבן באַגרײַפן, אַז יענע באַרימטע קולטור שטיצט זיך אויף דעם עלנט פון מיליאָנען לויין־שקלאַפן, וועלכע אַ פאַלשע וויסנשאַפט האָט דערקלערט פאַר אַן אומפאַרמײַדלעכן איבל. ער האָט געזען ווי דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכן די נויט האָט צונויפגעטריבן אין די גרויסע צענטערס פון דער מערב־אייראָפּעיִשער אינדוסטריע, ווערט וואָס ווײַטער אַלץ מער אָפּגעריסן פון דער מוטער־ערד און פון דער אַלגעמיינער נאַטור און פאַרלירט דורך דעם ביסלעכווײַז יעדע אינערלעכע באַציִונג מיט דער גרויסער אַלגעמיינקייט פון אַלע דערשײַנונגען. ער האָט געפילט, אַז דער מענטש, וועלכער פאַרלירט די אינערלעכע באַציִונג מיט דער גרויסער און אַלגעמיינער נאַטור, איז נישט מער ווי אַ בלום, וועלכע מען האָט אַרויסגעריסן פון דער פּרוכטבאַרער ערד: זי פאַרוועלקט, שטאַרבט אָפּ און גייט אונטער.

טאָלסטאָי איז געווען איינער פון די ווייניקע, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרבלענדן דורך דעם אויסערלעכן טעכנישן און אינדוסטריעלן פּראָגרעס פון אַ פאַרבײַגייענדיקן פּעריאָד. דאָס גאַנצע גרויזאַמע אומרעכט פון דער דאָזיקער אַזוי געררופּענער קולטור האָט זיך פּלוצלינג ריזן־גרויס אַנטוויקלט פאַר זײַנע אויגן און אַלץ דײַטלעכער האָט ער באַגריפן, אַז אויך דאָרטן וועט ער נישט געפינען קיין ענטפער אויף די גרויסע פּראַגן, וועלכע האָבן אים פאַרפאָלגט.

שוין אין רוסלאַנד האָט טאָלסטאָי פאַרשטאַנען, אַז דער קליינער קרײַז פון פּאַראַזיטישע לײדיקגייער, וועלכע בילדן די אַזוי גערופענע „אָפיציעלע געזעלשאַפט", שטייט אויסערהאַלב פון דעם גרויסן און געהיימנישפולן פּראָצעס פונעם לעבן. די דאָזיקע דערקענטעניש האָט זיך בײַ אים נאָך פאַרשטאַרקט, ווען ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט דעם מערב־אייראָפּעיִשן לעבן. ער האָט אָנגעהויבן באַגרײַפן, אַז אָט־די טונקעלע, אומבאַקאַנטע, פאַרשקלאַפטע און פאַראַכטעטע מאַסן זײַנען אין דער ווירקלעכקייט דער פּרוכטבאַרער שויס, פון וועלכן עס קומען אַרויס אַלע גרויסע און אַלגעמיינע שטרעבונגען, אַלע באַנײַונגען פונעם לעבן און פון די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. בײַ אָט־די דאָזיקע מאַסן, וועלכע מען האָט איגנאָרירט, וועלכע מען הייבט אָפּילו נישט אָן צו פאַרשטיין, בײַ זיי קען מען געפינען דעם וואָרצל פון יעדן אידעאַל. יעדע גרויסע באַוועגונג איז געבוירן געוואָרן אין שויס פון די מאַסן, זי איז אינספּירירט געוואָרן דורך זייער גײַסט, זייערע געפילן, זייערע האָפענונגען; זיי זײַנען געווען דער פונדאַמענט פון יעדער קולטור, די שאַפּנדיקע

קראַפט פון אַלע גרויסע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, פון אַלע פאַרענדערונגען. דער גײַסט פון די מאַסן האָט באַוויגן מיליאָנען און מיליאָנען איינצלנע מענטשן, האָט זיי אַלעמען געגעבן די זעלביקע איבערצײַגונגען, די זעלביקע ווונטשן, די זעלביקע בענקשאַפט. ער האָט באַשטימט דעם כאַראַקטער פון די גרעסטע פעריאָדן אין דער מענטשלעכער געשיכטע און אַלץ וואָס דער זשעני פונעם איינצלנעם האָט געשאַפן, איז אינספּירירט איז באַפרוכטיקט געוואָרן פון יענער געהיימנישפולער קראַפט, וועלכע לעבט און שטרעבט אין דער טיפקייט פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

טאָלסטאָיס ריזיקע מאָלערײַ „קריג און פרידן" שטיצט זיך אויף דער דאָזיקער פילאָסאָפיע פון דער מאַסע. עס איז דירעקט געבוירן געוואָרן פון אָט־דער דערקענטעניש. דאָס דאָזיקע וווּנדערלעכע קונסט־ווערק, וועלכעס אַנטוויקלט פאַר אונדזערע אויגן אַזוי ווי אַ ריזיקע פּאַנאָראַמע די גאַנצע רוסישע געשיכטע פון 1805 ביז 1812, יענעם קאָלאָסאַלן פּעריאָד אינעם לעבן פון די אייראָפּעיִשע פעלקער, ווען די מײַלער פון די קאַנאָנען האָבן אומעטום פּראָקלאַמירט דאָס בלוטיקע און אײַזערנע געזעץ פון דער מלחמה. דאָס איז נישט קיין היסטאָרישער ראָמאַן אין געוויינטלעכן זין פונעם וואָרט, עס איז אַ געמעל, אַ גראַנדיעז בילד, געשאַפן פון איינעם פון די גרעסטע מאָלערס, וועלכער האָט פאַרשטאַנען און באַלעבט יעדע איינצלהייט, יעדן איינצלנעם כאַראַקטער, נישט פאַרגעסנדיק צוליב דעם די אַלגעמיינע גרויסע, גיגאַנטישע גרונט־ אידעען פון דעם גאַנצן ווערק.

אין „קריג און פרידן" האָט טאָלסטאָי צעשמעטערט דעם העלדן־גלויבן פון די פּראַגמאַטיקער, וועלכע זעען אין דער געשיכטע נאָר די „גרויסע פּערזענלעכקייטן" און איגנאָרירן אין גאַנצן דאָס לעבן און די שטרעבונגען פון די מאַסן. יעדער איינציקער, וואָס האָט אַ מאָל געלייענט מיט באַגײַסטערונג קאַרליילס בוך איבער „העלדן און העלדן־פאַרערונג", דעם עצה איך באַלד דערנאָך צו לייענען טאָלסטאָיס מעכטיק ווערק, עס וועט אים זיכער אויסהיילן פון יעדן גלויבן אין די אויסדער־ווילטע. טאָלסטאָי קען דעם קריג פּערזענלעך, ער האָט אים אַליין געזען אין זײַנע אַלע געשטאַלטן און דערפאַר ווייסט ער פון זײַן פּערזענלעכער דערפאַרונג, אַז די אַזוי גערופענע „העלדן" פון דער היסטאָריע זײַנען אויך בלויז מענטשן, און אָפט מאָל אַפילו זייער קליינע מענטשן, וועלכע האָבן בלויז פאַרשטאַנען צו באַפוצן זיך מיט די פאַרדינסטן פון אַנדערע, פון די אומבאַקאַנטע און פאַרגעסענע אין דער געשיכטע, וועלכע זײַנען אין דער ווירקלעכקייט געווען די יעניקע, וואָס „מאַכן די געשיכטע".

איך קען איבערהויפּט נישט קיין ווערק אין דער אַלטער און נײַער ליטעראַטור, אין וועלכן די געהיימנישפולע טעטיקייט פון די מאַסן, זייערע אינערלעכע שטרע־בונגען און געפילן האָבן געפונען אַזאַ מעכטיקן און אומפאַרגעסלעכן אויסדרוק ווי אין דעם דאָזיקן געניאַלן ווערק. און וואָס פאַר אַ רײַכטום אין פאַרבן און סצענעס: די בלוטיקע שלאַכטן פון אויסטערליץ און באָראָדינאָ, די שריפה פון מאָסקווע, דער שרעקלעכער ריקצוג פון נאַפּאָלעאָן און די אַלע גרויזאַמע פּאַסירונגען פון יענער ביטערער צײַט — דאָס אַלץ שפּיגלט זיך אָפּ מיט אַן אומפאַרגלײַכלעכער דײַטלעכקייט פאַר אונדזערע אויגן און איבער דעם גאַנצן שוועבט די קללה פון די פעלקער, די שרעקלעכע אָנקלאַגע קעגן דעם אָרגאַניזירטן מאָרד פון די מאַסן — דעם קריג.

עס איז דאָ נישט דער פּלאַץ זיך נענטער צו באַשעפטיקן מיט טאָלסטאָיס

ראָמאַן „אַנאַ קאַרענינאַ“, אין וועלכן מיר געפינען שוין די ערשטע סימנים פון דעם קינסטלערס שפּעטערדיקע שטרענגע אויפפאַסונגען וועגן די באַציִונגען צווישן מאַן און ווײַב, וועלכע האָבן געפונען הויפּטזאַכלעך אין דער „קרײַצער־סאָנאַטע“ און אין זײַנע קריטיש־פילאָסאָפישע שריפטן אַזאַ אייגנטימלעכן אויסדרוק. איבערהויפּט זײַנען מיר מיט דער מיינונג, אַז די אייגנטלעכע באַדײַטונג פון טאָלסטאָי שטיצט זיך ווייניקער אויף זײַנע קינסטלערישע שאַפונגען — ווי הויך מיר זאָלן נישט שאַצן זײַן ווערט אַלס קינסטלער — נאָר אויף זײַן שטעלונג ווי אַ מענטש און דענקער, וועלכער האָט זיך דורכגעאַרבעט מיט זײַן גאַנצער ענערגיע ביז צו די לעצטע קאָנסעקווענצן פון אַן אַנאַרכיסטישער וועלט־אַנשויונג.

***

פאַר מענטשן, וועלכע זײַנען דערצויגן געוואָרן מיט די באַגריפן און אָנשויונגען פון מערב־אייראָפּעיִשן לעבן, איז עס נישט אַזוי לײַכט צו פאַרשטיין די איבערלעכע רעליגיעזע אַנטוויקלונג, וועלכע טאָלסטאָי האָט דורכגעמאַכט אין דער צײַט פון 1875 ביז 1880 און זײַן פאַרהערלעכונג פון דער קריסטלעכער לערע. און דאָך איז דער דאָזיקער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פאַר אַ כאַראַקטער ווי טאָלסטאָי געווען גאַנץ לאָגיש באַגרינדעט. נאָך דעם ווי ער איז געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז נאָר אין די מאַסן קען מען געפינען אידעאַלע שטרעבונגען, איז עס געווען נישט מער ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז טאָלסטאָי האָט געפּרוווט טיפער אַרײַנצודרינגען אין דעם לעבן פונעם רוסישן פּויער. אויף דעם אופן האָט ער זיך נענטער באַקענט מיט די צאָלרײַכע רעליגיעזע און קריסטלעכע סעקטעס צווישן דעם רוסישן פּויערטום, וועלכע זײַנען פײַנטלעך צו דער אָפיציעלער קירך און האָבן צו לײַדן פון אירע פאַרפאָלגונגען. עס איז נישטאָ קיין אַנדער לאַנד אין מערב־אייראָפּע, וווּ דער רעליגיעזער סעקטאַריזם איז אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט ווי גראָד אין רוסלאַנד, און וווּ ער האָט באַקומען אַזאַ שטאַרקן אײַנפלוס אויף דער פּסיכאָלאָגיע פונעם פאָלקס־לעבן. אָט די מאָדנע דערשײַנונג איז ביז איצט נאָך ווייניק פאַרשטאַנען געוואָרן, און דאָך האָט מערב־אייראָפּע געזען גאַנץ ענלעכע באַוועגונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט: די עקסיסטענץ פון טויזנטער אַנטי־קלעריקאַלע סעקטעס, וועלכע האָבן דאָס קריסטנטום אויסגעלייגט אויף זייער אייגענעם שטייגער און געפּרעדיקט די גלײַכקייט פון אַלע מענטשן. די גרויסע פאָלקס־באַוועגונגען פון די אַלבינגענסער, די הוסיטן, די אַנאַבאַפּטיסטן, וועלכע זײַנען געווען די איניציאַטאָרס פון אַ געוואַלטיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע — אַ רעוואָלוציע, וועלכע האָט נאָר געקענט אונטערדריקט ווערן דורך דער אַלגעמיינער פאַראייניקונג פון די קריסטלעכע קעניגן, אַדל־מענער און דער קאַטוילישער און פּראָטעסטאַנטישער קירך — די באַוועגונג, וועלכע וויקליף האָט פאַראורזאַכט אין ענגלאַנד. אָט די דאָזיקע אַלע שטרעבונגען, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט אין שויס פון די מאַסן, האָבן געהאַט אַ גרויסע ענלעכקייט צו דעם איצטיקן סעקטאַריזם אין רוסלאַנד. דער סעקטאַריזם פאַרדאַמט דאָס אָפיציעלע קריסטנטום, די לערע און הערשאַפט פון דער קירכע. אַ סך פון זײַנע אָנהענגער זעען אין די קאָמוניסטישע געמיינדעס פון די ערשטע קריסטן דעם גאַנצן אידעאַל פון דער קריסטלעכער לערע. זיי לייקע־

נען אָפּ די הערשאַפט פון איין מענטשן איבער דעם צווייטן און זעען אין דער סאָלידאַריטעט און קעגנזײַטיקער הילף די באַזע פון אַ ווירקלעך קריסטלעכער מאָראַל.

טאָלסטאָי, ווי אַ רוס, איז לאָגישערווײַז באַאײַנפלוסט געוואָרן פון די דאָזיקע טיפע גײַסטיקע שטרעבונגען אין דעם לעבן פון זײַן פאָלק. ער האָט געפילט אינסטינקטיוו, אַז דאָ איז דער באָדן, אויף וועלכן ער קען אַרבעטן און פאַרשפּרייטן די טיפסטע איבערצײַגונגען פון זײַן האַרצן. דאָס איז געווען דער באָדן, וועלכער האָט באַפרוכפּערט דעם גײַסט פון דעם רוסישן קינסטלער און דענקער, אַז ער האָט געטראָגן פרוכט פאַר אַלע לענדער און פעלקער. פאַר טאָלסטאָיען איז די רעליגיע נישט מער ווי אַן אינערלעכע פליכט, וועלכע זעט אין יעדן מיטמענטשן אַ פרײַנד און אַ ברודער. ער פאַרוואַרפט אַלע אויסערלעכע צערעמאָניעס פון דער קירך און רעדוצירט זײַן גאַנץ קריסטנטום אויף די ווערטער: „דו זאָלסט ליבן דײַן חבר ווי דיך אַליין". דערפאַר זעט ער אין יעזוסן די גרעסטע אידעאַלע געשטאַלט פון דער מענטשהייט. עס איז נישט דער קירכלעכער יעזוס, דער זון פון פערזענלעכן גאָט, וועלכן ער פאַרערט, נאָר יעזוס, דער מענטש, דער מאַרטירער, וועלכער איז געשטאָרבן פאַר זײַן לערע. טאָלסטאָי האָט גוט באַגריפן, אַז יעזוס קען נאָר גרויס זײַן ווי אַ מענטש. ווי אַ גאָט איז ער נישט קיין מאַרטירער, קיין לײַדנדיקער, קיין פאַרפאָלגטער, ווײַל ווי אַ גאָט קען ער עס נישט זײַן.

אויף אָט דעם פונדאַמענט אַנטוויקלט זיך בײַ טאָלסטאָיען אַ קאָנסעקווענטער אַנאַרכיזם. ווי אַ קעגנער פון דער קירכע איז ער אויך אַ קעגנער פון יעדער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטיצט זיך אויף צוואַנג און געוואַלט. ער פאַרדאַמט דעם שטאַט אין זײַנע אַלע פאָרמען און זעט אין יעדער שטאַטלעכער אינסטיטוציע, אַ מאָנאָפּאָליזירונג פון דעם פאַרברעכן. פּאַטריאָטיזם, נאַציאָנאַליזם, ראַסן־האַס, פּאָליטיק, דיפּלאָמאַטיע, מיליטאַריזם, קריג, געזעץ — דאָס אַלץ זײַנען נישט מער ווי די איינצלנע צווײַגן פון דעם בוים פון זינד. טאָלסטאָי פאַרוואַרפט יעדן מענטשלעכן געזעץ און זעט נאָר אין דער אַנטוויקלונג פון דער אינערלעכקייט די אמתע באַדינגונגען פאַר אַ ברידערלעכער געזעלשאַפט. עס פאַרשטייט זיך, אַז טאָלסטאָי איז דער ביטערסטער קעגנער פון דעם אייגנטום־מאָנאָפּאָל. אַזוי ווי די אַנאַבאַפּטיסטן און אַנדערע רעליגיעזע סעקטעס אין מיטל־אַלטער, אַזוי פּרעדיקט אויך ער די געמיינשאַפטלעכקייט פון דער ערד. די ערד געהער צו אַלע מענטשן, און ווער עס מאָנאָפּאָליזירט זי, איז אַ פאַרברעכער. טאָלסטאָיס עקאָנאָמישער אידעאַל איז דער אַנאַרכיסטישער קאָמוניזם. עס זײַנען פאַראַן ווייניק שריפטשטעלער, וועלכע האָבן אַזוי שרעקלעך געשטעמפּלט אַלע אינסטיטוציעס פון דער הײַנטיקער געזעלשאַפט, ווי טאָלסטאָי האָט עס געטאָן; ווייניקע, וועלכע האָבן אַזוי קלאָר און דײַטלעך געוויזן, אַז די אַנטוויקלונג פון אונדזער אַזוי גערופענער ציוויליזאַציע איז אין דער אמתן אַ פּראָצעס פון פיזישער און גײַסטיקער דעגענעראַציע. דער ווילדער געיעג נאָך אַלץ ראַפינירטערע פאַרגעניגנס, דער משוגענער לוקסוס פון די הערשנדיקע קלאַסן און דער קערפּערלעכער און גײַסטיקער עלנט אין די גרויסע שטעט פון דער ציוויליזאַציע, וווּ דער מענטש איז אָפּגעטיילט פון דער פרײַער נאַטור, דאָס זײַנען די מוראדיקע סימנים פון דער דאָזיקער דעגענעראַציע. אַזוי ווי זשאַן זשאַק רוסאָ מיט 150 יאָר צוריק, אַזוי איז הײַנט טאָלסטאָיס מאָטאָ: צוריק צו דער נאַטור, צו דער מוטער־ערד! וואָס איינפאַכער און באַשיידענער דער מענטש לעבט, וואָס ענגער ער

איז פֿאַרבונדן מיט זײַנע מיטמענטשן, וואָס רײנער ער פֿילט, אַלץ גרעסער איז זײַן אינערלעכע צופֿרידנקייט.

טאָלסטאָי איז נישט קיין רעפֿאָרמאַטאָר, ער געהערט נישט צו די, וועלכע ווילן קורירן דעם איבל דורך קלײנע פֿאַרבעסערונגען. זײַן לערע ריכטעט זיך קעגן די פֿונדאַמענטן פֿון דער הײַנטיקער געזעלשאַפֿט, נישט די פֿאָרעם, נאָר דער אינ־האַלט פֿון אונדזער ציוויליזאַציע באַקעמפֿט ער. ער וויל רעאָרגאַניזירן די מענטש־לעכע געזעלשאַפֿט און דאָס מענטשלעכע לעבן אויף גאַנץ נײַע יסודות און וואַרפֿט אָפּ יעדן קאָמפּראָמיס. אין דער דאָזיקער באַציִונג איז דער פֿילאָסאָף פֿון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ אַן אמתער רעוואָלוציאָנער.

אָפּוואַרפֿנדיק יעדע געוואַלט, פֿאַרדאַמט טאָלסטאָי אויך די געוואַלט ווי אַ מיטל צו באַקעמפֿן דאָס „שלעכטע“. בעסער לײַדן פֿון די אומגערעכטע, איידער אַליין טאָן אומרעכט, איז זײַן מאָטאָ. נישט דורך געוואַלט, נאָר דורך מוט פֿון דער אי־נערלעכער איבערצײַגונג קען מען באַקעמפֿן דאָס שלעכטע. אַ רײנער אידעאַל קען נאָר פֿאַרווירקלעכט ווערן דורך רײנע מיטלען.

מיר באַגרײַפֿן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, מיר וועלן אַפֿילו צוגעבן, אַז דער טעראָריסט, דער רעוואָלוציאָנערער טעראָריסט, איז זיכער נאָך נישט די מענטש־לעכע אידעאַלע געשטאַלט פֿון דער צוקונפֿט, אָבער מיר באַגרײַפֿן אויך דעם טע־ראָריסט, ווײַל מיר זײַנען איבערצײַגט, אַז אַן געוואַלטזאַמע אויסברוכן קען די גרויסע אומגערעכטיקייט נישט פֿאַרניכטעט ווערן, אַז זי מוז פֿאַלן דורך אירע אייגענע וואָפֿן. דאָרטן ווו דער מענטש זיפֿצט, קרעכצט, לײַדט און שטאַרבט אונטער דער קללה פֿון אַ ברוטאַלן סיסטעם, דאָרט איז דער געוואַלטזאַמער פּראָטעסט נישט מער ווי אַ לאָגישער און אומפֿאַרמײַדלעכער פּועל־יוצא פֿון אָט־דעם סיסטעם. דאָס האָט אונדז באַוויזן די געשיכטע פֿון אַלע גרויסע פֿאָלקס־רעוואָלוציעס.

אָבער מיר אָנערקענען אויך מיט אונדזער טיפֿסטער אינערלעכער איבער־צײַגונג די הויכע באַדײַטונג פֿון דער מאָראַלישער קראַפֿט, וועלכע מאַניפֿעסטירט זיך אין באַשטימטע האַנדלונגען, ווי טאָלסטאָי פֿאָדערט עס. דער מאָראַלישער באָי־קאָט קעגן דעם שטאַט, דאָס אָפּזאָגן זיך צו גײן אין דער קאַזאַרמע, צו אויסאַרבעטן קריגס־מכשירים אָדער יעדע זאַך, וואָס העלפֿט שטיצן דעם מאָדערנעם געוואַלט־סיסטעם, דאָס איז זיכער אַ טאַקטישער מעטאָד, וועלכער אַפּעלירט צו די העכסטע געפֿילן פֿונעם מענטשן. אָבער עס פֿעלט אונדז דער גלויבן, אַז דער דאָזיקער מע־טאָד אַליין זאָל זײַן אומשטאַנד צו באַפֿרײַען דעם מענטשן פֿון דער קללה פֿון שקלאַפֿערײַ.

אַ סך טײַכן גיסן זיך אַרײַן אין ים, אָבער אַלע פֿאַראייניקן זיך צו לעצט אין דעם געמיינשאַפֿטלעכן ציל. אויך אונדזערע וועגן מעגן זיך זײַן פֿאַרשיידן, אָבער דער אידעאַל, וועלכער האָט געפֿירט דעם רוסישן רוסאָ צו אַ נײַ לעבן, ער איז דער זעלביקער, וועלכער וואַרפֿט זײַן ליכט אין דעם אָפּגרונט פֿון די עלנטע און פֿאַרשקלאַפֿטע מענטשן־קינדער, וועלכע שטרעבן צו ליכט, פֿרײַהייט און גליק.

טאָלסטאָי איז דער נביא, וועלכער האָט געזען דאָס לאַנד פֿון אונדזערע קינ־דער, דעם שטאָלצן טעמפּל פֿון די קומענדיקע דורות. עס איז דאָס לאַנד פֿון אונ־דזערע האָפֿענונגען, דער גרויסער ציל פֿון אונדזער בענקשאַפֿט און מיר באַגריסן עס מיט דעם באַפֿרײַענדיקן נאָמען — אַנאַרכיע!

1906

# פערמין סאַלוואָטשעאַ

**זאָלסט וויסן מיין זון, אַז מען דאַרף זיין באַגייסטערט כדי אויסצופירן אַ גרויסע זאַך.**

(סען־סימאָן)

קאַדיס! דער דאָזיקער נאָמען רופט אַרויס אַ סך היסטאָרישע דערינערונגען, ווײַל עס זײַנען פאַראַן ווייניק פּלעצער אויף דער וועלט, וואָס האָבן איבערגעלעבט אַזאַ ראָמאַנטישע און גרויסע פאַרגאַנגענהייט, ווי די אוראַלטע אַנדאַלוסישע האַפּן־שטאָט בײַם ברעג פון אַטלאַנטישן אָקעאַן. די אַלטע פעניציער האָבן איר געגרינדעט און נאָך שפּעטער די רוימער. זי האָט געזען די בלוטיקע קאַמפן צווישן די קריסטן און מאַכמעדאַנער און פאַראייניקט אין זיך די אייראָפּעישע ציוויליזאַציע מיט דער קולטור פון אָריענט. אַראַבישע געלערנטע, ייִדישע סכאָלאַסטיקער און קריסטלעכע מאָנאַכן האָבן געוווינט אין אירע מויערן און באַאײַנפלוסט דעם גײַסטיקן צושטאַנד פון אירע אײַנוווינער.

ווען די אַראַבער זײַנען פאַרטריבן געוואָרן פון אַנדאַלוסיע דורך די זעלנערס פון פערנאַנדאָ דעם קאַטוילישן, זײַנען געקומען די ענגלישע „קרייץ־ריטערס" און האָבן זיך אָפּגערוט אין קאַדיס, איידער זיי זײַנען ווײַטער געפאָרן אײַנצונעמען דעם „הייליקן קבר" אין פּאַלעסטינע. נאָך דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע איז קאַדיס געוואָרן איינע פון די רײַכסטע שטעט אין גאַנץ אייראָפּע, און די וווּנדערלעכע אַרכיטעקטור פון אירע הײַזער דערציילט אונדז נאָך הײַנט די גרויסע געשיכטע פון יענער תקופה.

און וויפל קאַמפן, וויפל אויפשטאַנדן און רעוואָלטן אָט די שטאָט האָט שוין געזען! וויפל הונדערטער מאָל האָבן זיך אירע בירגער אויפגעהויבן אויף צו פאַרטיידיקן די פרײַהייט, כדי צו באַווײַזן די ריכטיקייט פון דעם שפּאַנישן שפּריכוואָרט: "La tierra de Andalucía es la tierra de la libertad" (די ערד פון אַנדאַלוסיע איז די ערד פון דער פרײַהייט)! קאַדיס און באַרצעלאָנע, דאָס זײַנען שטענדיק געווען דיביידע פּאָליוסן פון דעם רעוואָלוציאָנערן לעבן אין שפּאַניע, און זיי זײַנען אויך איצט די הויפּט־צענטערס פון דער מאָדערנער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין שפּאַניע.

ס'איז אַ וווּנדערלעכע שטאָט, איינע פון די שענסטע אויף דער גאַנצער וועלט. די מעכטיקע פעלדזן לאָזן זיך אַרונטער אין דעם טיפן ים, און אויף די פעלדזן

שטייען שניי־ווייסע הייזער מיט קליינע טורעמלעך און שפּיגלען זיך אָפּ אין די בלויע כוואַליעס.

אָט אין איינע פון די דאָזיקע ווייסע הייזער, גאַנץ אויבן, אין אַ דאַך־קעמערל, האָט געוווינט אַן אַלטער מאַן. די מעבל פון דעם קעמערל זיינען געווען אָרעם, שוין אַ ביסל צו אָרעם. אַ בעט, אַ קליין טישל, אַ שטול, אַ פּאָר אַלטע צייטונגען און ביכער — דאָס איז געווען דעם אַלטנס גאַנצע האָב און גוטס. אָבער ווער עס האָט נאָר געוואָרפן אַ בליק דורך דעם קליינעם פענצטערל, האָט באַלד דערפילט, אַז דער אַלטער איז רייכער ווי מען שטעלט זיך פאָר: אין דרויסן האָט זיך אויסגעשפּרייט דער בלויער אָקעאַן — אַ ווונדערלעכע פּאַנאָראַמע: הימל און וואַסער און די ווייסע זעגלען פון די שיפלעך, וואָס האָבן זיך געוויגט אויף די שפּילנדיקע כוואַליעס. צוליב דעם ים האָט דער אַלטער געוווינט אין דעם קליינעם שטיבל, ווייל ער האָט אים ליב געהאַט, דעם ים, די רוישנדיקע כוואַליעס און די אומענדלעכע ווייטקייט. יעדן אין דער פרי, ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין געלעגער, איז זיין ערשטער בליק געווען דער ים, און איידער ער האָט זיך אין אָוונט געלייגט שלאָפן, האָבן זיינע האַלב־בלינדע אויגן נאָך אַ מאָל געזוכט די רוישנדיקע כוואַליעס, אַזוי ווי ער וואָלט זיי געהאַט אָנצוזאָגן אַ שליחות. ווייל אָט דער אַלטער איז געווען אַ נביא, איינער פון די ווייניקע, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דעם „הייליקן באַרג" און האָבן פון דאָרט געזען דאָס לאַנד פון אונדזערע קינדער. און דערפאַר איז זיין נשמה געווען אַזוי טיף, אַזוי רויק און מאַיעסטעטיש ווי אין דרויסן דער ים אין אַ שיינעם זומער־טאָג.

און ווען עס איז אָנגעקומען דער פרילינג און דער ים האָט אָנגעהויבן קאָכן און שטורעמען, ווען די ווילדע כוואַליעס האָבן זיך אויפגעהויבן ווי גוואַלטיקע בערג און זיך געקושט מיט די וואָלקנס פון הימל, דעמאָלט האָט דער אַלטער געחלומט פון דעם גרויסן פעלקער־שטורעם, ווען די אָרעמע און עלנטע, די שטיף־קינדער פון דער געזעלשאַפט וועלן זיך אויפהייבן מיט די וואָפן אין די הענט און צעברעכן די קייטן פון דער טויזנט־יאָריקער שקלאַפעריי.

**
*

דאָס איז געווען דעם 28סטן סעפּטעמבער. אין דעם שטיבל פון דעם אַלטן איז געווען שטיל, שטיל, ווייל אַ טויטער איז געלעגן אין בעט. ער איז געשטאָרבן אין גאַנצן אומדערוואַרט אָן אַ קראַנקייט, אָן יסורים.

אָבער זעט נאָר וואָס עס טוט זיך אין דרויסן! ווי אַ בליץ האָט זיך פאַרשפּרייט די נייס פון דעם אַלטנס טויט. אין גאַנץ קאַדיס, אין גאַנץ אַנדאַלוסיע, אין גאַנץ שפּאַניע רעדט מען נאָר פון אים. „ער איז טויט!" אָט די דריי ווערטער הערט מען אומעטום. זיי פאַרקערפּערן אין זיך דעם טיפן ווייטיק פון אַ גאַנצן פאָלק. יעדער איינציקער פילט דעם פאַרלוסט. אין די מינעס, אויף די פעלדער, אין די פאַבריקן, אין די שולן און אוניווערסיטעטן, אומעטום ווירקט די נייס ווי אַ בייזער חלום. מען וויל עס צוערשט גאָר נישט גלייבן, אָבער סוף־כל־סוף מוז מען דאָך אָנערקענען דעם ביטערן אמת.

האָט איר ווען עס איז געזען אַזוי פיל טרערן, אַזוי פיל ווייטיק און אויפריכטיקן טרויער, אַזוי פיל ליבע און צאַרטע איבערגעגעבנקייט אין שפּאַניע? וויפל

וואָלטן אונדזערע קעניגן דערפאַר געגעבן, ווען עס וואָלט זיך זיי אײַנגעגעבן צו פאַרשאַפן זיך כאָטש אַ צענטהלק פון אָט דער פּאָפּולאַריטעט! איר מעגט אויסגיין גאַנץ שפּאַניע, אַלע שטעט, אַלע דערפלעך, וועט איר געפינען טויזנטער און טויזנ־טער מענטשן, וואָס ווייסן נישט די נעמען פון דעם איצטיקן מיניסטעריום, אָבער איר וועט נישט געפינען קיין איינציקן, וואָס זאָל נישט קענען דעם אַלטנס נאָמען, דעם נאָמען פערמין סאַלוואָטשעאַ. אָט דער נאָמען פאַרקערפּערט אין זיך אַ גאַנצע אידייע, אַ פּראָגראַם, אַ גאַנצע וועלט פון האָפענונגען, שטרעבונגען און באַדער־פעניש.

פערמין סאַלוואָטשעאַ! אין די פּאַלאַצן האָט מען אַרויסגערעדט אָט דעם נאָמען מיט ציטערנדיקע ליפּן. אָבער אין די שטיבלעך פון די אָרעמע און עלנטע האָט אָט דער נאָמען געווירקט ווי אַ מלחמה־דערקלערונג קעגן דער גאַנצער קאַפּיטאַ־ליסטישער געזעלשאַפט, ווי אַ שליחות פון אַ בעסערער צוקונפט. ווייניק מענטשן זײַנען פאַראַן, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן אַזוי פיל ליבע און סימפּאַטיע צווישן די ברייטע מאַסן פון אַ גאַנצן פאָלק, ווי פערמין סאַלוואָטשעאַ, און נאָך ווייניקער זײַנען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן אָט די ליבע אַזוי ערלעך פאַרדינט ווי דער גרויסער שפּאַנישער רעבעל. סאַלוואָטשעאַ איז געווען איינער פון די גרעסטע און אידעאַלסטע כאַראַקטערס אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, גרויס אין זײַנע אידייען, גרויס אין זײַנע האַנדלונגען, אַ מענטש וואָס האָט פאַרקערפּערט אין זיך די רעוואָלוציאָנערע לײַדנשאַפט און דעם דעם הייליקן מוט פון אַ בלאַנקי און די אומבאַשרײַבלעכע ליבע און איבערגעגעבנקייט פון אַ לויזע מישעל. די גוואַלטיקע פערזענלעכקייט פון אָט דעם וווּנדערלעכן מענטשן האָט אַפילו אַרויסגערופן די אַכטונג און דעם רעספּעקט פון זײַנע ביטערסטע קעגנערס. אומעטום, ווּ מען האָט אַרויסגערעדט דעם נאָמען פון פערמין סאַלוואָטשעאַ, איז נישט געבליבן קיין אָרט פאַר די נידעריקע און קליינלעכע זײַטן פון לעבן.

די לעבנס־באַשרײַבונג פון דעם גרויסן שפּאַנישן אַנאַרכיסט מאַכט דעם אײַנ־דרוקט פון אַ פאַנטאַסטישן ראָמאַן און דערמאָנט אין דעם שטורעמדיקן לעבנס־וועג פון מיכאַיל באַקונין. סאַלוואָטשעאַ האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין שפּאַניע פאַר די לעצטע פערציק יאָר, און זײַן נאָמען איז ענג פאַרבונדן מיט די גרעסטע און גלענצנדיקסטע רעוואָלוציאָנערע איבערלעבונגען פון אָט דעם פּעריאָד. ווער עס איז באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין שפּאַניע, דער ווייסט ווי רײַך זי איז אין גרויסע, העלדישע כאַראַקטערן, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן גוט און בלוט פאַר זייערע פרײַהייטלעכע איבערצײַגונגען, פאַר זייערע רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן. אָבער אין אָט דער גרויסער היסטאָרישער סעריע פון העלדישע קעמפערס איז דער נאָמען פערמין סאַלוואָטשעאַ איינער פון די גלענצנדיקסטע, אַ נאָמען פאַר אַלע קומענדיקע דורות, וואָס וועט קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

פערמין סאַלוואָטשעאַ אי אַלוואַרעס איז געבאָרן געוואָרן אין קאַדיס דעם 1טן מערץ 1842. זײַן פאָטער איז געווען אַ רײַכער סוחר, אַ יורש פון איינער פון יענע מעכטיקע סוחרישע משפחות, וואָס האָבן געשפּילט אַזאַ באַדײַטנדיקע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער אַלטער האַנדלס־שטאָט. עס פאַרשטייט זיך, אַז פערמין האָט געהאַט אַן אויסגעצייכנטע דערציִונג. זײַן פאָטער האָט, בהסכם מיט דער אַלטער

טראַדיציע פון דער פאַמיליע, געהאַט בדעה צו מאַכן פון אים אַ געניטן סוחר, כדי ער זאָל שפּעטער איבערנעמען פון אים די געשעפטן.

די ערשטע יוגנט פון פערמין סאַלוואַטשעאַ איז געווען רויִק און גליקלעך אין יעדער באַציִונג. דער יונגער פערמין האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן אויסערגעוויינטלעכער אינטעליגענץ און מיט די מוטיקע און ריטערלעכע אייגנשאַפטן פון זײַן כאַראַקטער, וואָס האָבן זיך בײַ אים שוין דײַטלעך אַרויסגעוויזן אין די קינדער־יאָרן. זײַן מוטער, אַ וווּנדערלעכע פרוי, פלעגט אים דערציילן די טויזנטער לעגענדעס און טראַדיציעס פון דער שטאָט קאַדיס, וועלכע זײַנען אַזוי רײַך און פאַנטאַסטיש ווי אַ קאַפּיטל פון „טויזנט און איין נאַכט“, און דער קליינער פערמין האָט איר שעהן־לאַנג אויסגעהערט און אַראָפּגעלייגנט די ווערטער פון אירע ליפּן. אָט די ראָמאַנטישע דערציילונגען האָבן געמאַכט אַ טיפן אײַנדרוק אויף דעם יינגלס נשמה, און ער האָט זיך נאָך אָפט מאָל דערמאָנט אין יענע גליקלעכע שעהן אין זײַן שפּעטערדיקן שטורמישן לעבן.

ווען פערמין איז אַלט געוואָרן פופצן יאָר, האָט אים זײַן פאָטער געשיקט קײַן ענגלאַנד, אַז ער זאָל זיך דאָרטן פאַרפולקאָמען אין דער ענגלישער שפּראַך און פאַרזעצן זײַנע קאָמערציעלע שטודיעס. דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע איבערלעבונג פון פערמין סאַלוואַטשעאַ. אין ענגלאַנד האָט זיך פאַר אים אויפגעעפנט אַ גאַנץ נײַע וועלט. דער שטרענגער פוריטאַנישער כאַראַקטער פון דעם ענגלישן לעבן מיט זײַנע שטײַפע קאָנווענציאָנעלע פאָרמען און זײַנע פּראָזאַישע אײַנדרוקן, — דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ טיפע ווירקונג אויפן יונגנמאַן. דער אונטערשייד איז געווען צו גרויס: דער שיינער בלויער הימל פון אַנדאַלוסיע, קאַדיס מיט אירע ווײַסע הײַזער, אירע פּאַלמעס, אירע טעמפּעראַמענטפולע אײַנוווינער און פּלוצלינג דער לאָנדאָנער נעפּל, די שוואַרצע הײַזער, דער רויך פון די פאַבריקן, די קאַלטע אומפרײַנדלעכע גאַסן. סאַלוואַטשעאַ האָט זיך צוערשט געפילט ווי אַ געפאַנגענער אין זײַן נײַער אומגעבונג, אָבער זײַן ענערגישער כאַראַקטער האָט שנעל באַזיגט דעם ערשטן אומאָנגענעמען אײַנדרוק פון ענגלאַנד. ער האָט אָנגעהויבן שטודירן די מענטשן און ער האָט אויסגעפונען, אַז אָט דער קאַלטער און טרוקענער ענגלענדער פאַרמאָגט אין דער זעלביקער צײַט אַ מערקווירדיק אַנטוויקלטן אינסטינקט פון אינדיווידועלער אומאָפּהענגיקייט און אַ געפיל פון פּערזענלעכער זעלבשטענדיקייט, וועלכע מען קאָן זעלטן טרעפן אין אַנדערע לענדער. די פינף יאָר צײַט, וואָס פערמין האָט פאַרבראַכט אין לאָנדאָן און ליווערפּול, זײַנען געווען פאַר אים אַ פּעריאָד פון אַ גרויסער גײַסטיקער אַנטוויקלונג. ער האָט פאַרווענדט יעדן פרײַען מאָמענט צו שטודירן די ראַדיקאַלע ענגלישע ליטעראַטור. צוערשט זײַנען דאָס געווען די שריפטן פון טאָמאַס פּעין, וועלכע האָבן אויף אים געמאַכט אַ גוואַלטיקן אײַנדרוק. שפּעטער איז ער געקומען אין אַ פּערזענלעכער באַרירונג מיט טשאַרלס ברעדלאָו און זײַנע פרײַנד. די אַטעיִסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין ענגלאַנד האָט אין יענער צײַט געהאַט צו קעמפן מיט גרויסע שוועריקייטן, אָבער ברעדלאָו און זײַנע אָנהענגערס האָבן געקעמפט מיט דער גרעסטער ענערגיע פאַר זייערע איבערצײַגונגען און געפּרוּווט פאַרניכטן די מיטלאַלטערלעכע פאַרשטעלונגען וועגן אַטעיִזם, וואָס עקסיסטירן נאָך אַפילו איצט אין ברייטע קרײַזן פון דער ענגלישער געזעלשאַפט.

דער יונגער סאַלוואַטשעאַ האָט אויפגענומען מיט באַגײַסטערונג די נײַע לערע

און איז געוואָרן אַן אויסגעשפּראָכענער אַטעיִסט. פאַר דעם שפּאַניער שפּילט דער אַטעיִזם אין אַלגעמיין אַ גרעסערע ראָלע ווי פאַר אַנדערע נאַציעס. ער איז אַ פאַרבאַדינג פאַר יעדער פרײַהייטלעכער באַוועגונג, די ערשטע שטופּע פון דער פרײַער אינדיווידועלער אַנטוויקלונג. שפּאַניע איז דאָס קלאַסישע לאַנד פון דעם קאַטוילישן קלעריקאַליזם, דאָס לאַנד פון דער אינקוויזיציע, וואָס איז כמעט אין גאַנצן רויִנירט געוואָרן פון דער פינצטערער הערשאַפט פון דער קירך. דאָס איז אויך די סיבה פאַר וואָס סאַלוואַטשעאַ איז געווען זײַן גאַנץ לעבן אַזאַ ראַדיקאַלער און אומדערמידלעכער פּראָפּאַגאַנדיסט פון אַטעיִזם.

אָבער סאַלוואַטשעאַ האָט זיך אין ענגלאַנד באַקענט נאָך מיט אַן אַנדער אידייע, וואָס האָט געהאַט דעם גרעסטן אײַנפלוס אויף זײַן שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג. ווען פערמין איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, האָט ראָבערט אָוען, דער גרויסער ענגלישער קאָמוניסט נאָך געלעבט. זײַנע אידייען האָבן נישט נאָר געהאַט אַ שטאַרקן אײַנפלוס אויף דעם ענגלישן אַרבעטער־קלאַס, נאָר אויך אויף די אידעאַליסטישע עלעמענטן פון דער ענגלישער קליין־בורזשואַזיע. סאַלוואַטשעאַ האָט שטודירט די שריפטן פון אָוען און אַנדערע קאָמוניסטישע שרײַבערס. די געזעלשאַפטלעכע דערשײַנונגען האָבן זיך אים פלוצלינג פאָרגעשטעלט אין אַ גאַנץ אַנדערן ליכט. אין זײַן מוח איז פאָרגעקומען אַ גאַנצע רעוואָלוציע, און ביסלעכווײַז האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די גאַנצע באַדײַטונג פון דער גרויסער סאָציאַלער פראַגע. אָוענס גלענצנדע קריטיק פון דעם פריוואַט־אייגנטום האָט אים פלוצלינג באַוויזן דעם וואָרצל פון די געזעלשאַפטלעכע איבלען, און אין דער זעלביקער צײַט האָט זיך אַנטוויקלט אין אים דער גרויסער אידעאַל פון סאָציאַלער און עקאָנאָמישער גלײַכהייט, וועלכע איז אַליין אומשטאַנד צו שאַפן אַ האַרמאָנישן לעבן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. סאַלוואַטשעאַ איז געוואָרן אַ קאָמוניסט, און ער איז עס געבליבן ביז צום לעצטן מאָמענט פון זײַן לעבן. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָט ער בײַ אַ ספּעציעלער געלעגנהייט געגעבן אַ קורצן איבערבליק איבער זײַן אייגענער רעוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג. דערמאָנט ער דאָרטן אויך זײַן „ענגלישן פעריאָד“ מיט אָט די כאַראַקטעריסטישע ווערטער:

„געוויסע ביכער האָבן צייטנווייז אַ געוואַלטיקן איינפלוס אויף דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון אַ מענטשן. מען ווייס, אַז דאָס ערשטע בוך, וואָס ראַוואַשאָל האָט געלייענט, איז געווען איישען סיס ראָמאַן „דער אייביקער ייד“. דער איינדרוק פון אָט דעם בוך האָט זיך בײַ אים שוין מער נישט פאַרלאָשן, ווי ער גופא האָט דערקלערט. איך קאָן דאָס זעלביקע באַהויפּטן וועגן מיר אַליין: לעבנדיק אין ענגלאַנד האָב איך צום ערשטן מאָל געלייענט טאָמאַס פּעין. זיינע שריפטן האָבן מיך געמאַכט פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַליסט און איך פיל נאָך הייַנט זייער איינפלוס. „די וועלט איז מיין פאָטערלאַנד, אַלע מענטשן זיינען מיינע ברידער און צו טאָן גוטס איז מיין רעליגיע“ — אָט די ווערטער האָבן אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. איך האָב אונטער יעדן וואָרט געזוכט אַ טיפערן זין, און זיי האָבן זיך איינגעגראָבן בײַ מיר אין מוח אויף אַלע צייטן. שפּעטער האָב איך זיך באַקענט מיט ראָבערט אָוען, וועלכער האָט מיר באַוויזן דעם דערהויבענעם אידעאַל פון קאָמוניזם, און מיט ברעדלאַו, וועלכער האָט מיך באַקענט מיט די אַנשוווּנגען פון אַטעיִזם. אַלדאָס אַנדערע האָט זיך בײַ מיר אַנטוויקלט פון זיך אַליין“.

אין 1864 האָט סאַלוואַטשעאַ פאַרלאָזן לאָנדאָן און איז צוריק אַוועק קיין קאַדיס. אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אין גאַנץ אַנדאַלוסיע אַ שטאַרקע רע־וואָלוציאָנערע באַוועגונג. ראַפאַעל גיליען און ראַמאָן דע קאַלאַ, צוויי העלדישע מענער און אויסגעשפּראָכענע סאָציאַליסטן, האָבן זיך גענומען מיט גרויסער ענער־גיע און באַגײַסטערונג צו אָרגאַניזירן די רעפּובליקאַנישע און דעמאָקראַטישע עלע־מענטן פון דער גאַנצער פּראָווינץ. די רעפּובליקאַנישע באַוועגונג אין אַנדאַלוסיע האָט שטענדיק געהאַט אַ שטאַרקן סאָציאַליסטישן כאַראַקטער און דאָס רוב פון אירע פאַרקעמפּערס און פּראָפּאַגאַנדיסטן זײַנען געווען אָנהענגער פון דעם סאָציאַ־ליסטישן אידעאַל.

די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין שפּאַניע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער רעוואָלוציע פון 1840. אין יענער צייט האָט כאַאַקין אַברעו אָנגעפירט אין אַנדאַ־לוסיע אַ שטאַרקע און דערפאָלגרײַכע פּראָפּאַגאַנדע פון די אידייען פון שאַרל פוריע. אין דער ראַדיקאַלער פּרעסע פון קאַדיס האָט ער אַנטוויקלט זײַנע אידייען, וואָס האָבן באַלד געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער פּרעסע פון אַנדערע שטעט. ווי שטאַרק אָט די באַוועגונג איז געווען, קאָן מען צום בעסטן אורטיילן פון דעם פאַקט, וואָס אַברעו האָט געזאַמלט אין אַ קורצער צייט פיר ביז פינף מיליאָן פּעזעטאַס, כדי צו גרינדן אַ פוריעריסטישע קאָלאָניע אין דער אומגעגנט פון כערעס דע לאַ פראָנ־טעראַ. אָבער די רעגירונג האָט געשטערט די רעאַליזירונג פון אָט דעם פּלאַן און האָט אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן. די באַקאַנטסטע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן פון יענער עפּאָכע, וואָס האָבן אָנגעפירט די אַגיטאַציע אין אַנדערע שטעט פון אַנדאַלוסיע, זײַנען געווען: פּעדראָ אוגאַרטע, מאַנועל סאַגראַריאָ, פאַוסטינאָ אַלאָנסאָ. שפּעטער זײַנען צוגעקומען: כאָסע באַר־טאַרעלאָ, פּעדראָ באַהאַרקעס און לסוף גיליען און דע קאַלאַ, וועלכע מיר האָבן שוין פריִער דערמאָנט.

אין 1846 האָט פערנאַנדאָ גאַרידאָ, דער באַרימטער שפּאַנישער היסטאָריקער און סאָציאַליסט, וועלכער האָט זיך אין קאַדיס באַקאַנט מיט די פוריעריסטישע אידייען, געגרינדעט די ערשטע סאָציאַליסטישע צײַטונג אין שפּאַניע, „לאַ אַטראַ־קסיאָן", אין מאַדריד. די צײַטשריפט האָט נישט לאַנג עקסיסטירט, אָבער זי האָט לפּחות געשאַפן אַ סאָציאַליסטישן קרײַז אין דער הויפּטשטאָט, וועלכער האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ נײַעם אָרגאַן, „לאַ אָרגאַניסאַסיאָן דעל טראַבאַכאָ". אַזעלכע מענער ווי דער העלדישער סיקסטאָ קאַמאַראַ, וואָס איז שפּעטער געפאַלן פאַר דעם קאַמף פאַר דער סאָציאַלער רעפּובליק, כואַן סאַלאַ, פראַנסיסקאָ אַטשאַנדאָ און, שפּעטער, דער פּײַערדיקער סערוועראָ — דאָס זײַנען געווען די הויפּט־פּערזאָנען פון דעם סאָציאַליסטישן קרײַז אין מאַדריד. סערוועראָ איז געווען דער גרינדער פון דער ערשטער פרײַער סאָציאַליסטישער שול אין שפּאַניע, אָבער ווען ער האָט שוין געהאַט העכער 500 שילערס, האָט דער מיניסטער מאַריליאָ אונטערגעדריקט אָט די גלענצנדיקע אונטערנעמונג מיט די כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „אין שפּאַ־ניע דאַרפן מיר נישט קיין מענטשן, וואָס זײַנען פעיִק צו דענקען, נאָר בלויז בהמות צום אַרבעטן".

אין באַרצעלאָנע איז די ערשטע סאָציאַליסטישע באַוועגונג מער באַאײַנפלוסט געוואָרן פון דעם איקאַרישן קאָמוניזם פון עטיען קאַבע. אין 1847 האָט דער קאַ־

מוניסט מאַנטירואָל געגרינדעט די „פראַטערנידאַד“, די ערשטע קאָמוניסטישע צײַטשריפט פון דער קאַטאַלאַנישער הויפּטשטאָט, אין וועלכער ער האָט אָפּגעדרוקט קאַבעס בוך די רײַזע קײַן איקאַריע“. שוין אין 1840 האָט דער אַרבעטער מונטס אָרגאַניזירט אַ געווערקשאַפט פון די וועבערס אין באַרצעלאָנע מיט צוויי טויזנט מיטגלידער און מיט דעם געלייגט דעם ערשטן פונדאַמענט פאַר דער שפּעטערדי־קער סינדיקאַלער באַוועגונג.*

פון 1850 אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר די אידייען פון פּרודאָן אין קאַטאַלוניע, וואָס האָט ביסלעכווײַז באַזיגט אַלע אַנדערע ריכטונגען. ראַמאָן דע לאַ סאַגראַ און דער באַרימטער פּי אי מאַרגאַל האָבן איבערגעזעצט די ווערק פון דעם פראַנצויזישן טעאָרעטיקער, און באַלד איז אויפגעקומען אַ גרויסע מוטואַליסטישע און סינדיקאַלע באַוועגונג אין באַרצעלאָנע און אין אַנדערע קאַטאַ־לאַנישע שטעט. אָט די באַוועגונג האָט זיך אַפילו אַריבערגעטראָגן קיין אַנדאַלוסיע, הגם זי האָט דאָרטן קיין מאָל נישט באַקומען אַזאַ באַדײַטונג ווי אין קאַטאַלוניע. אין 1853 האָט די שפּאַנישע רעגירונג געפּרווט געזעצלעך צו אונטערדריקן אָט די פרידלעכע באַוועגונג, אָבער דאָס געזעץ קעגן די אַרבעטער־אַסאָציאַציעס איז מער נישט געווען ווי אַ טויטער בוכשטאַב. אין 1854 האָט זיך געגרינדעט אַ פעדעראַציע פון אַלע אַרבעטער־קאָרפּאָראַציעס אין גאַנץ קאַטאַלוניע מיט נײַנציק טויזנט מיטגלידער**. אין 1855 האָט דער גענעראַל סאַפּאַטעראָ געפּרווט אונטערדריקן מיט גוואַלט אָט די באַוועגונג. מען האָט פאַרמאַכט די לאָקאַלן פון די קאָרפּאָראַציעס און אַרעסטירט עטלעכע באַקאַנטע פּראָפּאַגאַנדיסטן. די אַרבעטער זײַנע צוערשט געווען גאַנץ רויִק, אָבער פּלוצלינג, דעם 2טן יולי 1855, האָבן פופציק טויזנט פּראָלעטאַריער פון אַלע פאַכן פאַרלאָזן די פאַבריקן פון באַרצעלאָנע, סאַנס, קאָרנעלאַ און אַנדערע שטעט און פּראָקלאַמירט דעם אַלגע־מיינעם שטרײַק, כדי צו פאַרטיידיקן זייער רעכט. קיינער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ פּאַסירונג, די אַלגעמיינע אויפרעגונג איז געווען א גוואַלטיקע, און דער גובערנאַטאָר פון באַרצעלאָנע האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די אַרבעטער, אין וועלכן ער האָט זיי צוגעזאָגט צו אָנערקענען זייערע פאָדערונגען, אויב זיי וועלן גיין צוריק צו דער אַרבעט. די אַרבעטער האָבן געפאָלגט. אין דער ערשטער צײַט האָט מען אויך באמת גערעדט זייער אַ סך פון סאָציאַלע רעפאָרמען, אָבער אין דער זעלביקער צײַט האָט מען אָנגעווענדט באַהאַלטענערהייט אַלע געמיינע מיטלען קעגן דער אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער, ביז מען האָט, ענדלעך, פּראָקלאַמירט, אין 1861, די באַקאַנטע אויסנאַם־געזעצן קעגן דער אַרבעטערשאַפט אין קאַטאַלוניע. פון דעמאָלט אָן האָבן די שפּאַנישע אַרבעטער אויפגעגעבן יעדע האָפענונג אויף אַ פרידלעכע טאַקטיק אין זייערע אַזוי געזופענע געזעצלעכע רעכטן.

אין אַנדאַלוסיע, אונטער דער הערשאַפט פון דעם הענקער נאַרוואַעס, האָט די רעאַקציע שוין אַ סך פריִער צעשטערט דעם גלויבן אין אַ פרידלעכער אַנט־וויקלונג. ווייניק פלעצער זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט, וווּ עס איז פאַרגאָסן געוואָרן אַזוי פיל בלוט ווי אין אָט דעם וווּנדערלעכן לאַנד. אַנדאַלוסיע איז שטענ־

* Magalhaes Lima, *O Socialismo na Europa*, Lisboa, 1892.
** Garrido, *Historia del reinado Borbón en España*, vol. I.

דיק געווען דאָס לאַנד פון קאָנספּיראַציעס און אויפשטאַנדן, דערפאַר וואָס זי האָט מער ווי יעדע אַנדערע שפּאַנישע פּראָווינץ געליטן אונטערן שרעקלעכן יאָך פון דער רעאַקציע. טויזנטער העלדישע מענער און פרויען האָבן דורכגעווייקט די ערד פון אַנדאַלוסיע מיט זייער בלוט, טויזנטער פון אירע אײַנוווינער זײַנען אונטער־געגאַנגען אין די קאַרצערס און שטראָף־קאָלאָניעס, אָבער די רעאַקציע האָט קיין מאָל נישט באַוויזן צו דערשטיקן דעם רעבעלישן גײַסט אין די הערצער פונעם אַנדאַלוזישן פאָלק.

די אויפשטאַנדן אין מאַלאַגאַ, אוטרעראַ און אין דער פּראָווינץ סעווילִיאַ אין 1857 זײַנען בלוטיק אונטערדריקט געוואָרן. הונדערטער רעבעלן זײַנען דערשאָסן אָדער פאַרשיקט געוואָרן. אין סעווילִיאַ אַליין האָט מען דערמאָרדעט 95 פון זיי, נאָך דעם ווי דער אויפשטאַנד איז שוין געווען מיט חדשים פריִער אונטערדריקט.

אין 1861 האָט אויסגעבראָכן אַ גוואַלטיקער אויפשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון דעם סאָציאַליסטישן רעפּובליקאַנער פערעס דע אַלאַמאָ. אָט דער אויפשטאַנד האָט געהאַט די בעסטע אויסזיכטן אויף אַ דערפאָלג. ער איז לאַנג צוגעגרייט גע־וואָרן, און נישט ווייניקער ווי פופציק טויזנט מענער האָבן זיך פאַראייניקט מיט די רעבעלן, ווען זיי האָבן אַרײַנגעמאַרשירט אין דער שטאָט לאָכאַ. אָבער די מיליטערישע אומפעיִקייט פון די אָנפירערס איז געווען די גרעסטע מניעה פאַר דער גאַנצער אונטערנעמונג. נאָך עטלעכע בלוטיקע קאַמפן זײַנען די רעבעלן באַ־זיגט געוואָרן. די רעאַקציאָנערע רעגירונג האָט גענומען אַ שרעקלעכע נקמה: מער ווי צוויי הונדערט מענטשן זײַנען דערשאָסן געוואָרן אויפן באַפעל פון די קריגס־געריכטן, דאָס רוב פון זיי אָן אַ פּראָצעס. הונדערטער מענטשן זײַנען פאַרשיקט געוואָרן, די רעאַקציע האָט אונטערדריקט יעדעס פרײַע וואָרט, און ערשט אין 1864, פּונקט ווען סאַלוואָטשעאַ איז געקומען צוריק פון ענגלאַנד, איז דער אַלגע־מיינער צושטאַנד אין אַנדאַלוסיע געוואָרן עטוואָס בעסער. מיר מיינען, אַז אָט דער קורצער היסטאָרישער איבערבליק איז געווען נויטווענדיק, ווײַל ער גיט דעם לייענער כאָטש אַ קליינע פאָרשטעלונג פון דעם צושטאַנד, אונטער וועלכן סאַל־וואָטשעאַ האָט זיך אַנטוויקלט.

**
*

פערמין סאַלוואָטשעאַ איז געקומען צוריק פון ענגלאַנד אַ קאָמוניסט און אַן אַטעִיִסט. אין דער היים איז ער געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער און רעפּובליקאַנער, פאַרשטייט זיך, נאָר אַ פאַרטיידיקער פון דער קאָמוניסטישער רעפּובליק. מיטן גאַנצן לײַדנשאַפטלעכן ענטוזיאַזם פון זײַן אידעאַלן כאַראַקטער, האָט ער זיך אַרײַנ־געוואָרפן אין דער קאָנספּיראַטיווער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די געפערלעכסטע אונטערנעמונגען, און זײַן פערזענלעכער מוט, זײַן איבערגעגעבנקייט, זײַן נאָבעלער כאַראַקטער האָבן ביסלעכווײַז געמאַכט פון אים איינעם פון די פעיִקסטע און אײַנפלוסרײַכסטע פירערס פון דער רעפּובלי־קאַנישער באַוועגונג. סאַלוואָטשעאַ איז געווען רײַך, זייער רײַך. מען זאָגט, אַז זײַן פאָטער האָט געהאַט אַ פאַרמעגן פון דרײַ מיליאָן פעזעטאָס. אָבער פערמין האָט געלעבט איינפאַך און באַשיידן און זײַן רײַכטום איז פאַר אים געווען נישט מער ווי אַ פאָנד פאַר רעוואָלוציאָנערע אונטערנעמונגען.

די פעסטונגס־קאַזעמאַטן פון סאַן סעבאַסטיאַן און סאַנטאַ קאַטאַלינאַ לעבן קאַדיס זײַנען אין יענער צײַט געווען אַ צענטער פאַר די פאָליטישע פאַרברעכערס פון גאַנץ שפּאַניע. אַלע רעוואָלוציאָנערן, וואָס מען האָט פאַרשיקט אין די שטראָף־קאָלאָניעס פון פערנאַנדאָ פּאָ אָדער פון מאַנילאַ, זײַנען פריִער געזעסן אַ לאַנגע צײַט אין די קאַזעמאַטן פון קאַדיס, ביז וואַנען מען האָט זיי אַוועקגעשיקט. סאַלוואָטשעאַ האָט אַלעמען באַזוכט, ער האָט פאַר יעדן געהאַט אַ גוטע עצה און אַן אָפענע האַנט.

אין 1866 האָבן סאַלוואָטשעאַ און זײַנע פרײַנד אָרגאַניזירט אַ גוואַלטיקע אונטערנעמונג. מען האָט דערוואָרט, אַז מען וועט שיקן די געפאַנגענע אַרטילעריסטן, וועלכע האָבן גענומען אַן אָנטייל אין דעם אויפשטאַנד פון מאַדריד, אין די קאַזע־מאַטן פון סאַן סעבאַסטיאַן, כדי זיי פון דאָרטן אַוועקצופירן קײַן מאַנילאַ. אָבער ווי עס ווײַזט אויס, האָט די רעגירונג עפּעס חושד געווען, ווײַל מען האָט פּלוצלינג שטילערהייט געענדערט דעם פּלאַן.

אין 1867 האָט די קעניגין איזאַבעל נאָך אַ מאָל איבערגעגעבן די רעגירונג אין די הענט פון דעם פאַרהאַסטן תליון נאַרוואַעס, און אַ שרעקלעכע רעאַקציע האָט זיך אָנגעהויבן אין אַלע טיילן פון דעם אומגליקלעכן לאַנד. שוין אין יוני 1868 זײַנען פאָרגעקומען איינצלנע אויפשטאַנדן אין קאַטאַלוניע און אַנדאַלוסיע, וואָס זײַנען אָבער בלוטיק אונטערדריקט געוואָרן. סאַלוואָטשעאַ האָט גענומען אַ באַדײַטנדיקן אָנטייל אין דעם מיליטערישן אויפשטאַנד פון דעם רעגימענט קאַנ־טאַבריאַ. אָט דער אויפשטאַנד איז געווען די אײַנלײַטונג פון דער שפּאַנישער סעפּטעמבער־רעוואָלוציע אין 1868. דעם 18טן סעפּטעמבער האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציע אין קאַדיס און ווי אַ פײַער האָט זיך דער אויפשטאַנד פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אַנדאַלוסיע. דעם 28סטן איז די קעניגלעכע אַרמיי געשלאָגן געוואָרן פון די אינסורגענטן און דעם 29סטן האָט די קאָמונע פון מאַדריד פּראָקלאַמירט די אָפּשאַפונג פון דער באָרבאָנישער דינאַסטיע.

סאַלוואָטשעאַ איז אויסגעווײלט געוואָרן פאַר אַ מיטגליד פון דער רעוואָלוציאָ־נערער קאָמונע אין קאַדיס און צווייטער קאָמאַנדיר פון דעם צווייטן באַטאַליאָן פון די פרײַוויליקע. אַ סך האָבן זיך געוואָלט אָנשליסן אין זײַן באַטאַליאָן, אָבער סאַלוואָטשעאַ האָט נאָר אויסגעקליבן אויסגעשפּראָכענע רעפּובליקאַנער און קאָ־מוניסטן.

אין גאַנץ שפּאַניע האָט מען באַגריסט די פאַרניכטונג פון דער פאַרהאַסטער דינאַסטיע מיט דער גרעסטער באַגײַסטערונג, און עס האָט אויסגעזען פאַר אַ גע־וויסער צײַט, אַז טויזנטער האָפענונגען וועלן איצט פּלוצלינג רעאַליזירט ווערן. אָבער די מענטשן פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג אין מאַדריד זײַנען געווען ניט מער ווי ליבעראַלע מאָנאַרכיסטן און קעגנערס פון דעם רעפּובליקאַנישן אי־דעאַל. איבער דער שענדלעכער האַלטונג פון דעם בירגערלעכן רעפּובליקאַנער קאַסטע־לאַר און זײַנע פרײַנד האָבן די מיטגלידער פון דער נײַער רעגירונג, די הערן פּרים, סאָריליאַ, סאַגאַסטאַ אא״וו, געקראָגן מוט און האָבן זיך אָפן דערקלערט קעגן דער רעפּובליק. סאַלוואָטשעאַ און זײַנע פרײַנד האָבן פאַרשטאַנען די סכנה. זיי האָבן געוווּסט, אַז די נײַע רעגירונג וועט זיך בײַ דער ערשטער געלעגנהייט אָפּרעכענען מיט די רעפּובליקאַנער. כדי זיך צוצוגרייטן צום קאַמף, האָבן די אַנדאַלוסישע

רעוואָלוציאָנערן פאַרופן אין די ערשטע טעג פון דעצעמבער 1868 אַ גרויסע פאַר־זאַמלונג אין דעם שטעטל אַלאַראַ. סאַלוואַטשעאַ האָט אויסגעקליבן אַלע איבערגע־געבענע עלעמענטן אין קאַדיס און זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן פאַר קיין שום פאַל נישט אַוועקלייגן זייערע וואָפן. דעם 5טן דעצעמבער האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן אַן אָפּטיילונג אַרטילעריע פאַר די טויערן פון קאַדיס און האָט געפאָדערט אין נאָמען פון דער רעגירונג, אַז די רעוואָלוציאָנערע מיליץ זאָל אָפּגעבן אירע וואָפן אין דרײַ שעה צײַט. די דרײַ שעה זײַנען נאָך נישט אַריבער און מען האָט שוין אָנגע־הויבן שיסן. עטלעכע רעוואָלוציאָנערן זײַנען געהרגעט און פאַרוווּנדעט געוואָרן.

סאַלוואַטשעאַ האָט זיך תיכף געשטעלט אין דער שפּיץ פון די רעוואָלוציאָ־נערן און האָט אָרגאַניזירט די מיליטערישע פאַרטיידיקונג פון דער שטאָט. דער קאַמף האָט געדויערט דרײַ טעג; דאָס מיליטער האָט געמאַכט די פאַרצווייפלטסטע אָנשטרענגונגען אײַנצונעמען די שטאָט, אָבער זיי האָבן אַפילו נישט באַוויזן אײַנצו־נעמען איין שטוב. סאַלוואַטשעאַ האָט געקעמפט ווי אַ לייב, ער איז געווען אומעטום, וווּ די געפאַר איז געווען צום שטאַרקסטן און זײַן העלדישער מוט האָט געגעבן די רעבעלן אַן אומבאַזיגלעכן כּוח.

אויפן פערטן טאָג האָבן די אויסלענדישע אַמבאַסאַדאָרן פון דער שטאָט געפאָדערט אַ וואָפן־שטילשטאַנד, וואָס איז פוןביידע פאַרטייען אָנגענומען געוואָרן. אָבער די „ליבעראַלע רעגירונג" האָט באַלד אַרויסגעשיקט דעם גענעראַל קאַבאַ־ליעראָ דע ראָדאַס מיט אַ גאַנצער אַרמיי קעגן די מוטיקע רעוואָלוציאָנערן. סאַל־וואַטשעאַ האָט אָנגעהאַלטן זײַן פּאָזיציע ביז דעם 11טן דעצעמבער. אָבער ווען קאַבאַליעראָ דע ראָדאַס איז געקומען אַלץ נענטער, נישט אָנטרעפנדיק קיין ווי־דערשטאַנד אויף זײַן וועג, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס ביסל שלעכט־באַוואָפנטע רעוואָלוציאָנערן קענען זיך נישט פאַרטיידיקן קעגן אַ גאַנצער אַרמיי, און אַז יעדער ווײַטערדיקער ווידערשטאַנד וואָלט נאָר געהייסן פאַראורזאַכן אַ בלוט־באָד, אָן דער קלענסטער אויסזיכט אויף אַ דערפאָלג. ער האָט דערפאַר אויפגעלייזט די רעוואָלו־ציאָנערע מיליץ, אַלעמען אַוועקגעשיקט, נאָר ער אַליין איז געבליבן. רויִק איז ער געגאַנגען אין דער מיליטער־קאַסינאָ, כּדי אָפּצוואַרטן דאָרט דעם גענעראַל דע ראָדאַס. דער קאָראָנעל פּאַזאַס, שעף פון דעם דריטן אַרטילעריע־רעגימענט איז געקומען צו אים און האָט אים אויפגעפאָדערט צו ראַטעווען זײַן לעבן און אַוועק־פאָרן פון קאַדיס, ווײַל דער גענעראַל וועט אים זיכער הייסן דערשיסן. סאַלוואַטשעאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט. דער אָפיציר האָט אים געבעטן, ער האָט אים אָנגעבאָטן זײַן זעלנערישע הילף, אָבער סאַלוואַטשעאַ איז געבליבן פעסט בײַ זײַן באַשלוס. ער האָט געוווּסט, אַז די רעגירונג האַלט אים פאַר איר הויפּט־שונא, און אויב דע ראָדאַס וועט אים נישט געפינען, וועט די גאַנצע שטאָט דאַרפן לײַדן פאַר אים; און דאָס וואָלט געווען פאַר אים ערגער ווי דער טויט. זײַן גרויסער און נאָבעלער כאַראַקטער האָט אים נישט דערלויבט צו טראַכטן וועגן זײַן אייגענער רעטונג. ער האָט גענומען אויף זיך די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און איז גרייט געווען צו שטאַרבן פאַר זײַנע האַנדלונגען. אָט די ווונדערלעכע האַלטונג האָט געמאַכט אַ טיפן אײַנדרוק אַפילו אויף זײַנע קעגנערס. דער גענעראַל דע ראָדאַס האָט נישט געוואָלט זײַן דער הענקער פון אַזאַ מענטשן און האָט אים פּשוט געשיקט ווי אַ קריגס־געפאַנגענעם אין דער פעסטונג פון סאַנטאַ קאַטאַלינאַ.

אָבער דאָס פאָלק פון קאַדיס האָט געוווּסט ווי צו שאַצן אָט דעם נאָבעלן כאַראַקטער, און מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז סאַלוואַטשעאַ אויסגעוויילט געוואָרן מיט אַ גוואַלטיקער מערהייט ווי אַ פאַרטרעטער פון קאַדיס אין די קאָרטעס. די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט שוין פריִער דערקלערט, אַז זי וועט נישט אָנער־קענען אָט דעם אויסוואַל, און דער „רעוואָלוציאָנערער פּאַרלאַמענט" האָט אין דער אמתן באַשטעטיקט אָט דעם באַשלוס. ווי עס ווײַזט אויס, האָבן אָט די מערקווירדיקע „רעוואָלוציאָנערן" געוואָלט דערווײַזן, אַז סאַלוואַטשעאַ פּאַסט זיך נישט אַרײַן אין זייער געזעלשאַפט. זיי זײַנען אין דעם געווען פולשטענדיק גערעכט, ווײַל דער ריכטיקער פּלאַץ פון דעם גרויסן רעוואָלוציאָנער איז געווען אויף דער באַריקאַדע און נישט אין פּאַרלאַמענט.

**
*

אין פעברואַר 1869 האָט זיך דער נײַער פּאַרלאַמענט צום ערשטן מאָל פאַר־זאַמלט אין מאַדריד, און איינער פון זײַנע ערשטע באַשלוסן איז געווען די אַמנעסטיע פון אַלע פּאָליטישע געפאַנגענע, וואָס דאָס פאָלק האָט געפאָדערט זייער ענערגיש. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן סאַלוואַטשעאַ און אַ סך אַנדערע פּאַרלאָזט די קאַזעמאַטן פון סאַן סעבאַסטיאַן און סאַנטאַ קאַטאַלינאַ. סאַלוואַטשעאַ האָט זיך באַלד געגומען צו דער אַרבעט און אָנגעפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע אין גאַנץ אַנדאַלוסיע פאַר אַ נײַעם רעפּובליקאַנישן אויפשטאַנד, ווײַל דאָס איז געווען דער איינציקער מיטל צו ראַטעווען די רעזולטאַטן פון דער רעוואָלוציאָנע פון 1868.

דעם 1טן יוני 1869 האָבן די קאָרטעס אָנגענומען מיט 214 שטימען קעגן 56 אײַנצופירן אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע און באַשלאָסן צו זוכן אין אייראָפּע אַ פּאַסיקן קעניג פאַרן שפּאַנישן טראָן. עמיליאָ קאַסטעלאַר און די אַנדערע בירגערלע־כע רעפּובליקאַנער אין פּאַרלאַמענט האָבן גאָר שוואַך פּראָטעסטירט, אָנשטאָט צו פּרוּוון דעם לעצטן און איינציקן מיטל, וואָס איז זיי נאָך געבליבן — דעם אויפשטאַנד. אָבער אָט די פּאַרלאַמענטאַרישע קאָמעדיאַנטן האָבן נישט געוואָלט וויסן פון אַזעלכע מיטלען. זיי האָבן בעסער פאַרראַטן די רעפּובליק און די רעוואָלוציע פון 1868. אין סעפּטעמבער האָט אויסגעבראָכן דער פעדעראַליסטישער אויפשטאַנד אין קאַ־טאַלוניע. סאַלוואַטשעאַ און זײַנע פרײַנד האָבן תיכף באַשלאָסן צו אונטערשטיצן די רעוואָלוציאָנערן, דורך פאַנאַנדערוויקלען די פאָן פון אויפשטאַנד אין זייער פּראָ־ווינץ. דעם 30סטן סעפּטעמבער האָט סאַלוואַטשעאַ מאַרשירט אין דער שפּיץ פון 600 מאַן פון קאַדיס קײַן מעדינאַ, כדי צו פאַראייניקן זיך דאָרטן מיט די רעבעלן פון כערעס און אובריקע. די רעוואָלוציאָנערן האָבן אַפילו געוווּסט, אַז דער אויפ־שטאַנד איז זייער לעצטער מיטל צו פאַרטיידיקן די פרײַהייט, און ווי איבערגע־געבענע מענטשן האָבן זיי באַשלאָסן בעסער צו שטאַרבן, איידער זיך אונטערצוגעבן אָן אַ פּרוּוו צו פאַרטיידיקן זיך.

סאַלוואַטשעאַ איז באַלד פאַרפאָלגט געוואָרן פון די רעגירונגס־חילות. נישט ווײַט פון אַלקאַלאַ דע לאָס גאַסולעס זײַנען פאָרגעקומען די ערשטע בלוטיקע שלאַכטן. דאָס מיליטער איז געווען הונדערט מאָל שטאַרקער פון די רעבעלן, וועל־כע זײַנען אויך נישט געווען גוט באַוואָפנט, אָבער זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט העלדישן מוט און אין געציילטע טעג זײַנען פאָרגעקומען דרײַ בלוטיקע שלאַכטן.

דער איידעלער ראַפאַעל גיליען איז געוואָרן געפאַנגען און די סאָלדאַטן האָבן אים דערהרגעט אויף אַ גרויזאַמען אופן, אויפן באַפעל פונעם קאָראַנעל לוקע. קריסטאָבאַל באַהאַרקעס, דער אומדערמידלעכער און העלדישער פאַרטיידיקער פון דער סאָציאַלער פרײַהייט און גלײַכהייט איז געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד. סאַלוואַטשעאַ האָט געקעמפט ווי אַ העלד; ער האָט געוווסט, אַז זײַן זאַך איז אַ פאַרלאָרענע, אָבער זײַן מוט איז געווען אומבאַזיגלעך. ענדלעך, ווען דאָס מיליטער האָט שוין אײַנגענומען אַלע וויכטיקע סטראַטעגישע פונקטן, און נאָך דעם ווי די רעבעלן האָבן זיך דערוווסט, אַז אין מאַלאַגאַ און אין סעווילי‌אַ איז נישט געווען מעגלעך אַרויסצורופן קיין אויפשטאַנד, האָבן די רעוואָלוציאָנערן אויפגעלייזט זייערע רייען, כדי זיך צו ראַטעווען איינציקווײַז. מיט געוויסע סכנות האָט זיך סאַלוואַטשעאַן און עטלעכע אַנדערע אײַנגעגעבן צו דערגרייכן גיבראַלטאַר. פון דאָרטן איז ער אַוועק קיין פּאַריז, ווו ער איז געווען אַן אַפּטער אַרײַנגייער אין די ראַדיקאַלע קרײַזן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם „רעוועאי״, דעם „ראַפּעל״ און אַנדערע ראַדיקאַלע צײַטשריפטן. פון פּאַריז איז סאַלוואַטשעאַ אַוועק קיין לאָנדאָן, ווו ער איז געבליבן, ביז וואַנען די אַמנעסטיע אין 1871 האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אומצוקערן זיך קײַן שפּאַניע. אין קאַדיס האָט אים דאָס פאָלק אויפגענומען מיט אומבאַשרײַבלעכן ענטוזיאַזם און אין דעם זעלביקן יאָר האָט מען אים אויסגעוויילט פאַר אַלקאַלדע, ד״ה פאַר בירגערמײַסטער פון שטאָט.

ווי אַ בירגערמײַסטער פון קאַדיס, האָט סאַלוואַטשעאַ זייער פיל אויפגעטאָן פאַר דער פאַרשענערונג פון דער שטאָט און געמאַכט פון איר איינע פון די שענסטע אין גאַנץ שפּאַניע. אויך האָט ער אײַנגעפירט עטלעכע נוצלעכע רעפאָרמען אין דער פּאָליטישער פאַרוואַלטונג. אָבער זײַן בירגערמײַסטערשאַפט האָט נישט אָנגעהאַלטן לאַנג, מחמת אין יולי 1873 האָט אויסגעבראָכן די קאַנטאָנאַליסטישע רעוואָלוציע אין שפּאַניע, און סאַלוואַטשעאַ איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן גענומען די ביקס אין דער האַנט אויסצוקעמפן עקאָנאָמישע גלײַכקייט און לאָקאַלע אויטאָנאָמיע.

**
*

דעם 9טן פעברואַר 1873 האָט דער שפּאַנישער קעניג אַמאַדעאָ זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די שפּאַנישע רעפּובליק. דער בלוטיקער קאַמף פון דער פּאַריזער קאָמונע האָט געמאַכט אַ גוואַלטיקן אײַנדרוק אויף שפּאַניע, און מען האָט געפילט, אַז עס גרייטן זיך גרויסע פּאַסירונגען. אַמאַדעאָ האָט דעריבער באַשלאָסן אָפּצודאַנקען פון טראָן. אָבער דאָס פאָלק איז אויך נישט געווען צופרידן מיט דער אַלגעמיינער שפּאַנישער רעפּובליק, און דעריבער איז די נײַע רעגירונג געווען געצוווּנגען צו פּראָקלאַמירן די פעדעראַטיווע רעפּובליק, דעם 8טן יוני 1873. כדי אײַנצושטילן די אומצופרידענע, האָט מען אויסגעקליבן דעם באַקאַנטן פּרודאָניסט פּי אי מאַרגאַל פאַר מיניסטער־פּרעזידענט. אָבער דעם 3טן יולי, ווען מען האָט באַשטימט די נײַע קאָנסטיטוציע, האָבן די פעדעראַליסטן באַלד דערקענט, אַז מען וויל זיי אָרײַננאַרן. פּי אי מאַרגאַל, דער איינציקער ערלעכער און איבערגעגעבענער מענטש פון דער נײַער רעגירונג, האָט זיך באַלד אָפּגעזאָגט פון זײַן אַמט, ווײַל ער האָט נישט געוואָלט פאַרראַטן

זײַנע פּרינציפּן. אין דער צײַט פֿון 5טן ביזן 13טן יולי האָבן זיך אויפֿגעהויבן אַ סך שטעט און זיך דערקלערט פֿאַר זעלבסטשטענדיקע קאָמונעס.

עס קאָן נישט זײַן, פֿאַרשטייט זיך, אונדזער אויפֿגאַבע צו געבן אין אָט דעם אַרטיקל אַ בילד פֿון יענער קאָמפּליצירטער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך פֿול־שטענדיק געענדיקט ערשט דעם 11טן יאַנואַר 1874 מיט דער בלוטיקער אונטער־דריקונג פֿון דער קאָמונע פֿון קאַרטאַכענאַ. אָט די העלדישע שטאָט איז זעקס מאָ־נאַטן לאַנג באַלאַגערט געוואָרן פֿון דער שפּאַנישער אַרמיי און פֿון פֿרײַסישע און ענגלישע קריגס־שיפֿן, איידער עס איז געלונגען זי צו אונטערדריקן.

סאַלוואַטשעאַ האָט זיך באַלד אָנגעשלאָסן אָן דער פֿעדעראַליסטישער באַ־וועגונג און איז אויסגעוויילט געוואָרן פֿאַר פּרעזידענט פֿון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פֿון דער קאַדיסער קאָמונע. אָבער זײַן לאַגע איז געווען אומגעהײַער שווער, ווײַל עס זײַנען געווען פֿאַרשיידענע ריכטונגען אין דער באַוועגונג גופֿא. אַנהייב אויגוסט איז גענעראַל פּאַוויאַ אָנגעקומען מיט זײַן אַרמיי פֿאַר די מויערן פֿון קאַדיס. סאַלוואַטשעאַ און זײַנע פֿרײַנד האָבן פֿאַרטיידיקט דעם אַרײַנגאַנג אין שטאָט, אָבער די ענגלישע קריגס־שיפֿן אין קאַדיסער פּאָרט האָבן זיך געשטעלט אויף דער זײַט פֿון דער רעגירונג און אַזוי געענדיקט יעדן ווײַטערדיקן פּרוּוו פֿון פֿאַרטיידיקונג.

סאַלוואַטשעאַ איז געווען אין אַ זיכערן פּלאַץ, ווען די זעלנער פֿון גענעראַל פּאַוויאַ האָבן אַרײַנמאַרשירט אין שטאָט, עס וואָלט פֿאַר אים געווען אַ לײַכטע זאַך אַריבערצופֿאָרן מיט אַ שיפֿל קײַן גיבראַלטאַר. אָבער ער האָט געהערט, אַז אַ סך פֿון זײַנע פֿרײַנד זײַנען געוואָרן אַרעסטירט און דעריבער האָט ער זיך אַליין איבערגעגעבן צו זײַנע שונאים, כּדי צו טיילן דעם גורל פֿון זײַנע חברים.

דאָס קריגס־געריכט פֿון סעווילאַ האָט אים פֿאַרמישפּט צו לעבנסלענגלעכער פֿאַרשיקונג אין איינער פֿון די אַפֿריקאַנישע שטראָף־קאָלאָניעס. זײַן איידעלער פֿרײַנד פּאַבלאָ לאַסאַ האָט זיך פֿרײַוויליק געשטעלט פֿאַרן געריכט, כּדי צו באַ־גלייטן סאַלוואַטשעאַן אין זײַן געפֿאַנגענשאַפֿט. אין מערץ 1874 האָט מען ביידע אַוועקגעשיקט אין דער אַפֿריקאַנישער שטראָף־קאָלאָניע פֿון לאַ גאָמעראַ. סאַלוואַ־טשעאַ האָט געטראָגן זײַן גורל מיט דער גרעסטער רויִקייט און איבערגעגעבנקייט. זײַן פֿאַמיליע האָט אים געשטיצט מיט געלט, אָבער ער האָט געטיילט דעם לעצטן סענט פֿון די אומגליקלעכע געפֿאַנגענע און מיט די אָרעמע אײַנוווינער פֿון דער קאָלאָניע, וועלכע האָבן אים פֿאַרערט ווי אַ הייליקן. סאַלוואַטשעאַ איז געווען דער גוטער גײַסט פֿון דער קאָלאָניע. ער איז געווען צו יעדן איינציקן אַ פֿרײַנד און אַ ברודער. זײַן טרייסט האָט געווירקט אויף אַלעמען און אָפּגעהאַלטן פֿון פֿאַרצווייפֿ־לונג. אין 1876 האָט מען סאַלוואַטשעאַן אַריבערגעפֿירט אין דער שטראָף־קאָלאָניע פֿון סעוטאַ, אָבער אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט מען אים ווידער געבראַכט צוריק אויפֿן אינדזל גאָמעראַ. אין משך פֿון די אַכט יאָר, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין די שטראָף־קאָלאָניעס, האָט סאַלוואַטשעאַ שטודירט טעאָרעטישע און פּראַקטישע מע־דיצין און אָפּגעגעבן אַלע כּוחות זײַנע פֿאַר דערציִונג פֿון די אײַנוווינער פֿון לאַ גאָמעראַ. אָבער אין דער געפֿאַנגענשאַפֿט האָט ער אַליין אויך דורכגעמאַכט אַ גרויסע גײַסטיקע אַנטוויקלונג. נאָך ווען ער איז געווען אין שפּאַניע, האָט ער גענומען אַ וואַרעמען אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער שפּאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג

און איז געוועזן איינער פון די מיטגלידער פונעם „אינטערנאַציאָנאַל" אין אָט דעם לאַנד. אָבער ערשט אין געפאַנגענשאַפט האָט ער געפונען די נייטיקע צייט אויף אָפּצוגעבן זיך מיט די אידייען און שטרעבונגען פון דער שפּאַנישער פעדעראַציע פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אַסאָציאַציע". ער האָט ביסלעכווייז באַנומען, אַז די פעדעראַטיווע רעפּובליק איז נאָך נישט די לעצטער רינג פון דער פּריוואַטייטלעכער אַנטוויקלונג, און די שריפטן פון באַקונין און אַנדערע פרייהייט־לעכע דענקער האָבן אים לסוף געפירט צום אַנאַרכיזם, וואָס ער האָט פּראָפּאַגאַנדירט מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט און ענערגיע ביזן לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן.

אין 1875 האָט סאָלוואָטשעאָס מוטער געפּרוווט אויסצווירקן די באַגנאַדיקונג פון איר זון. מיט דער הילף פון איינפלוסרייכע פריינד איז איר טאַקע געלונגען צו קריגן די איינשטימיקייט פונעם מיניסטער קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ. אָבער ווען סאָלוואָטשעאָ האָט זיך דאָס דערוווּסט, האָט ער געשריבן צו זיין מוטער אַ שטאַרקן בריוו, אין וועלכן ער האָט איר פאַרבאָטן צו מאַכן וועלכן נישט איז פּרווו צו פועלן זיין באַגנאַדיקונג. ער האָט איר דערקלערט, אַז אים איז ליבער צו שטאַרבן אין געפאַנגענשאַפט, איידער אָנצונעמען דעם חסד פון זיינע ביטערסטע קעגנערס. אין 1883 האָט די קאַדיסער שטאָט־פאַרוואַלטונג געמאַכט אַ נייעם פּרווו אין דער ריכטונג און אויסגעפירט, אַז דאָס געריכט זאָל באַשליסן צו אַמנעסטירן סאָלוואָטשעאָן. אָבער זיי האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דעם גרויסן רעוואָלוציאָנערס אייזערנעם כאַראַקטער. ווען דער גובערנאַטאָר פון דער קאָלאָניע האָט אים איבערגעגעבן זיין באַפרייונג, האָט סאָלוואָטשעאָ צעריסן דעם דאָקומענט פאַר זיינע אויגן און דער־קלערט, אַז פאַר אים זיינען נאָר פאַראַן צוויי וועגן פון באַפרייונג: אָדער ער וועט זיך קענען באַפרייען מיט אייגענעם כוח, אָדער עס זאָל קומען אַן אַלגעמיינע אַמ־נעסטיע פאַר אַלע פּאָליטישע געפאַנגענע. מען קאָן זיך פאָרשטעלן דעם איינדרוק פון אַזעלכע ווערטער. סאָלוואָטשעאָ האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער פרייהייט און איז פאַרבליבן אַ געפאַנגענער. אָבער אין ניין חדשים אַרום האָט זיך אים איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון לאַ גאָמעראַ. עס איז אים געלונגען צו דערגרייכן, אויף אַ קליין שיפל, אַן אַראַבישע זעגל־שיף, מיט וועלכער ער איז אַוועק קיין גיבראַלטאַר. נאָך אַ קורצן אָפּשטעל אין ליסאַבאָן און אָראַן, האָט ער זיך באַזעצט אין דער שטאָט טאַנזשער אין מאַראָקאָ, ווו ער האָט געוווינט ביז 1886, ווען דער טויט פון אַלפאָנסאָ דעם 12טן האָט אים דערלויבט ווידער צו קומען קיין שפּאַניע, ווו מען האָט אים אויפגענומען מיט אַ גוואַלטיקן ענטוזיאַזם.

**
*

סאָלוואָטשעאָ איז צוריקגעקומען אין אַ גינציקער צייט. פון 1874 ביז 1881 האָט די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג אין שפּאַניע דורכגעמאַכט אַ שרעקלעכן פּעריאָד. די באַרבאַרישע אויסנאַם־געזעצן האָבן געשטערט יעדע עפנטלעכע פּראָפּאַגאַנדע. הונדערטער פון די בעסטע חברים האָבן געשמאַכט אין די תפיסות, אָבער די באַ־וועגונג האָט טראָץ דעם ווייטער עקסיסטירט אין אירע קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַ־ציעס. זי האָט אַרויסגעגעבן אירע געהיימע צייטשריפטן ווי צב"ש: „על אָרדען", „לאָס רעפּרעסאַליאַס", „לאַ רעוואָלוסיאָן פּאָפּולאַר", „על מאָווימיענטאָ" אאַ"וו.

ערשט אין 1881 האָט זיך געענדיקט אָט דער פינצטערער פּעריאָד און אין דעם זעלביקן יאָר איז ווידער פאָרגעקומען דער ערשטער עפנטלעכער צוזאַמענפאָר פון די שפּאַנישע אַנאַרכיסטן. פון 1881 ביז 1892 האָט זיך די באַוועגונג גוואַלטיק אַנטוויקלט, און סאַלוואַטשעאַ האָט שטענדיק געקעמפט אין די ערשטע רייען פון די חברים. אין 1886, ד״ה באַלד ווען ער איז צוריקגעקומען קײַן קאַדיס, האָט ער געגרינדעט אַן אַנאַרכיסטישע צײַטונג „על סאָסיאַליסמאָ״, און האָט אָנגעפירט אַ מעכטיקע פּראָפּאַגאַנדע אין אַנדאַלוסיע. אין אַלע דערפער האָבן זיך די פעלד־אַר־בעטער אָרגאַניזירט, און דער אַנאַרכיזם האָט געמאַכט אַ ריזיקן פּראָגרעס אין דער גאַנצער פּראָווינץ. די רעגירונג האָט געקוקט מיט שרעק אויף אָט דער באַוועגונג. זי האָט געפּרוּווט אונטערדריקן די צײַטונג דורך אַ גאַנצער שורה פּראָצעסן, אָבער זי האָט דערמיט נאָך שטאַרקער געמאַכט די אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדע. סאַלוואַ־טשעאַ איז פון 1886 ביז 1891, אַזוי לאַנג ווי די צײַטונג איז דערשינען, עטלעכע צענדלינג מאָל אַרעסטירט און פאַרורטיילט געוואָרן, אָבער זײַן ענערגישע פאַר־טיידיקונג פאַר זײַנע ריכטערס האָט געמאַכט אַ גוואַלטיקן אײַנדרוק, און נאָך יעדן פּראָצעס איז די באַוועגונג געוואָרן שטאַרקער.

איצט האָט די רעגירונג אויסגעזוכט אַן אַנדער מיטל. שוין אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן האָט זי פאַרשפּרייט די נײַעס, אַז עס עקסיסטירט אין אַנדאַלוסיע אַ קאָנספּיראַטיווע געזעלשאַפט, די „מאַנאָ נעגראַ״ (שוואַרצע האַנט), וועלכע באַשטייט פון מערדערס און רויבערס און ווערט באַאײַנפלוסט פון אַנאַרכיסטישע פּרינציפּן. די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט אַזוי אָפט איבערגעחזרט אָט די דערפינדונג, אַז סוף־כל־סוף האָט מען עס גענומען גלייבן, און טויזנטער מענטשן זײַנען געוואָרן אַרעסטירט און אָפט אויך פאַרמשפּט ווי מיטגלידער פון דער אַזוי גערופענער „מאַנאָ נעגראַ״. אין דער אמתן האָט די פּאָליציי געהאַט בדעה אויף דעם אופן צו פאַרניכטן די גרויסע „פאַראייניקונג פון די שפּאַנישע פעלד־אַרבעטער. דעם 1טן מײַ 1890 האָט סאַלוואַטשעאַ אָרגאַניזירט אַ גוואַלטיקע רעוואָלוציאָנערע דעמאָנ־סטראַציע אין גאַנץ אַנדאַלוסיע, וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסאַרטיקן אײַנדרוק אויף דער אַרבעטערשאַפט אין גאַנץ שפּאַניע. דעם 1טן מײַ 1891 איז פאָרגעקומען אַן ענלעכע דעמאָנסטראַציע, הגם די רעגירונג האָט מיט עטלעכע טעג פריִער אַרעס־טירט סאַלוואַטשעאַן און נאָך חברים. באַלד נאָכן 1טן מײַ זײַנען פּלוצלינג פאָרגע־קומען צוויי אויפרײַסן אין שטאָט. איינע האָט געהרגעט אַן אַרבעטער, די אַנדערע האָט פאַרוואונדעט פיר יונגעלײַט. די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט, פאַרשטייט זיך, תיכף חושד געווען די אַנאַרכיסטן. „על סאָסיאַליסמאָ״ האָט תיכף דערקלערט, אַז דאָס איז די אַרבעט פון דער פּאָליציי, אָבער באַלד דעם איז נאָך אַ גאַנצע אַרמיי פון שפּיאָנען און פּאָליציסטן אַרײַן אין דער רעדאַקציע פון דער צײַטונג און דאָרטן „אַנטדעקט״ צוויי באָמבעס, וועלכע זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, אַליין מיטגעבראַכט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מען האָט באַלד אַרעסטירט אַ גרויסע צאָל חברים, סאַלוואַטשעאַ האָט אין עטלעכע וואָכן אַרום געהאַט דעם זעלביקן גורל.

ענלעכע געשעענישן זײַנען פאָרגעקומען אין דער שטאָט כערעס דע לאַ פראָנ־טעראַ, וואָס איז באַקאַנט ווי איינע פון די רעוואָלוציאָנערסטע פּונקטן אין אַנדאַ־לוסיע. דאָרט האָט מען אין אויגוסט 1891 אַרעסטירט 157 אַנאַרכיסטן און זיי אָנגעקלאָגט ווי „מיטגלידער פון דער מאַנאָ נעגראַ״. עס פאַרשטייט זיך, אַז אָט די

שענדלעכע האַנדלונג פון דער רעאַקציע האָט אַרויסגערופן אַ ביטערע שנאה ביי די פעלד־אַרבעטער און פּויערים. ווען זיי האָבן געזען, אַז מען אונטערדריקט זייע־רע עלעמענטאַרסטע רעכטן, האָבן עטלעכע הונדערט פון זיי באַשלאָסן צו באַפרייען מיט גוואַלד זייערע געפאַנגענע חברים אין כערעס. אין דער נאַכט פון 8טן יאַנואַר 1892 זיינען 500 פּויערים און אַרבעטער אַריין אין דער שטאָט כערעס מיטן געשריי: „זאָל לעבן די סאָציאַלע רעוואָלוציע! זאָל לעבן די אַנאַרכיע!" צוויי ערד־אייגנטימער זיינען דערמאָרדעט געוואָרן. די סאָלדאַטן האָבן זיך אין אָנהייב דערשראָקן, און אַזוי איז די רעבעלן געראָטן אַ טייל פון זייער פּלאַן. ווען עס איז טאָג געוואָרן, האָבן זיך די רעוואָלוציאָנערן צוריקגעצויגן נאָך אַ בלוטיקן קאַמף מיט דער באַ־וואָפנטער מאַכט.

די נקמה פון דער בורזשואַזיע איז געווען אַ שרעקלעכע. דעם 18טן פעברואַר זיינען די אַנאַרכיסטן לאַמעלאַ, סאַרסועלאַ, ביסיקי און לעבריכאַנאַ גאַראָטירט גע־וואָרן. זיי זיינען געשטאָרבן מיט אַ העלדישן מוט באַגריסנדיק דעם טויטן מיטן געשריי: „וויוואַ לאַ אַנאַרקיאַ!" זיי זיינען נאָך געווען די גליקלעכסטע — 17 אַנדערע חברים זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו צען, צוועלף, פופצן, צוואַנציק יאָר און אַנדערע אַפילו צו לעבנסלענגלעכער תפיסה. צווישן זיי איז אויך געווען סאַלוואַ־טשעאַ. די רעגירונג האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט אָרגאַניזירט דעם אויפשטאַנד אין כערעס, בעת ער איז געזעסן אין תפיסה אין קאַדיס. אין קאַדיס האָט זיך נישט געפונען קיין איינציקער ריכטער, וואָס זאָל וועלן אָננעמען אַזאַ אָנקלאַגע. דעריבער האָט מען סאַלוואַטשעאַן געשטעלט פאַרן קריגס־געריכט פון כערעס, וואָס האָט אים פאַרמשפּט אויף 12 יאָר תפיסה.

סאַלוואַטשעאַס האַלטונג לגבי זיינע ריכטערס איז געווען אַ העלדישע. ער האָט געוווּסט, אַז מען וועט אים פאַרמשפּטן, וואָס עס זאָל נישט קאָסטן. דער ריכטער האָט זיך געווענדט צו אים מיט די ווערטער: „איר זייט פאַרפליכטעט מיר צו זאָגן דעם אמת אויף אַלע פראַגן, וואָס איך וועל אייך שטעלן". סאַלוואַטשעאַ: „אָט דער פּראָצעס איז נישט מער ווי אַ געמיינע קאָמעדיע, און איך בין שוין פאַרמשפּט געווען, נאָך איידער איר האָט מיך געצוווּנגען זיך צו שטעלן פאַר אייך. בכן האָב איך איבערהויפּט נישט וואָס צו ענטפערן". ריכטער: „דאָס געזעץ באַשטימט, אַז אַן אָנגעקלאָגטער, וועלכער זאָגט זיך אָפּ צו ענטפערן אויף דעם ריכטערס פראַגעס, אָנערקענט אַז ער איז שולדיק". סאַלוואַטשעאַ: „איך בין גרייט צו טראָגן די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר מיין שווייגן". ריכטער: „אָבער, ווי אַ ריכטער, דאַרפט איר מיך רעספּעקטירן". סאַלוואַטשעאַ: „פאַר מיר זיינען אַלע מענטשן גלייך! איך אָנער־קען נישט קיין „העכערע" מענטשן, און איך האָב נישט פאַר וואָס אייך צו רעס־פּעקטירן". דער ריכטער האָט נאָך געשטעלט אַ טוץ פראַגן, אָבער סאַלוואַטשעאַ האָט געשוויגן.

סאַלוואַטשעאַ איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן אין דער געפענגעניש פון וואַליאַ־דאָליד, ווו ער האָט געזאָלט אָפּזיצן זיין טערמין. אין דער ערשטער צייט האָט מען אים פולשטענדיק אָפּגעשניטן פון דער דרויסנדיקער וועלט און אים אַפילו נישט דערלויבט צו שרייבן קיין בריוו. ערשט דעם 7טן נאָוועמבער 1893, ווען ער איז געלעגן אַ שווער קראַנקער אין תפיסה־שפּיטאָל, האָט מען דערלויבט עטלעכע איינ־טימע באַקאַנטע אים צו באַזוכן. זיין לאַגע איז געווען די שרעקלעכסטע, וואָס מען

קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. באַלד דעם ערשטן זונטיק, ווען ער איז אָנגעקומען אין וואַליאַדאָלידער תפיסה, האָט אים דער דירעקטאָר געהייסן בײַצוזײַן דעם גאָטעס־דינסט. סאַלוואָטשעאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט, דערקלערנדיק אַז ער איז אַן אַטעיִסט. „דאָס מאַכט נישט אויס“, האָט אים געענטפערט דער דירעקטאָר, „אָדער איר וועט גיין אין קירך, אָדער איך וועל אײַך פאַרשפאַרן אין אַן אונטערערדישן קאַרצער“.
— „איך קלײַב בעסער אויס דעם אונטערערדישן קאַרצער“, האָט סאַלוואָטשעאַ געענטפערט. מען האָט אים אַרײַנגעזעצט אין אַ שרעקלעכן קאַרצער, אַ פינצטערן, פײַכטן, און אײַז־קאַלטן לאָך. חדשים זײַנען אַריבער, סאַלוואָטשעאַ איז געוואָרן זייער קראַנק מחמת דער פײַכטקייט און ער האָט געפילט, אַז זײַנע כוחות ווערן שוואַכער פון טאָג צו טאָג. אויף קיין רעטונג האָט ער נישט געקענט האָפן, ווײַל שפּאַניע האָט דעמאָלט איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע רעאַקציע. אין אָט דעם פאַר־צווייפלטן צושטאַנד האָט ער באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד, כדי צו מאַכן אַ סוף צו זײַנע לײַדן. מיט אַן אָפּגעבראָכענעם, שטומפּיקן שערל האָט ער זיך געמאַכט צוויי טיפע ווונדן אין די אָדערן פון האַלדז און אַ געפערלעכן שניט אין דער זײַט. דע־מאָלט האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און פאַרלאָרן זײַן באַוווסטזײַן. אָבער צוליב דער שרעקלעכער קעלט אין זײַן קאַרצער זײַנען אים די בלוטן פאַרפראָרן געוואָרן אין די אָדערן, און דאָס האָט אים געראַטעוועט.

ווען מען האָט אים געפונען אין אַזאַ שרעקלעכן צושטאַנד, האָט זיך דער דירעקטאָר זייער דערשראָקן. מען האָט אים געבראַכט אין שפּיטאָל, ווו ער איז לאַנגזאַם געקומען צו זיך. ווען ער איז ווידער געזונט געוואָרן, האָט אים דער די־רעקטאָר פאָרגעשלאָגן אַ שטעלע פון אַ שרײַבער אין תפיסה. אָבער סאַלוואָטשעאַ האָט אים דערקלערט, אַז ער וויל נישט זײַן קיין דינער פון שטאַט, אַפילו נישט אין אָט דער פאָרעם. דער 21סטן אויגוסט 1898 האָט מען אים אַריבערגעפירט אין דער תפיסה פון דער שטאָט בורגאָס. דאָרטן איז זײַן לאַגע געווען אַ בעסערע. ער האָט איבערגעזעצט אַן אַסטראָנאָמיש ווערק פון פלאַמאַריאָן און געמאַכט נאָך עטלעכע קלענערע ליטעראַרישע אַרבעטן. ענדלעך אין 1899, ווען די געפאַנגענע אין מאָנט־כויִטש זײַנען באַפרײַט געוואָרן צוליב דער גרויסער פּראָטעסט־באַוועגונג, האָט זיך פאַר סאַלוואָטשעאַן אויפגעעפנט די טיר פון דער תפיסה. ער איז אַוועק קײַן קאַדיס, ווו דאָס פאָלק האָט אים אויפגענומען מיט אומבאַשרײַבלעכער באַגײַסטערונג. זײַן גײַסט איז נאָך אַלץ געווען דער זעלביקער, אָבער זײַן געזונט און דערהויפּט זײַנע אויגן האָבן זייער פיל געליטן פון די יאָרן אין קאַרצער.

סאַלוואָטשעאַ איז געווען טעטיק ביז דעם לעצטן מאָמענט פון זײַן לעבן. ער האָט מקריב געווען גוט און בלוט, זײַן גאַנצן פאַרמעגן פאַר זײַן אידעאַל און איז געבליבן צום סוף אַזוי אָרעם ווי דער אָרעמסטער פּראָלעטאַריער. ער האָט גע־שריבן אַן אָנצאָל אַרטיקלען פאַר דער גאַנצער אַנאַרכיסטישער פּרעסע אין שפּאַניע און אויך אַרויסגעגעבן עטלעכע קלענערע בראָשורן. זײַן לעצטע גרעסערע אַרבעט איז געווען אַ טרעפלעכע איבערזעצונג פון קראָפּאָטקינס „פעלדער, פאַבריקן און ווערקשעפער“ פאַר דער „רעוויסטאַ בלאַנקאַ“.

דאָס איז אין קורצע ווערטער די לעבנסגעשיכטע פון פערמין סאַלוואָטשעאַ, דעם העלד און קעמפער. זײַן טויט האָט אַרויסגערופן ימען טרערן, און זײַן לוויה איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן גע־

נומען אַנטייל צווישן 40 און 50 טויזנט מענטשן. פון אַלע שטעטלעך און דערפלעך זײַנען זיי געקומען, די אָרעמע און עלנטע און האָבן זיך געזעגנט מיטן טויטן. הונ־דערטער פרויען האָבן געקושט די קאַלטע ליפּן, וועלכע האָבן פריִער אַזוי אָפט גערופן צו די וואָפן פאַר ברויט און פרײַהייט. און ווען מען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם טויטן קערפּער פון דעם אומפאַרגעסלעכן אין דעם שטילן קבר, האָט זיך אַרויס־געריסן פון טויזנטער ליפּן דער אויסגעשריי: „וויוואַ לאַ אַנאַרקיאַ!“

סאַלוואַטשעאַ איז טויט, אָבער אַ באַוועגונג, וועלכע האָט אין אירע רייען אַזעלכע מענטשן, איז אומבאַזיגלעך.

1907

# לואיזע מישעל

לואיזע מישעל, די העלדין פון דער פאַריזער קאָמונע, די אומדערמידלעכע קעמפערין און פּראָפּאַגאַנדיסטין פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז געשטאָרבן, געשטאָרבן פּלוצלינג און אומגעריכטערהייט. די אײַזערנע האַנט פונעם טויט האָט פּלוצלינג אָפּגעשטעלט אָט דאָס רײַכע און שטורעמדיקע לעבן, דאָס האַרץ וואָס האָט פאַרשטאַנען אַזוי טיף און אויפריכטיק צו ליבן און אַזוי ביטער און לײַדנ־שאַפטלעך צו האַסן, באַוועגט זיך נישט מער אין דער קאַלטער ברוסט, און די פיבערדיקע ליפּן, וועלכע זײַנען געווען אומשטאַנד אַרויסצורײַסן אַזעלכע באַגײַס־טערטע און רעבעלישע ווערטער, זיי זײַנען שטום געוואָרן פאַר אַלע צײַטן.

וואָס פאַר אַ לעבן דאָס איז געווען, דאָס לעבן פון דער „גוטער לואיזע״, אַ לעבן אַזוי גרויס און רײַך אין דראַמאַטישע אייגנצלהייטן און וווּנדערלעכע אויסער־געוויינטלעכע פּאַסירונגען! אַ גאַנצער ראָמאַן איז עס געווען, אָבער נישט קיין גע־וויינטלעכער, אַלטעגלעכער ראָמאַן, ניין, אַ ראָמאַן, וועלכער איז אָנגעשריבן גע־וואָרן מיטן האַרצנס־בלוט פון זײַן פאַרפאַסער, אַ ראָמאַן, וואָס איז דורכגעלעבט און דורכגעליטן געוואָרן.

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט אַנטוויקלט אַ סך אויסערגעוויינטלעכע פרויען־טיפּן, פרויען וואָס וועלן נאָך אַרויסרופן די ליבע און באַוווּנדערונג פון די שפּעטסטע צײַטן; אָבער אַ געשטאַלט, ענלעך צו לואיזע מישעל, האָט די באַוועגונג ביז איצט נישט געשאַפן, און עס איז אַ גרויסע פראַגע, אויב זי וועט איר שאַפן אין דער צוקונפט. די „גוטע לואיזע״ איז זיכער געווען איינע פון די וווּנדערלעכסטע געשטאַלטן אין דער מאָדערנער געשיכטע. עטלעכע ביאָגראַפן אירע האָבן זי אָנגע־רופן אַ רעוואָלוציאָנערע זשאַן ד׳אַרק, אַ מאָדערנע יונגפרוי פון אָרלעאַן, און אָט דער פאַרגלײַך איז טאַקע נישט געווען קיין שלעכטער, ווײַל אויך בײַ איר געפינען מיר די זעלביקע פאַטישע און אידעאַלע באַגײַסטערונג, דעם אומבאַזיגלעכן גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון אירע אידייען און דעם העלדישן מוט, וועלכער האָט איר געגעבן דעם כּוח אַריבערצוטראָגן אַלע געפאַרן און שטרויכלונגען פון איר מאַרטירער־לעבן.

לואיזע מישעל איז געווען דער ריכטיקער טיפּ פון אַ מאַרטירער, נישט קיין מאַרטירער פון די אומשטענדן, וועלכע האָבן איר געצוווּנגען צו שפּילן אָט די

ראָלע. נײַן, זי איז געווען אַ געבוירענע מאַרטירערן, די מאַרטירערשאַפט איז פאַר איר געווען אַ נאַטירלעכע באַדערפעניש, און די באַפרידיקונג פון אָט דער באַדערפעניש איז געווען איר גאַנצע לעבנס־גליק, איר גאַנצע צופרידנקייט. זי האָט געקוקט אויפן לעבן מיט גאַנץ אַנדערע אויגן ווי דאָס רוב פון אירע צײַט־חברים, און דאָס, וואָס וואָלט בײַ אַנדערע אויסגעקומען ווי אומדערטרעגלעכע לײַדן און — ווייטיק, איז פאַר איר געווען אַ פאַרגעניגן, אַן אינערלעכע באַפרידיקונג. דער אַרויסגעבער פון אירע מעמואַרן *) האָט גוט פאַרשטאַנען די טיפע פסיכאָלאָגישע אייגנטימלעכקייט פון אָט דעם זעלטענעם כאַראַקטער, בעת ער האָט געשריבן, אַז „אויב לויזע מישעל וואָלט געלעבט מיט 1900 יאָר פריִער, וואָלט מען זי אַוודאי באַהאַנדלט ווי די ערשטע מאַרטירערס אינעם קריסטנטום; איר שוואַכער קערפּער וואָלט צעריסן געוואָרן פון די ווילדע חיות אין דער קייזערלעכער אַרענע, און אויב זי וואָלט געלעבט אין מיטלאַלטער, וואָלט זי אָן ספק געשטאָרבן אויפן שײַטערהויפן פון דער אינקוויזיציע“.

אָט דאָס מאַרטירער־גלויבן איז געווען דער אייגנטלעכער און אינערלעכסטער כוח פון דער „גוטער לויזע“, די אורזאַך, פאַרוואָס דער שוואַכער גוף איז שוין לאַנג צוריק נישט אונטערגעגאַנגען, פאַרניכטעט פון די אומבאַשרײַבלעכע יסורים, וואָס אָט די וווּנדערלעכע פרוי האָט דורכגעמאַכט אין איר טאַט־רײַכן לעבן.

לויזע מישעל איז געווען אַ גליקלעכע, גליקלעך אין פולן זין פון דעם וואָרט, ווײַל איר נשמה איז קיין מאָל נישט אָנגערירט געווען פון דעם זעלבסטמערדערישן סקעפּטיציזם; איר גרויס האַרץ איז קיין מאָל נישט געפּײַניקט געוואָרן פון די אַלע ספקותדיקע און פּײַנצטערע פּראָבלעמען, וואָס מאַכן דאָס לעבן פון דעם מאָדערנעם מענטשן אַזוי שווער און אומדערטרעגלעך. זי איז גליקלעך געווען אַפילו דעמאָלט, ווען זי האָט געליטן די ביטערסטע יסורים, ווײַל זי האָט קיין מאָל נישט פאַרלאָרן דאָס מאָראַלישע גלײַכגעוויכט פון איר וווּנדערלעכער נשמה, און אַלע אירע געדאַנקען און האַנדלונגען האָבן זיך שטענדיק באַוועגט אַרום דעם אינערלעכן צענטער פון איר מאַרטירערישן זײַן — די אומבאַזיגלעכע האָפענונג אויפן אומפאַרמײַדלעכן נצחון פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און דעם טיפן אומצעשטערלעכן גלויבן אין אַ בעסערער און שענערער צוקונפט. אָט די אינערלעכע האַרמאָניע האָט איר באַשיצט פון יעדן צווייפל, זי איז געווען אַן אײַזערנער פּאַנצער קעגן יעדן פּעסימיסטישן געדאַנק, אַ פּאַנצער קעגן דעם אַזוי גערופענעם „וועלט־שמערץ“, די גרויסע קראַנקייט פון הײַנטיקן דור. וועלט־שמערץ! די „גוטע לויזע“ האָט קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז אַזוינס. אירע האַנדלונגען זײַנען שטענדיק געווען אין אײַנקלאַנג מיט אירע איבערצײַגונגען — פאַר וואָס האָט זי בכן געדאַרפט „רחמנות האָבן אויף דער וועלט“? וועלט־שמערץ! די דערפינדונג פון אַ שוואַכער צײַט, אַ וואָרט, אונטער וועלכן מען וויל באַהאַלטן די פּערזענלעכע פּחדנות און די אינערלעכע זעלישע שקלאַפערײַ! מיר האָבן פאַרלאָרן די האַרמאָניע צווישן אונדזערע געדאַנקען און האַנדלונגען, אין אונדזערע הערצער לעבן צוויי פאַרשיידענע געפילן און אונדזער גײַסט ווערט באַהערשט פון צוויי

* Memoires de Louise Michel, ecrits par elle-meme, Tome I, Paris 1886.

פאַרשיידענע געדאַנקען. מיר לעבן דאָס נײַע, אָבער מיר האָבן נישט דעם מוט עס צו פאַרווירקלעכן; מיר פאַרהאַסן דאָס אַלטע, אָבער עס פעלט אונדז דער כוח זיך אָפּצורײַסן פון דער פאַרגאַנגענהייט. מיט איין וואָרט, מיר האַנדלען אַנדערש ווי מיר דענקען און דערפאַר ריידן מיר פון „וועלט־שמערץ"; מיר האָבן רחמנות אויף דער וועלט, נאָר עס וואָלט בעסער געווען, ווען מיר וואָלטן רחמנות געהאַט אויף זיך אַליין...

לויזע מישעל האָט נישט געוווסט פון אַזעלכע שוואַכקייטן. ווען זי האָט פאַרלאָזן דאָס שלאָס, ווו זי האָט פאַרבראַכט איר יוגנט און איז אַרײַנגעטראָטן אין דער וועלט ווי אַ יונגע לערערן, איז זי דורכגעדרונגען געווען פון רעפּובליקאַנישע און אַנטיקלעריקאַלע אידייען. אָבער אָט די אידייען זײַנען נישט געווען אין אײַנ־קלאַנג מיט דער קינדער־דערציִונג אין נאַפּאָלעאָן דעם דריטנס שולן. נאָר וואָס מאַכט עס אויס? לויזע איז באַלד פאַרטיק מיט איר מיינונג — זי לערנט די קינדער ווי זי פאַרשטייט און נישט ווי די קייזערלעכע רעגירונג פאָדערט עס פון איר. זי דערציילט די קינדער, אַז נאַפּאָלעאָן איז אַ מערדער, אַ טיראַן, אַז ער האָט פאַרראַטן די רעפּובליק, זי לערנט זיי אויס רעוואָלוציאָנערע לידער און אַנדערע זאַכן. די קינדער זײַנען זייער צופרידן פון דער מערקווירדיקער לערערן, נאָר דער דירעק־טאָר האָט באַלד אויסגעפונען, אַז זי „פּאַסט זיך נישט פאַר דער קינדער־דערציִונג". לויזע פאָרט קײַן פּאַריז — אַ נײַע וועלט עפנט זיך פאַר אירע אויגן. זי ווערט באַקאַנט מיט די פירערס פון דער ראַדיקאַלער דעמאָקראַטיע, און אין דער זעל־ביקער צײַט באַזוכט זי די פאַרזאַמלונגען פון „אינטערנאַציאָנאַל" און די געהיימע גרופּעס פון די קאָמוניסטן. זי אַרבעט טאָג און נאַכט, זי פאַרגעסט זיך אין גאַנצן אין איר מאַטעריעלער עקסיסטענץ, ווײַל איר האַרץ ווייסט נאָר פון איין ווונטש, פון איין ציל — דעם אונטערגאַנג פון דער צווייטער אימפּעריע. זי נעמט אָנטייל אין אַלע רעוואָלוציאָנערע אונטערנעמונגען קעגן נאַפּאָלעאָן דעם דריטן, און ווען דער טראָן פון דעם קייזערלעכן פּראָסטיטוט ווערט ענדלעך צעשמעטערט אין דעם גע־וויטער פונעם דײַטש־פראַנצויזישן קריג, איז זי די ערשטע, וועלכע אַטאַקירט די אַזוי גערופענע סעפּטעמבער־רעפּובליק, די רעפּובליק פון דער פראַנצויזישער בור־זשואַזיע. שפּעטער קומט דער 18טער מערץ 1871 — די רעוואָלוציאָנערע הויפּט־שטאָט פּראָקלאַמירט די קאָמונע. לויזע מישעל באַקומט ריזן־כוחות, זי איז די פאַרקערפּערונג פון דער רעוואָלוציאָנערער לײַדנשאַפט, די פּערזאָניפיצירונג פון דער רעבעלישער באַגײַסטערונג. זי איז אומדערמידלעך אין איר טעטיקייט. זי רעדט צו די מאַסן און דרוקט אירע פלאַמיקע אַרטיקלען אין דעם „קרי דע פּעפּל" — און נאָכדעם קומט די קאַטאַסטראָפע, דער לעצטער אַקט פון דער פּאַריזער רעוואָלוציע. די קאָמונע פירט אָן דעם קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן דער פאַר־אייניקטער רעאַקציע פון מלוכה און קאַפּיטאַל. לויזע מישעל קעמפט אין די ערשטע רײַען. זי האָט אָנגעטאָן די אוניפאָרם פון אַ נאַציאָנאַל־גוואַרדיסט און שטייט אויף די באַריקאַדן מיט דער ביקס אין האַנט. בײַם שטורעם אויף פאָרט איוורי ווערט זי פאַרוווּנדעט, אָבער נאָך איידער די וווּנד איז פאַרהיילט געוואָרן, שטייט זי שוין ווידער אויפן קאַמף־פּלאַץ. זי גייט אַרום אַרום די פאַרוווּנדעטע, זי קושט די שטאַרבנ־דיקע ליפּן פון די געפאַלענע ברידער און קעמפט אויף די באַריקאַדן. די קאָמונע פאַלט אויף דעם פער לאַשעס און אויף דעם בלוט־פעלד פון סאַטאָרי שטאַרבן

אירע לעצטע פּאַרטיידיקערס. לויזע מישעל האָט געפונען אַ זיכערן פּלאַץ ווו זיך צו באַהאַלטן. פּלוצלינג הערט זי, אַז די רעאַקציע וויל מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך איר געליבטע מוטער פאַר אירע האַנדלונגען. אירע פרײַנד ווײַזן איר אויף, אַז די אינפאָרמאַציע איז אַ פאַלשע, נאָר עס איז אומזיסט: לויזע לאָזט זיך נישט אָפּ־האַלטן, זי גיט זיך איבער צו די בלוטיקע תלינים פון ווערסײַל. דעם 16טן דעצעמ־בער 1871 דערשײַנט זי פאַר אירע ריכטערס און פאָדערט פון זיי דעם טויט. איר האַלטונג פאַר אָט דעם בלוטיקן געריכט איז אַ העלדישע. מיט לײַדנשאַפטלעכע ווערטער שטעמפּלט זי די מערדערס פון דער קאָמונע, רופט זיי פּחדנותדיקע הינט און שווערט, אַז ווען מען וועט זי נישט טויטן, וועט זי נישט אויפהערן אויפצורייצן דאָס פאָלק קעגן זײַנע תלינים. דאָס קריגס־געריכט פאַרשיקט איר קײַן נײַ־קאַלע־דאָניע. אירע קרובים ווענדן אָן זייער אײַנפלוס איר צו באַפרײַען, נאָר לויזע דער־קלערט, אַז זי וועט נאָר צוריקגיין צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אָדער גאָרנישט. נײַן יאָר האָט לויזע געטראָגן אויף זיך די קייטן פון דער געפאַנגענשאַפט, ביז זי איז ענדלעך באַפרײַט געוואָרן, זי צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע, דורך דער אַמנעסטיע פון 1880. מיט שטורמישער באַגײַסטערונג האָט דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריאַט אויפגענומען זײַן „גוטע לויזע". אַנדערע פון די פאַרמשפּטע קאָמונאַרן האָבן פאַר־לאָרן דעם מוט אין דער לאַנגער געפאַנגענשאַפט, אָבער לויזע איז געוועזן די זעל־ביקע ווי פריער. אין 1882 איז זי פאַרמשפּט געוואָרן אויף צוויי וואָכן תפיסה צוליב באַליידיקן די פּאָליציי, און אין דעם זעלביקן פעריאָד האָט זי זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דער אַנאַרכיסטישער ריכטונג אינעם סאָציאַליזם. אין 1883, ווען עס זײַנען פאָרגעקומען די גרויסע דעמאָנסטראַציעס פון די אַרבעטלאָזע אין פּאַריז, איז לויזע געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג. זי האָט געזען דעם הונגער פון אירע קינדער, די פּאַריזער פּראָלעטאַריער, און זי האָט געוווּסט, אַז מיט שיינע ווערטער וועט מען קיין זאַך נישט אויפטאָן. „קומט, קינדער, איך וועל אײַך געבן צו עסן!" האָט זי געזאָגט צו דער הונגעריקער מאַסע. און זי האָט גענומען די שוואַרצע פאָן, אויסגעבראָכן די שויבן פון עטלעכע בעקערײַען און יאַטקעס, כּדי צו פאַרזאָרגן די אָרעמע און עלנטע. מען האָט איר פאַרמשפּט אויף זעקס יאָר תפיסה, אָבער אין 1886 איז זי באַפרײַט געוואָרן דורך דער אַמנעסטיע. אין דעם זעלביקן יאָר איז זי ווידער פאַרמשפּט געוואָרן צוליב באַליידיקן די רעגירונג. נאָך דעם איז זי געוועזן געצוווּנגען צו פאַרלאָזן פראַנקרײַך, ווײַל די רעגירונג האָט געהאַט בדעה זי צו פאַרשפּאַרן אין אַ משוגעים־הויז. אין משך פון די לאַנגע יאָרן, וואָס זי האָט פאַרבראַכט אין ענגלאַנד, האָט זי געשריבן פאַרשיידענע גרעסערע ראָמאַנען און צוויי קליינע זאַמלונגען פּאָעזיע. אירע ראָמאַנען „דאָס עלנט", „די פאַרשאָלטענע", „די טאָכטער פון פאָלק" און באַזונדערס „די מענטשלעכע מיקראָבן" און „די נײַע וועלט" זײַנען אויסשליסלעך באַשרײַבונגען פון דעם פּראָלעטאַרישן עלנט און פלאַמענדיקע אָנקלאָגן קעגן דער מאָדערנער געזעלשאַפט. אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ דאָס גאַנצע רײַכקייט פון איר זעלטענעם כאַראַקטער, דאָס טיפע און רײַכע געפיל פאַר די עלנטע און אונטערדריקטע און, דער עיקר, יענע געהיימנישפולע, כמעט מיסטישע באַציִונגען, וועלכע האָבן שטענדיק עקסיסטירט צווישן איר און די פּאַריזער אַרבעטער־מאַסן. נאָך איידער זי האָט פאַרלאָזן פראַנקרײַך, האָט זי אַרויסגעגעבן דעם ערשטן באַנד פון אירע מעמואַרן. צום באַדויערן, איז דער

צווייטער באַנד פון אַט דעם זעלטן אינטערעסאַנטן ווערק נאָך נישט דערשינען. איר לעצטע ליטעראַרישע אַרבעט איז געווען אַ גרויסאַרטיק בוך וועגן דער פּאַריזער קאָמונע.

אין די לעצטע יאָרן פון איר רײַכן לעבן האָט זי געמאַכט עטלעכע אַגיטאַציע־טורן איבער גאַנץ פראַנקרײַך, זי איז אויך איצט געווען אין מאַרסעל, כדי צו פּריידיקן די אידייען פון דער אַלגעמיינער באַפרײַונג דורך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, בעת דער טויט האָט פּלוצלינג פאַרענדיקט איר אומדערמידלעכע טעטיקייט.

דאָס איז געווען אין קורצע ווערטער די וווּנדערלעכע לעבנס־געשיכטע פון לויזע מישעל, דער העלדן און קעמפערן. יעדע טאַט אירע איז געווען אין אײַנקלאַנג מיט אירע געדאַנקען, זי האָט שטענדיק געפאָלגט דער שטימע פון אירע אינערלעכסטע און טיפסטע געפילן, און אַט די שטימע האָט איר קיין מאָל נישט אָפּגענאַרט. זי איז געווען אַ גאַנצער מענטש און איר האַרץ האָט נישט געוווּסט פון דעם האָפענונגסלאָזן דואַליזם, וואָס באַהערשט אַזוי שטאַרק דעם יונגן דור פון אונדזער צײַט. קלוגע מענטשעלעך, ווי למשל דער רעדאַקטאָר פון דעם צענטראַל־אָרגאַן „וויסנשאַפט" אין בערלין, האָבן געמיינט אַז זיי זאָגן אַ חכמה, ווען זיי האָבן באַהויפּטעט, אַז די „גוטע לויזע איז געווען אַ געפיל־סאָציאַליסטן" און אַז „זי האָט נישט פאַרשטאַנען דעם מאָדערנעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם". דאָס לעצטע איז אפילו ריכטיק — זי האָט נישט פאַרשטאַנען, אָדער אפשר האָט זי צו גוט פאַרשטאַנען יענע מאָדנע מענטשן, וואָס ווילן אַרײַנפּרעסן דאָס לעבן אין זייערע באַשרענקטע און דאָגמאַטישע פאָרמען. יענע מענטשן, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט פאַרשטיין די באַדײַטונג פון דער באַפרײַענדיקער טאַט, דערפאַר ווײַל זייער גײַסטיקער האָריזאָנט איז פאַרפינצטערט פון פּוסטע טעאָריעס און אַבסטראַקטע באַגריפן. „לויזע איז געווען אַ סאָציאַליסטן צוליב געפיל פון גערעכטיקייט", אַזוי דערציילן זיי אונדז מיט אַ וויכטיקער מינע, „אָבער אַט דאָס געפיל קען נישט פאַרטרעטן דאָס פּלאַץ פון דעם וויסנשאַפטלעכן עוואָלוציע־מעטאָד, ווײַל עס איז אַ פאַרענדערלעכע פאַרשטעלונג, וועלכע עקסיסטירט נאָר אין דעם מענטשן". גאַנץ ריכטיק! אָבער וואָס דען זײַנען אַט די אַלע טעאָריעס וועגן דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, וועגן דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל אאַז"וו? זיי עקסיסטירן דאָך אויך נאָר אין אונדזערע פאַרשטעלונגען און זײַנען נישט מער ווי די אָפּשפּיגלונגען פון די ווירקלעכע דערשײַנונגען פונעם לעבן. מחמת אין דער ווירקלעכקייט עקסיסטירט דאָס אַלץ נישט, עס עקסיסטירט נאָר אין דער גײַסטיקער פאַרשטעלונגקראַפט פון די מענטשן. לויזע האָט געפאָלגט אירע אינערלעכסטע געפילן, זי האָט זיי נישט אונטערדריקט צוליב דער דאָגמאַטיק פון אַן אַזוי גערופענער וויסנשאַפט. זי האָט נישט געמאַכט פון זיך קיין אינערלעכן קריפּל, און פאַרשטאַנד און געפיל זײַנען געגאַנגען בײַ איר האַנט און האַנט; בעסער געזאָגט, עס איז בײַ איר גאָר קיין אונטערשייד נישט געווען צווישן דיביידע. און דערפאַר איז זי געווען אַ גאַנצער מענטש. זי איז געווען אַ גליד פונעם אַלטן רעוואָלוציאָנערן דור, וואָס שטאַרבט איצט אויס ביסלעכווײַז, און עס וואָלט באמת נישט געשאַדט, אַז אַנשטאָט וואָס אַ סך וואָס האַלטן אין איין שרײַען, אַז אַט די אַלטע קענען זיי נישט פאַרשטיין, — עס וואָלט נישט געשאַדט, זאָג איך, אַז זיי זאָלן פּרווון זיי צו פאַרשטיין, כדי צו קריגן

כאָטש אַ טייל פֿון יענער איבזערנער ווילנס־קראַפֿט און ענערגיע, וואָס איז אַזוי ביִיטיק, אוי ווי ביִיטיק, אין דער איצטיקער צײַט.

לויזע האָט געהאַט אַ שיינעם טויט. מיט דרײַ חדשים צוריק, ווען די גאַנצע וועלט האָט שוין געשריבן, אַז זי וועט זיכער שטאַרבן, איז זי פּאָרט נאָך אַ מאָל געווען אין שטאַנד צו באַזיגן די טויטלעכע קראַנקייט. און זי האָט געהאַט דאָס זעלטענע גליק צו לייענען איר אייגענעם נעקראָלאָג... זי האָט געזען די הייסע טרערן פֿון די אָרעמע און עלנטע פֿון דער גאַנצער וועלט, פֿאַר וועלכע זי איז שטענדיק געווען די גוטע לויזע. און אָט די טרערן, אָט די אומבאַגרענעצטע ליבע און פֿאַרערונג פֿון די אונטערדריקטע איז געווען דער העכסטער לוין, וועלכן זי האָט געקענט באַקומען. זי איז געווען צו גוט, און דערפֿאַר האָט דער טויט איר געגעבן אַ באַזונדערע פּריווילעגיע. אָבער איר נאָמען וועט אייביק לעבן אין אַלע ליבנדיקע און פֿרײַהייט־דורשטיקע הערצער.

1905

# פּיער זשאָזעף פּרודאָן

די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן האָבן נישט לאַנג צוריק געפּײַערט דעם אָנדענק פון איינעם פון זייערע גרעסטע דענקער און פאַרקעמפער, און אויך אין אַנדערע לענדער האָט די סאָציאַליסטישע פּרעסע פאַרעפנטלעכט קלענערע און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם לעבן און דער טעטיקייט פון פּיער זשאָזעף פּרודאָן. עס זײַנען פאַראַן ווייניק מענטשן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ טיפן און אָנטשיידנדיקן אײַנפלוס אויף דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון די סאָציאַליסטישע לערעס און טעאָריעס, ווי פּרודאָן. אין די לאַטײַנישע לענדער איז זײַן אײַנפלוס קיין מאָל נישט פאַרלאָרן געגאַנגען. ער איז געווען דער אייגנטלעכער באַגרינדער פון דעם פרײַהייטלעכן אָדער אַנאַרכיסטישן סאָציאַליזם, וואָס כאַראַקטעריזירט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון יענע לענדער, און זײַן גײַסט אינספּירירט נאָך הײַנט די אידייען און אָנשויונגען פון דעם ראָמאַנישן סאָציאַליזם. ס'איז קיין ספק נישטאָ, אַז אַ סך געדאַנקען, וואָס דער גרויסער סאָציאַליסטישער דענקער האָט אַנטוויקלט, זײַנען הײַנט פאַרעלטערט געוואָרן און האָבן בלויז אַ היסטאָרישע באַדײַטונג. אָבער די גרויסע און אַלגעמיינע גרונט־אידייען פון זײַן לערע זײַנען נאָך איצט אַזוי וויכטיק, ווי מיט פופציק יאָר צוריק, זיי בילדן נאָך אַלץ דעם פונדאַמענט פון דער אַנאַרכיסטיש־סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויונג און אַנטהאַלטן אין זיך אַלע איינצלנע גלידער און פּראָבלעמען פון דער פרײַהייט־לעכער געדאַנקען־וועלט.

עס זײַנען פאַראַן ווייניק סאָציאַליסטישע דענקער, וואָס זײַנען אַזוי ביטער פאַרהאַסט געוואָרן פון זייערע קעגנערס, די פאַרטיידיקערס פון דער קאַפּיטאַליסטי־שער און מלוכישער וועלט, ווי פּרודאָן, און עס זײַנען פאַראַן נאָך ווייניקער, וואָס זײַנען אַזוי פיל פאַרלוימדעט, מיסרעפּרעזענטירט און פאַלש פאַרשטאַנען געוואָרן אין דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די גײַסטיקע פאַרטרעטערס פון דעם אַזוי גערופענעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם" האָבן נישט איבערגעלאָזט קיין גאַנצן האָר אויף זײַן קאָפּ. זיי האָבן אים פאַרגעשטעלט ווי די פאַרקערפּערטע אומפעיִקייט, איגנאָראַנץ, ווי אַ מענטשן מיט קליינבירגערלעכע און רעאַקציאָנערע אָנשויונגען, וואָס האָט וועגן קיין זאַך נישט געהאַט קיין קלאָרן געדאַנק.

הײַנט ווייסן מיר, אַז אַן פּרודאָנען וואָלט די וועלט מסתמא קיין מאָל נישט באַגליקט געוואָרן מיט דעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם" פון דער מאַרקסיסטישער

שול. פּרודאָן און קאָנסידעראַן זײַנען געווען די אייגנטלעכע לערערס פון דעם בירגערלעכן דעמאָקראַט קאַרל מאַרקס, זיי האָבן אים צוערשט באַקאַנט געמאַכט מיט די סאָציאַליסטישע אידייען און אָנשויונגען. אין זייערע שריפטן געפינען מיר די גרונט־עלעמענטן פון די אַלע טעאָריעס, וואָס די מאַרקסיסטן רעקלאַמירן היינט פאַר זייער גײַסטיקן אייגנטום.

סען־סימאָן, פוריע און פּרודאָן זײַנען די אָריגינעלסטע געשטאַלטן אין דער געשיכטע פון דעם פראַנצויזישן סאָציאַליזם, און זייערע אידייען האָבן באַפרוכפּערט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון אַלע לענדער, צוזאַמען מיט די גרויסע דענקערס פון דעם ענגלישן סאָציאַליזם וויליאַם גאָדווין און ראָבערט אָוען זײַנען זיי געווען די אייגנטלעכע לערערס פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם.

**
*

פּיער זשאָזעף פּרודאָן איז געבוירן געוואָרן דעם 15טן יאַנואַר 1809 אין דער פראַנצויזישער שטאָט בעזאַנסאָן, אין דער זעלביקער שטאָט, וווּ שאַרל פוריע, דער גרויסער סאָציאַליסטישער דענקער, און וויקטאָר הוגאָ, דער באַרימטער פראַנצויזישער פּאָעט און ראָמאַניסט, האָבן צום ערשטן מאָל דערזען דאָס ליכט פון דער וועלט.

פּרודאָנס עלטערן זײַנען געווען פּשוטע אַרבעטערס און גרויסע קבצנים, וואָס האָבן געדאַרפט פירן אַ שטענדיקן קאַמף פאַרן טרוקענעם שטיקל ברויט. פּיער איז געווען דער עלטסטער פון פינף שוועסטער און ברידער, אַ זייער אינטעליגענט און פעיִק יינגל. אָבער די מאַטעריעלע לאַגע פון זײַנע עלטערן איז געווען אַזאַ טרויעריקע, אַז עס איז אים געווען כמעט אוממעגלעך צו באַזוכן די שול. און ווען עס איז אים, מיט דער הילף פון דעם געוועזענעם ברויערײַ־אייגנטימער רענאָ, בײַ וועמען פּרודאָנס עלטערן זײַנען פריִער געווען באַשעפטיקט, שוין יאָ געלונגען צו באַקומען אַ פּלאַץ אין באַזענסאָנער גימנאַזיע, איז די לאַגע פון יונגן פּרודאָן געוואָרן נאָך ערגער. אין זײַנע פרײַע שעהן האָט ער געמוזט אַרבעטן און מיטהעלפן פאַרדינען פאַר דער עקסיסטענץ פון דער פאַמיליע. די איבעריקע צײַט איז ער געווען פאַרנומען מיט לערנען. ער האָט אַפילו נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרשאַפן זיך די נייטיקע ביכער און ער האָט זיי געדאַרפט אויסלײַען בײַ זײַנע רײַכערע חברים, כדי אָפּצוקאָפּירן דעם אינהאַלט.

אָבער פּרודאָן האָט זיך שוין אין זײַנע קינדער־יאָרן אויסגעצייכנט מיט זײַן אײַזערנער ענערגיע. הגם די באַדינגונגען, אין וועלכע ער האָט געלעבט און געלערנט, זײַנען געווען די ערגסטע, וואָס מען קען זיך נאָר פאַרשטעלן, איז ער פון דעסטוועגן געווען דער בעסטער שילער און האָט באַקומען די בעסטע אויסצייכענונגען. אין אַ בריוו צו אַ פרײַנד האָט ער שפּעטער, בײַ אַ געלעגנהייט, דערמאָנט אַז איין מאָל, ווען ער איז צוריקגעקומען פון גימנאַזיע מיט די בעסטע אויסצייכענונגען, האָט ער אינדערהיים נישט געפונען קיין שטיקל ברויט און די פאַמיליע האָט נישט געגעסן דעם גאַנצן טאָג.

ווען פּרודאָן איז אַלט געוואָרן נײַנצן יאָר איז ער געווען געצוווּנגען איבערצולאָזן זײַן שטודיום און פאַרלאָזן די גימנאַזיע. זײַנע אַלע פּלענער פאַר דער צוקונפט זײַנען מיט אַ מאָל צעשטערט געוואָרן פון דער ביטערער נויט. דער

יונגער סטודענט האָט זיך געמוזט אויסלערנען אַן אַרבעט, כדי צו פֿאַרדינען זײַן לעבן. אין משך פֿון צוויי יאָר צײַט איז ער געווען איינער פֿון די בעסטע שריפֿט־זעצערס פֿון זײַן געבורטשטאָט. אין 1831 האָט פּרודאָן געוואַנדערט איבער אַ גרויסן טייל פֿון פֿראַנקרײַך און פֿון דער פֿראַנצויזישער שווייץ. אין פֿאַרשיידענע שטעט האָט ער געאַרבעט ווי אַ זעצער, אָבער זײַן גאַנצע פֿרײַע צײַט האָט ער אָוועקגעגעבן פֿאַר זײַנע שטודיעס און פֿאַר זײַן גײַסטיקער אַנטוויקלונג. פּרודאָן האָט שוין אין יענער צײַט אָנגעהויבן צו שטודירן די גרויסע סאָציאַלע פֿראַגע און איז שוין דעמאָלט באַקאַנט געווען מיט דער ליטעראַטור פֿון די גרויסע סאָציאַלע רעפֿאָרמאַטאָרס פֿון זײַן צײַט, מיט די שריפֿטן פֿון סען־סימאָן און פֿוריע.

אין 1832 איז דער יונגער שריפֿטזעצער צוריקגעקומען קיין בעזאַנסאָן, און ער האָט אָנגענומען אַ פּלאַץ ווי אַ קאָרעקטאָר אין דער זעלביקער דרוקערײַ, וווּ ער האָט זיך פֿריִער אויסגעלערנט די שריפֿטזעצערײַ. אין יענער דרוקערײַ זײַנען מערסטנס געדרוקט געוואָרן טעאָלאָגישע ווערק, און פּרודאָן, וואָס איז געווען אַ גרינטלעכער קענער פֿון לאַטײַן און אַלט־גריכיש, האָט בײַ דער געלעגנהייט זיך אַליין אויסגעלערנט העברעיִש דורך פֿאַרגלײַכנדיקע איבערזעצונגען פֿון דער ביבל. זײַן מאַטעריעלע לאַגע איז אָבער אַפֿילו דעמאָלט נאָך געווען זייער אַ שלעכטע, ווײַל ער האָט כמעט אַליין געדאַרפֿט אויסהאַלטן זײַן גאַנצע פֿאַמיליע מיט דער קליינער סומע, וואָס ער פֿלעגט פֿאַרדינען.

אין דעם זעלביקן יאָר האָט זיך פּרודאָנען געמאַכט אַ געלעגנהייט צו פֿאָרן קיין פּאַריז, די פֿראַנצויזישע הויפּטשטאָט, דאָס „האַרץ פֿון אייראָפּע", האָט אים שטענדיק צוגעצויגן. צום באַדויערן האָט ער נישט געקענט בלײַבן לאַנג אין פּאַריז, ווײַל אומגינציקע פֿאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן האָבן אים גערופֿן צוריק קיין בעזאַנסאָן. פֿאַר די נאָענטסטע עטלעכע יאָר איז ער כמעט שטענדיק געווען אין זײַן געבורטשטאָט און געאַרבעט ווי אַ זעצער און קאָרעקטאָר. אין 1836 האָט ער בשותּפֿות מיט אַ פֿרײַנד געגרינדעט אַ קליינע דרוקערײַ, אָבער אָט דער פּרווו האָט אים נישט געבראַכט קיין שום נוצן. זײַן גאַנץ לעבן איז דעמאָלט געווען אַ שטענדיקער קאַמף פֿאַר דער עקסיסטענץ, און ער האָט אַפֿילו נישט געהאַט דעם קלענסטן אויסקוק, אַז זײַן לאַגע זאָל זיך ווען עס איז בעסערן.

אָבער פּלוצלינג האָט זיך אים געמאַכט אַן אומדערוואַרטער אויסוועג.

די אַלמנה פֿון דעם אַקאַדעמיקער סיאַר האָט איבערגעגעבן דער בעזאַנסאָנער אַקאַדעמיע אַ סומע געלט, וואָס האָט אַרײַנגעטראָגן אַ יערלעכע רענטע פֿון 1.500 פֿראַנק. פֿרוי סיאַר האָט באַשטימט, אַז די אַקאַדעמיע זאָל אויסקלײַבן יעדערע דרײַ יאָר אַ געבילדעטן יונגנמאַן מיט שרײַבערישן אָדער וויסנשאַפֿטלעכן טאַלאַנט, און אים געבן אָט די סומע פֿאַר דרײַ יאָר צײַט, כדי ער זאָל קענען אָנגיין מיט זײַן שטודיום.

פּרודאָן האָט געפֿאָלגט די עצה פֿון פֿרײַנד און געשיקט אַ לענגערע אַרבעט צו דער בעזאַנסאָנער אַקאַדעמיע און געבעטן די אונטערשטיצונג. אין זײַן שרײַבן האָט ער אויפֿגעקלערט זײַן גאַנצע לאַגע און אויך זײַנע האָפֿענונגען פֿאַר דער צוקונפֿט. עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר פּרודאָנס כאַראַקטער, מיט וואָס פֿאַר אַן אָפֿנהאַרציקייט ער האָט פֿאַרגעשטעלט דעם אייגנטלעכן ציל פֿון זײַן שטודיום, וואָס ענדיקט זיך מיט אָט די ווערטער:

„איך בין געבאָרן און דערצויגן געוואָרן ווי אַ קינד פון אַרבעטער־קלאַס, צו וועלכן איך באַלאַנג נאָך איצט מיט מיין האַרץ און מיינע הענט. איך בין פאַרבונדן מיט דעם קלאַס דורך דער געמיינשאַפטלעכקייט פון אונ־דזערע ליידן און האָפענונגען און ווען עס וועט מיר געלונגען צו קריגן אייער אונטערשטיצונג, וואָלט געווען מיין העכסטער ווונטש צו אַרבעטן מיט מיין גאַנצער ענערגיע, מיט מיין גאַנצן ווילן און מיט דער הילף פון דער פילאָסאָפיע און פון דער וויסנשאַפט פאַר דער פיזישער, מאָראַלישער און גייסטיקער פאַרבעסערונג פון די, וואָס זיינען מיינע ברידער, מיינע חברים...״

די אַקאַדעמיקערס האָבן טאַקע אויסגעקליבן פּרודאָנען, הגם עטלעכע פון זיי, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אויסערגעוויינטלעכן אופן שרייבן, זיינען פון אָנהייב געווען קעגן.

אין אָקטאָבער 1838 איז פּרודאָן געפאָרן קיין פּאַריז, כדי אָנצוהייבן זיינע שטודיעס. ער האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט און זיינע פריינד האָבן גאָרנישט געקענט פאַרשטיין פון וואַנען ער נעמט אַזוי פיל ענערגיע און אינערלעכע באַ־גייסטערונג פאַר זיין אַרבעט. פּרודאָן האָט זיך כמעט אויסשליסלעך באַשעפטיקט מיט שטודירן פילאָסאָפיע, געשיכטע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע, כדי צוצוגרייטן זיך צו דעם גרויסן ווערק, פון וועלכן ער האָט געחלומט און אין וועלכן ער האָט געזען דעם אייגנטלעכן ציל פון זיין לעבן. אָבער אַפילו אין יענעם פּעריאָד האָט ער שטענדיק געהאַט צו קעמפן מיט די ביטערסטע מאַטעריעלע זאָרגן. די 1.500 פראַנק פון דער בעזאַנסאָנער אַקאַדעמיע וואָלטן אים זיכער געקלעקט פאַר אַ באַ־שיידענעם לעבן, אָבער ער האָט דעם גרעסטן טייל פון דער סומע אַוועקגעגעבן זיין פאַמיליע, און ער אַליין האָט אין פריינע שעהן געלייענט קאָרעקטורן פאַר גרויסע דרוקעריען און געשריבן קלענערע אַרטיקלען פאַר אַן ענציקלאָפּעדיע, כדי צו האָבן אויף חיונה.

אין יענער צייט האָט די אַקאַדעמיע פון בעזאַנסאָן באַשטימט אַ פּרעמיע פאַר דער בעסטער אַרבעט, וואָס מען וועט איר צושיקן וועגן „דער נוצלעכקייט צו פייערן שבת״. פאַרשטייט זיך, אַז פּרודאָן, וואָס האָט פון יענער אַקאַדעמיע גע־קראָגן דאָס געלט פאַר זיינע שטודיעס, האָט געהאַלטן פאַר אַ מאָראַלישער פליכט אויסצודריקן זיין מיינונג וועגן אָט דער פראַגע. און ער האָט עס געטאָן. אָט די אָפּהאַנדלונג, וואָס ער האָט שפּעטער פאַרעפנטלעכט אין זיין אייגענעם פאַרלאַג, איז זיכער די מערקווירדיקסטע שריפט, וואָס איז איבערהויפּט געשריבן געוואָרן וועגן אָט דער פראַגע. די אַרבעט באַזירט זיך דער עיקר אויף דער אַלט־יידישער געזעצגעבונג, אָבער די שלוסן פון דעם מחבר זיינען אויסערגעוויינטלעך אָריגי־נעל. פּרודאָן זעט אין דעם יידישן דין צו פייערן שבת דעם ערשטן אָנהייב פון אַ סאָציאַלער געזעצגעבונג, די ערשטע אידייע פון אַ געזעלשאַפטלעכער גלייכהייט. די פאָדערונג צו רוען כאָטש איין טאָג אין וואָך איז נישט דאָס געזעץ פון קיין דעספּאָט, נאָר אַן אויסדרוק פון די סאָציאַלע שטרעבונגען אין דער מאַסע. אָט דער מאַטעריעלער אינהאַלט פון דער רעליגיע וועט איבערלעבן אַלע אויסערלעכע צע־רעמאָניעס. אין זיין פאָרוואָרט צו אָט דער אַרבעט רעדט פּרודאָן פון אַ צייט, ווען:

„אַלע וועלן פייערן דעם שבת, נאָר קיינער וועט מער נישט גיין אין קירך. דאָס פאָלק וועט אויף אַזאַ מין אופן פאַרשטיין, אַז אַ רעליגיע קען

**זיין פאַלש, אָבער איר אינהאַלט קען פון דעסטוועגן זיין אַן אמתער. פילאָ־סאָפירן וועגן אַ דאָגמע הייסט אָפּלייקענען דעם גלויבן, רעפאָרמירן אַ רעליגיע מיינט איר אָפּצושאַפן. די פּריסטערס אַליין מיט זייערע וויסנשאַפט־לעכע שטרעבונגען מוזן ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק אָנקומען צום זעל־ביקן ציל. מעגן זיי אונדז מוחל זיין און נישט פאַרשילטן דערפאַר, וואָס מיר זיינען אָנגעקומען די ערשטע צום קבר פון דער רעליגיע״.**

אין אָט דער שריפט דערפילן מיר שוין וואָס פאַר אַן איינדרוק זי האָט גע־מוזט מאַכן אויף די פרומע הערן פון דער אַקאַדעמיע. פּרודאָן אַליין האָט גוט פאַר־שטאַנען וואָס ער גייט טאָן און אין דער זעלביקער צייט, ווען ער האָט אַוועקגעשיקט זיין מאַנוסקריפּט צו די געלערנטע אַקאַדעמיקעס, האָט ער געשריבן צו זיין פריינד און שותף היגנע:

**„איך פיל זיך זייער טרויעריק. דער שכל וויזט מיר יעדן טאָג דייט־לעכער געוויסע אומדיסקוטירלעכע אמתן. אָבער וואָס מער איך באַקען זיך מיט דער וועלט, אַלץ בעסער פאַרשטיי איך, אַז איך וועל אַריינכאַפּן אַ סך צרות, אויב איך וועל אַרויסזאָגן אָט די אמתן. אָבער וואָס מאַכט עס אויס! דער אמת שטייט העכער פון אַלצדינג. זאָל קומען וואָס עס וויל״.**

דעם 24סטן אויגוסט 1839 האָט די בעזאַנסאָנער אַקאַדעמיע אַרויסגעגעבן איר פּסק. דער אַבע דאַנע, וואָס האָט אָפּגעגעבן דעם באַריכט, האָט דערקלערט, אַז פּרודאָנס אַרבעט איז אָן ספק די בעסטע און טאַלאַנטירטסטע. אָבער הגם די אַקאַ־דעמיע אָנערקענט די ערלעכע כוונה פונעם מחבר, זיינען זיינע טעאָריעס צו גע־פערלעך, אַז די אַקאַדעמיע זאָל זיי קענען באַרעכטיקן. די קאָמיסיע האָט פּרודאָנען געגעבן אַ מעדאַל און אַן עפנטלעכע אָנערקענונג פון זיין טאַלאַנט. אָבער ווען דער יונגער שריפטשטעלער האָט פאַרעפנטלעכט זיין שריפט אין זיין אייגענעם פאַרלאַג, איז געקומען צו אַ גרויסער אויפרעגונג און די פאַרשטייערס פון דער קירך האָבן זיך נישט באַרויקט, ביז זיי איז געראָטן אָפּצושטעלן דעם פאַרקויף פון דער בראָשור.

**
*

אַ סך האָבן דערוואַרט, אַז די ביטערע פאָלגן פון זיין ערשטן פּרווו וועלן אָנלערנען דעם יונגן שריפטשטעלער און אים צוריק „אַרויספירן אויפן ריכטיקן וועג״. אָבער פּרודאָן איז נישט געווען פון יענע שוואַכע כאַראַקטערס, וואָס מען קען זיי אָפּשרעקן מיט אַזעלכע קליינלעכע פאַרפאָלגונגען. פאַרקערט, די שוואַכע אַרגומענטן פון זיינע קעגנערס זיינען פאַר אים נאָר געווען אַ באַווייז, אַז זיין וועג איז דער ריכטיקער. ער האָט געאַרבעט מיט זיין גאַנצער ענערגיע. זיין גייסט איז אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען אין די סאָציאַלע פּראָבלעמען פון דער צייט. ער האָט אונטערזוכט די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאָרמען פון דער געזעלשאַפט און אַנאַ־ליזירט די טעאָריעס פון די פּאָליטישע עקאָנאָמיסטן און די סאָציאַלע רעפאָרמערס. ער האָט זיך געדאַרפט רעכענען מיט די שווערסטע און קאָמפּליצירטסטע פראַגן, אָבער זיין געניאַלער גייסט האָט באַזיגט אַלע שוועריקייטן.

אין 1839 האָט די אַקאַדעמיע פון בעזאַנסאָן באַשטימט אַ נייעם קאָנקורס: „וועגן די עקאָנאָמישע און מאָראַלישע פאָלגן, וואָס דאָס געזעץ פון גלייכער צע־

טיילונג פון די גיטער צווישן די קינדער האָט געהאַט ביז איצט אין פראַנקרייך און וואָסערע פאָלגן עס וועט האָבן אין דער צוקונפט״.

פרודאָן האָט באַשלאָסן צו ענטפערן, כאָטש ער האָט געוווסט אין פאַרויס, אַז זיין ענטפער וועט אַרויסרופן אַ גאַנצן שטורעם פון מאָראַלישער פאַרדאַמונג און אָנפאַלן פון אַלע זייטן קעגן אים. ער האָט איינגעטיילט די פראַגע פון דער אַקאַ־דעמיע אין דריי טיילן, וואָס ער איז געגאַנגען פאַרענטפערן:

1) אויף וואָסערן פרינציפּ איז באַזירט דאָס רעכט פון ירושה?

2) וואָס זיינען די סיבות פון דער אומגלייכקייט?

3) וואָס איז אייגנטום?

דעם 9טן יוני 1840 האָט פרודאָן פאָרגעלייגט דער אַקאַדעמיע דעם רעזולטאַט פון זיינע שטודיעס, וואָס ער האָט באַלד נאָכדעם פאַרעפנטלעכט אונטערן נאָמען: „וואָס איז אייגנטום? אונטערזוכונגען וועגן דעם פרינציפּ פון רעכט און רעגירונג״ *).

דער אורשפּרינגלעכער טיטל פון דעם ווערק איז געווען אַ סך ראַדיקאַלער: „וואָס איז אייגנטום? אַ גנבה — אָדער די טעאָריע פון פּאָליטישער, בירגערלעכער און אינדוסטריעלער גלייכקייט״. אָבער אין גאַנץ פּאַריז האָט זיך נישט געפונען קיין פאַרלעגער, וואָס זאָל האָבן דעם מוט צו דרוקן אַ בוך מיט אַזאַ שרעקלעכן טיטל. דערפאַר האָט פרודאָן זיך געמוזט אַנטשליסן איבערצומאַכן דעם טיטל.

דאָס בוך האָט געווירקט ווי אַ באָמבע, כאָטש דאָס רוב צייטונגען האָבן עס צוערשט פולשטענדיק איגנאָרירט. די געלערנטע אַקאַדעמיקער פון בעזאַנסאָן זיינען שיר פון זינען אַראָפּ, ווען זיי האָבן דערזען דעם שרעקלעכן מאַנוסקריפּט. דער עיקר האָט זיי פאַרדראָסן, וואָס פרודאָן האָט זיין בוך עפנטלעך געווידמעט דער אַקאַדעמיע פון בעזאַנסאָן.

דעם 24סטן אויגוסט 1840 האָט די אַקאַדעמיע פאַררופן אַ ספּעציעלע זיצונג, כדי צו פאַרדאַמען פרודאָנס ווערק. אירע מיטגלידער האָבן איינשטימיק דער־קלערט, אַז קיינער פון זיי איז נישט איינשטימיק מיט די טעאָריעס, וואָס דער מחבר האָט אַנטוויקלט אין זיין ווערק. ווייטער האָבן זיי געפאָדערט, אַז אויב עס וועט דערשיינען אַ נייע אויפלאַגע פון דעם בוך, זאָל די ווידמונג צו דער אַקאַדעמיע מער נישט געדרוקט ווערן. נאָר די מוטיקע אַקאַדעמיקער זיינען מיט דעם פאָרמעלן באַשלוס נאָך נישט געווען צופרידן — זיי האָבן אויך נאָך אַרויסגעגעבן אַ געדרוקטן באַריכט, כדי עס זאָל זיי נישט טרעפן קיין שום מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר יענעם שרעקלעכן ווערק. אָבער אָט דאָס לעכערלעכע מיטל האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע ווירקונג, ווי די געלערנטע הערן האָבן דערוואַרט. זיי האָבן געמאַכט אַ גרויסאַרטיקע רעקלאַמע פאַר פרודאָנס ווערק מיט דעם, וואָס זיי האָבן עס עפנטלעך פאַרדאַמט. מען האָט אָנגעהויבן זיך נאָכצופרעגן אויפן אויסערגעוויינט־לעכן בוך און זיך געוואָלט נענטער באַקענען מיטן מענטשן, וואָס האָט געהאַט די דרייסטקייט אָנצורופן דאָס אייגנטום אַ גנבה און וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר דער וועלט ווי אַן אַנאַרכיסט.

---

* (Que est-ce que le propriété? Recherches sur le principe du droit et du governement.)

אָבער די אַקאַדעמיע איז נאָך אַלץ נישט געווען צופרידן און זי האָט געפאָדערט, אַז פּרודאָן זאָל דערשיינען פאַר אירע מיטגלידער, כדי זיך צו באַרעכטיקן און אויב ער קען נישט קומען פּערזענלעך, זאָל ער שיקן אַ שריפטלעכע פאַרטיידיקונג. פּרודאָן האָט געטאָן דאָס לעצטע. זיין דערקלערונג איז געווען אַ וווּנדערלעכע פאַרטיידיקונג און באַרעכטיקונג פון די אָנשויונגען און טעאָריעס, וועלכע ער האָט אַנטוויקלט אין זיין באַרימט ווערק. ער האָט נישט צוריקגענומען קיין וואָרט פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, און אָפן צוגעגעבן, אַז ער איז אַ רעוואָלוציאָנער, אַ מענטש וואָס שטרעבט צו נייערע און בעסערע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. מיט אַ שניידיקער לאָגיק האָט ער אָפּגעשלאָגן אַלע אָנפאַלן און האָט די געלערנטע הערן געגעבן אָנצוהערן, אַז פאַרדאַמען הייסט נישט ענטפערן. „אויב איך האָב געמאַכט טעותדיקע אויספירן", האָט ער געשריבן, „טאָ פאַרלאַנג איך, אַז מען זאָל מיר אָפּענטפערן און אויפווייזן מיין טעות. מיין אַרבעט פאַרדינט עס און די פראַגע גופא איז געוואוג וויכטיק". אַ מיטגליד פון דעם אַלטן קאָנווענט, וועמען די שטענדיקע אַרבעט פון דער גילאָטינע אין יענער צייט איז שוין מיאוס געוואָרן, האָט דערקלערט: „טויטן הייסט נישט ענטפערן! ביז וואַנען מען וועט מיר נישט באַווייזן דאָס פאַרקערטע, וועל איך פאַרט באַהויפּטן, אַז זיין בוך איז נוצלעך און סאָציאַל און אַז זיין אויטאָר האָט פאַרדינט, אַז מען זאָל אים דערפאַר באַלוינען און דערמוטיקן".

אָט די מוטיקע ווערטער האָבן נישט פאַרפעלט צו מאַכן אַ געוויסן איינדרוק אויף אַ טייל פון די אַקאַדעמישע מיטגלידער און דערפאַר האָט זיך די אַקאַדעמיע נישט אָפּגעזאָגט ווייטער אויסצוצאָלן פּרודאָנען די 1.500 פראַנק אַ יאָר פאַר דריי יאָר צייט.

אָבער באַלד איז אַרויפגעשווומען אַ פרישע געפאַר. די רעגירונג האָט באַמערקט, אַז פּרודאָנס בוך מאַכט אָן אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין די אידייען און אָנשויונגען פון דער אינטעליגענטער באַפעלקערונג, און מען האָט שוין באַשלאָסן אָנצוקלאָגן דעם אויטאָר. אָבער פריער האָט מען געוואָלט אויסהערן די מיינונג פון דער פאַריזער אַקאַדעמיע פון די מאָראַלישע וויסנשאַפטן, איידער מען האָט זיך גענומען צום מוטיקן שריפטשטעלער. ס'איז געווען אַ גליק פאַר פּרודאָנען, וואָס דער באַקאַנטער פראַנצויזישער סאָציאַל־עקאָנאָם אַדאָלף בלאַנקי, אַ ברודער פון דעם באַרימטן קאָמוניסטישן קאָנספּיראַטאָר אויגוסט בלאַנקי, האָט געדאַרפט אָפּגעבן דעם באַריכט וועגן דעם ווערק. בלאַנקי האָט דערקלערט, אַז פּרודאָנס בוך איז בשום־אופן נישט קיין אַגיטאַטאָרישער מאַניפעסט, כדי אויפצוּוועקן רעוואָלוציאָנערע ליידנשאַפטן צווישן די מאַסן, נאָר אַן אַקאַדעמישע און וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונג איבער די פּרינציפּן און אינסטיטוציעס פון מלוכה און אייגנטום. אַפילו ווען מען איז נישט איינשטימיק מיטן אויטאָר, מוז מען אָבער אַלץ אָנערקענען זיין וויסנשאַפטלעכע ערנסטקייט און זיינע אויסערגעוויינטלעכע פעיקייטן.

ווען נישט בלאַנקי, וואָלט פּרודאָן זיכער אָנגעקלאָגט געוואָרן און וואָלט מסתמא געוואָרן פאַראורטיילט.

פּרודאָן האָט עס גוט פאַרשטאַנען און ער איז געווען אומבאַגרענעצט דאַנקבאַר דעם איידעלן מענטשן, וועלכן ער האָט שפּעטער געווידמעט זיין צווייטע שריפט. מיטן אינהאַלט און מיט דער אַלגעמיינער באַדייטונג פון יענעם וווּנדערלעכן

ווערק, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ שטורעם אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט און וואָס האָט נאָך אַפילו הײַנט נישט פאַרלאָרן זײַן אורשפּרינגלעכן כוח, וועלן מיר זיך באַשעפטיקן אין אונדזער קומענדיקן אַרטיקל. דערווײַל וועלן מיר נאָר צוגעבן אַ פּאָר ווערטער איבער דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דעם יונגן שריפטשטעלער אין יענעם פּעריאָד:

אין דער זעלביקער צײַט, ווען פּרודאָנס נאָמען איז באַרימט געוואָרן אין גאַנץ פראַנקרײַך האָט זיך פאַר אים פּערזענלעך אָנגעהויבן איינע פון די ביטערסטע עפּאָכן פון זײַן לעבן. זײַן בוך, וואָס האָט שפּעטער רײַך געמאַכט פאַרלעגערס, האָט אים אַליין כמעט גאָר נישט אַרײַנגעבראַכט. מיר האָבן שוין פריִער דערמאָנט, ווי שווער עס איז אים אָנגעקומען צו געפינען אַ פאַרלעגער, וואָס זאָל ריזיקירן צו דרוקן אַזאַ ווערק. אַפילו ווען ער האָט שוין איבערגעביטן דעם טיטל פון זײַן בוך, האָט דער פאַרלעגער נאָך אַלץ געציטערט פאַר אַ דורכפאַל און פּרודאָן האָט זיך געדאַרפט פאַרפליכטן צו נעמען 250 עקזעמפּלאַרן אויף זײַן אייגענעם חשבון. דאָס רוב פון זיי האָט ער צעשענקט צווישן פרײַנד און געשיקט אין די רעדאַקציעס פון די פאַרשיידענע צײַטונגען.

זײַן מאַטעריעלע לאַגע איז געוואָרן אַלץ ערגער. פון פאַרשיידענע זײַטן האָט מען אים אָנגעבאָטן זשורנאַליסטישע באַשעפטיקונג. אָבער פאַר אַ כאַראַקטער ווי פּרודאָן איז די גײַסטיקע שקלאַפערײַ געווען ערגער ווי דער טויט. ער האָט זיך נישט געקענט באַשליסן אָנצונעמען קיין איינע פון די אָנגעבאָטענע שטעלעס.

פון דער אַנדערער זײַט האָט ער געמוזט צוזען, ווי אַלע זײַנע פּלענער פאַר דער צוקונפט ווערן צעשטערט. זײַנע אַלע האָפענונגען האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן נישט מער ווי שיינע חלומות. ער האָט נישט דערוואַרט, אַז זײַן ווערק זאָל אים אַרײַנברענגען אַ גרויסע סומע געלט; אָבער ער איז געווען איבערצײַגט, אַז ער וועט כאָטש האָבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרשאַפן זיך אַ באַשיידענע עקסיסטענץ ווי אַן אומאָפּהענגיקער פאָרשער און שריפטשטעלער.

פּרודאָן האָט זיך ווײַטער געמוזט אַנטשליסן צו פאַרלאָזן פּאַריז און ער האָט זיך אומגעקערט קײַן בעזאַנסאָן, וווּ ער האָט נאָך אַלץ געהאַט זײַן דרוקערײַ, וואָס ער האָט שוין לאַנג געוואָלט פאַרקויפן, אָבער עס האָט זיך אים נישט געמאַכט קיין קויפער. ער האָט דערוואַרט, אַז אים וועט כאָטש געראָטן אַרויפצואַרבעטן זײַן געשעפט און געפינען גענוג צײַט פאַר זײַנע וויסנשאַפטלעכע שטודיעס; אָבער אויך דאָס האָט ער נישט באַוויזן. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז ער ווידער אַוועק קײַן פּאַריז, כדי צו זוכן אַ באַשעפטיקונג. זײַן לאַגע איז אין יענער צײַט געווען אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז ער האָט זיך אַרומגעטראָגן אַ צײַט מיטן געדאַנק צו באַגיין זעלבסטמאָרד.

צום גליק איז אים ענדלעך געלונגען צו קריגן אַ געוויסע שטעלע ווי אַ סעקרעטאַר בײַ אַ פּאַריזער אַדוואָקאַט. זײַנע אַרבעט־שעהן זײַנען געווען באַשרענקטע, און ער האָט געפונען גענוג צײַט אָנצוגיין מיט זײַנע שטודיעס. זײַן שטעלע האָט נישט אָנגעהאַלטן לאַנג, אָבער זי האָט אים לפּחות געגעבן די געלעגנהייט אַרויסצוגעבן זײַן צווייטע שריפט וועגן אייגנטום און צו מאַכן זײַן לאַגע דערטרעגלעכער פאַר אַ קורצער צײַט.

## II

פּרודאָנס בוך „וואָס איז אייגנטום?“ איז געווען דער ערשטער סאָציאַליסטישער פּרוּוו צו באַקעמפן די פּאָליטישע עקאָנאָמיע מיט איר אייגענעם וואָפן. סען־סימאָן, פוריע, קאַבע און די רעוואָלוציאָנערע קאָמוניסטישע סעקטעס, וועלכע האָבן זיך געגרופּירט אַרום בואָנאַראָטי, באַרבעס און בלאַנקי, האָבן זיך אויסשליסלעך באַשעפטיקט מיט קריטיקירן די גרונט־פּרינציפּן פונעם מאָנאָפּאָליזם און מיט באַקעמפן די עקאָנאָמיסטן, די פאַרטיידיקערס פון דעם נײַ־אַנטשטאַנענעם קאַפּיטאַליסטישן פעאָדאַליזם. אָבער פּרודאָן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעוויזן, אַז די לערעס פון די עקאָנאָמיסטן גופא פירן מיט אומפאַרמײַדלעכער נויטווענדיקייט צו דער נעגאַציע פונעם אייגנטום.

פּרודאָן זוכט צוערשט צו דעפינירן דעם יוריסטישן און סאָציאַלן באַגריף פון „אייגנטום“. ער קומט צום שלוס, אַז די אַלט־רוימישע אויפפאַסונג, וועלכע דערקלערט דאָס אייגנטום ווי „Jus utendi et abutendi re sua, quatenus juris ratio partitur“ — ד״ה ווי דאָס רעכט צו געברויכן און מיסברויכן אַ פאַרמעגן, אויף אַזוי ווײַט ווי די אידייע פון רעכט לאָזט עס צו; אַז אָט די אויפפאַסונג שטימט פולשטענדיק מיט דער באַרימטער „דערקלערונג פון מענטשלעכע רעכטן“, וועלכע די פראַנצויזישע רעפּובליק האָט פּראָקלאַמירט אין 1793. אין אָט דער דערקלערונג הייסט עס, אַז דאָס אייגנטום איז „דאָס רעכט צו געניסן אַ פאַרמעגן, אַ הכנסה, דעם פּראָדוקט פון דער אַרבעט און אינדוסטריע און צו באַשטימען וועגן דעם נאָכן אייגענעם ווילן“. אויך דער „קאָד נאַפּאָלעאָן“, דאָס באַרימטע געזעץ־בוך, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אונטער דער רעגירונג פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, דערקלערט, אַז „אייגנטום איז דאָס רעכט צו געניסן אַ פאַרמעגן פרײַ אומבאַשרענקט אַזוי לאַנג, ווי די פערזענלעכע באַשטימונגען גייען נישט קעגן די געזעצן“.

עס איז אמת, אַז דער גרענעץ פונעם געזעץ איז אין אַ געוויסער באַציִונג אַ באַשרענקונג פון דעם אייגנטום־רעכט. דאָס געזעץ זוכט אויסצומײַדן דעם אוממאָראַלישן געברויך פונעם אייגנטום. אָבער אָט די מאָדערנע יורידישע באַשרענקונג, אין וועלכער אַ סך זעען אַ גרויסן פּראָגרעס אין פאַרגלײַך מיט דער אַלט־רוימישער אויפפאַסונג, איז נישט מער ווי אַ טויטע בוכשטאַב. און פּרודאָן דערקלערט מיט אַ פײַנער איראָניע:

„דער אייגנטימער קאָן לאָזן פאַרפוילט ווערן די פּרוכט אויף זײַנע פעלדער. ער קאָן פאַרזייען זאַלץ אין זײַן ערד. ער קאָן די מילך פון זײַנע קי אַרויסגיסן אין רינשטאָק. ער קאָן מאַכן פון אַ ווייַנגאָרטן אַ וויסטעניש און פון אַ פּאַרק אַ קרויט־פעלד, ווען עס פאַרגלוסט זיך אים. הייסט דאָס אַלץ מיסברויכן אַ פאַרמעגן צי נישט? ביים אייגנטום איז געברויכן אַ זאַך און מיסברויכן זי איינס און דאָס זעלביקע“ *.

נאָך אָט דער דעפיניציע פונעם אייגנטום־רעכט אונטערזוכט פּרודאָן די טעאָריעס, מיט וועלכע די עקאָנאָמיסטן זוכן צו באַרעכטיקן דאָס אייגנטום און פאַר־

* „וואָס איז אייגנטום?“ אאַז״וו.

צושטעלן עס ווי אַ נאַטירלעך רעכט. אין אַלגעמיין זיינען פאַראַן פיר אַזעלכע טעאָ־ריעס: 1) די באַרעכטיקונג פון אייגנטום דורך דער אָקופּאַציע; 2) דורכן פּאָזיטיוון געזעץ; 3) דורך אַלגעמיינער איינשטימיקייט; 4) דורך דער אַרבעט. איידער פּרודאָן גייט אָפּפרעגן די אַרגומענטן, אויף וועלכע אָט די פיר טעאָריעס גרונטעווען, ציט ער אַ שאַרפן גרענעץ צווישן „אייגנטום" און „באַזיץ", אָדער בעסער געזאָגט צווישן „אייגנטום־רעכט" און „באַזיץ־רעכט". דאָס אייגנטום־רעכט איז דער מאָנאָפּאָל, דאָס „רעכט צו געברויכן און מיסברויכן אַ זאַך". דאָס באַזיץ־רעכט איז נישט מער ווי דאָס רעכט צו געניסן אַ געוויסע זאַך, זיך באַנוצן מיט אַ זאַך פאַר אַ באַשטימטן צוועק. אויב איך דינג אַ וווינונג, בין איך דער באַזיצער פון דער וווינונג; ד"ה איך געניס איר באַקוועמלעכקייט אאַז"וו. מיין באַזיץ־רעכט איז אין אַלע באַציִונגען אַ נאַטירלעך רעכט. אָבער הינטערן באַזיצער שטייט דער אייגנטימער, דער מאָנאָ־פּאָליסט, וועלכער פאַרדינגט מיר די וווינונג און וועלכער גרונטעוועט זיין רעכט אויף איינעם פון די פיר אויבן דערמאָנטע טעאָריעס. פּרודאָן איז נישט געווען דער אַנטדעקער פון אָט דעם אונטערשייד צווישן „אייגנטום־רעכט" און „באַזיץ־רעכט", אָמער ער האָט געצויגן די לאָגישע שלוסן פון אָט דעם אונטערשייד און אויפגעוויזן, אַז דאָס אייגנטום־רעכט איז דער טויט פון דעם באַזיץ־רעכט, ד"ה דער טויט פון דעם רעכט צו באַפרידיקן מיינע נאַטירלעכע באַדערפענישן.

די רעוואָלוציאָנערע געזעצגעבונג פון 1793 האָט אויפגעשטעלט פיר גרונט־פּרינציפּן אָדער בעסער געזאָגט: פיר פונדאַמענטאַלע און אַבסאָלוטע רעכטן פון דעם מענטשן: פרייהייט, גלייכהייט, אייגנטום און זיכערקייט. פּרודאָן אונטערזוכט אָט די פיר „פונדאַמענטאַלע רעכטן" און שטעלט פעסט, אַז דאָס רעכט פון אייגנטום איז אַ ווידערשפּרוך צו די דריי אַנדערע רעכטן. מיט אַ שניידנדיקער לאָגיק באַ־ווייזט ער, אַז די צונויפפּאַרונג פון די דאָזיקע פיר פּרינציפּן איז נישט מער ווי אַ ריין ווילקירלעכע האַנדלונג און ער שליסט מיט אָט די גייסטרייכע ווערטער:

„די פרייהייט איז אַן אַבסאָלוט רעכט, דערפאַר ווייל זי איז אומבאַדינגט בויטוועדיק פאַר דער עקסיסטענץ פונעם מענטשן, אַקוראַט ווי די אומדורכ־דריגלעכקייט פאַר דער מאַטעריע. די גלייכהייט איז אַן אַבסאָלוט רעכט, ווייל אָן גלייכהייט קאָן נישט עקסיסטירן קיין געזעלשאַפט. די זיכערקייט איז אַן אַבסאָלוט רעכט, ווייל אין די אויגן פון איטלעכן מענטשן איז זיין פרייהייט און זיין לעבן פונקט אַזוי ווערטפול ווי די פרייהייט און דאָס לעבן פון איט־לעכן אַנדערן. אָט די דריי רעכטן זיינען אַבסאָלוט, ד"ה מען קאָן זיי נישט פאַרמערן און נישט פאַרמינערן, ווייל אין דער געזעלשאַפט באַקומט יעדער מיטגליד אַזוי פיל צוריק ווי ער גיט אַוועק. פרייהייט פאַר פרייהייט, גלייכהייט פאַר גלייכהייט, זיכערקייט פאַר זיכערקייט, גוף פאַר גוף, נשמה פאַר נשמה אויף לעבן און טויט.

„דאָס אייגנטום איז אָבער נאָך זיין עטימאָלאָגישן טייטש און נאָך די דערקלערונגען פון דער יוריספּרודענץ אַזאַ רעכט, וואָס ליגט מחוץ דער גע־זעלשאַפט. אויב דאָס פאַרמעגן פון יעדן יחיד וואַקסט אַרויס פון דער גע־זעלשאַפט, וואָלטן די באַדינגונגען געדאַרפט זיין גלייך פאַר אַלעמען. דאָס וואָלט אָבער געווען אַ ווידערשפּרוך צו דער אַנדערער דערקלערונג, אַז „אייגנטום איז אַזאַ זאַך, וועלכע גיט דעם מענטשן אַן אַבסאָלוט רעכט צו טאָן מיט אַ געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן, וואָס עס פאַרגלוסט זיך אים צו טאָן". אויב מיר האָבן זיך פאַראייניקט און פאַרמירט אַ געזעלשאַפט, איז עס געווען צוליב דער פרייהייט, גלייכהייט און זיכערקייט, אָבער זיכער נישט צוליב

> דעם אייגנטום. אויב אייגנטום איז אָבער פּאַרט אַ נאַטירלעך רעכט, איז אָט דאָס „נאַטירלעכע רעכט" נישט קיין געזעלשאַפטלעכע, נאָר אַן אַנטיסאָציאַלע. אייגנטום און געזעלשאַפט זיינען צוויי זאַכן, וועלכע זיינען זיך טויט־שונאים איינע דער אַנדערער. עס איז נישט מעגלעך צו פֿאַראייניקן צוויי אייגנטימער, אַקוראַט ווי מען קאָן נישט פֿאַראייניקן צוויי מאַגנעטן מיט זייערע גלייכע פּאָליוסן. אָדער די געזעלשאַפט מוז אונטערגיין, אָדער זי מוז פֿאַרניכטן דאָס אייגנטום!" *.

פּרודאָן ווייזט אויף, אַז „נאַטירלעכע רעכטן" זיינען אַ טייל פֿון אונדזער אייגענער פּערזענלעכקייט. קיינער האָט ביז איצט נישט נאָכגעפֿאָרשט דעם אורשפּרונג פֿון פֿרייהייט, גלייכהייט און זיכערקייט, ווייל דאָס וואָלט געווען אַן אומזין. אָט די רעכטן עקסיסטירן, מחמת מיר אַליין עקסיסטירן. זיי אַנטשטייען, לעבן און שטאַרבן מיט אונדז צוזאַמען. אָבער דאָס איז נישט דער פֿאַל מיט דעם אייגנטום. דאָס אייגנטום עקסיסטירט פֿאַר זיך אַליין. ווערדליק דעם געזעץ קאָן עס אַפֿילו עקסיסטירן אָן אַן אייגנטימער. עס „עקסיסטירט שוין פֿאַרן מענטשלעכן וועזן, וואָס איז נאָך נישט געבאָרן געוואָרן און עס עקסיסטירט נאָך פֿאַרן אַלטן מאַן פֿון 80 יאָר, וואָס איז שוין געשטאָרבן".

נאָך אָט דער אונטערזוכונג וועגן דער באַדייטונג פֿון נאַטירלעכע רעכטן נעמט זיך פּרודאָן צו די אַרגומענטן, מיט וועלכע די עקאָנאָמיסטן זוכן צו באַרעכטיקן דאָס אייגנטום ווי אַ נאַטירלעכע און נויטווענדיקע אינסטיטוציע.

דער ערשטער אַרגומענט איז די באַרעכטיקונג פֿונעם אייגנטום דורך אָקופּאַציע. דאָס הייסט, אַז דער וואָס האָט דער ערשטער צוגענומען אַ געוויסע זאַך, איז דער אייגנטימער. „איך אָקופּיר אַ שטיק ערד און מען וועט מיך האַלטן פֿאַר דעם אייגנטימער, ביז וואַנען מען קאָן נישט באַווייזן, אַז אַן אַנדערער איז שוין געווען פֿאַר מיר". אין דעם מאָמענט, ווען מען קאָן באַווייזן, אַז איך בין נישט געווען דער ערשטער, בין איך נישט מער ווי אַ באַזיצער פֿון דעם שטיק ערד. דאָס הייסט איך האָב אַ רעכט זיך צו באַנוצן מיט איר און צו געניסן אויף איר די פֿרוכט פֿון מיין אַרבעט. אָבער קיין אייגנטימער בין איך נישט און איך בין פֿאַראַנטוואָרטלעך לגבי דער געזעלשאַפט פֿאַר מיין באַזיץ. אין דער אמתן קאָן די ערד איבערהויפּט נישט באַטראַכט ווערן ווי פּריוואַט־אייגנטום, דערפֿאַר וואָס זי איז אַזוי נויטווענדיק פֿאַר אונדזער עקסיסטענץ ווי לופֿט, ליכט און וואַסער. אָט דערפֿאַר איז נייטיק, אַז די געזעלשאַפט גופֿא זאָל אָרגאַניזירן דעם באַנוץ פֿון דער ערד פֿאַר די אינטערעסן פֿון אַלעמען. דאָס אומגליק איז, וואָס מען האַלט אין איין פֿאַרטוישן דאָס אייגנטום־רעכט מיט דעם באַזיץ־רעכט. אַזוי פֿאַרגלייכט דער גרויסער רוימישער פֿילאָסאָף און אָראַטאָר ציצעראָ די ערד מיט אַ טעאַטער. דאָס טעאַטער גופֿא באַלאַנגט צו אַלעמען, זאָגט ציצעראָ, נאָר פֿון דעסטוועגן האָט יעדער צושויער זיין אייגענעם פּלאַץ. פּרודאָן זעט אין אָט דעם ביישפּיל בשום־אופֿן נישט קיין באַרעכטיקונג, נאָר אַן אָפּלייקענונג פֿונעם אייגנטום־רעכט. דער פֿאַרגלייך גופֿא איז אַ באַשטעטיקונג פֿון דער גלייכהייט. איך קאָן מער נישט באַזיצן ווי איין פּלאַץ אין טעאַטער, אָבער איך קאָן נישט זיין אויף דער גאַלעריע און אין אַ לאָזשע אין

---

* „וואָס איז אייגנטום?"

דער זעלביקער צײַט. דער מענטש האָט אַ באַזיץ־רעכט, אָבער נישט קיין אייגנטום־רעכט. וואָס פאַרשטייען מיר מיט באַזיץ־רעכט? דאָס רעכט פון יעדן איינציקן אויף אַלצדינג, וואָס איז נויטווענדיק פאַר דער אַרבעט און פאַר דער באַפרידיקונג פון די נאַטירלעכע באַדערפענישן. בכן איז די באַרעכטיקונג פון אייגנטום דורך אָקופּאַציע נישט קיין באַרעכטיקונג. זי איז נישט מער ווי אַ באַווײַז, אַז אַ נאַטירלעך רעכט איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער גוואַלטזאַמער מאָנאָפּאָליזירונג, אַ באַשטעטיקונג אַז „אייגנטום איז גנבה״! און דאָס איז נישט בלויז דער שלוס, צו וועלכן פּרודאָן אַליין קומט, נאָר ער ווײַזט אונדז אויף, אַז אַלע אָנהענגערס פון דער „אָקופּאַציע־אידייע״ פון גראָטע ביז קוסען מוזן אומבאַדינגט קומען צום זעלביקן שלוס, אויב זיי האָבן נאָר דעם מוט צו צײַען די לאָגישע קאָנסעקווענצן פון זייער לערע.

דער צווייטער אַרגומענט פאַר דער באַרעכטיקונג פון אייגנטום איז דאָס „פּאָזיטיווע געזעץ״. די הויפּט־פאַרטרעטערס פון אָט דער ריכטונג, ווי צום בײַשפּיל פּאָטיע, דערקלערן דאָס אייגנטום ווי אַ געטלעך רעכט, אַקוראַט ווי דאָס קעניגטום. „גאָט האָט באַשאַפן די גאַנצע ערד מיט אַלע אירע באַשעפענישן פאַרן נוצן פונעם מענטשן״, זאָגט פּאָטיע. מיט איין וואָרט, די ערד איז אַ געשאַנק פון גאָט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, פאַר יעדן איינציקן. אויב אַזוי, זאָגט פּרודאָן, פאַר וואָס גיט מען מיר נישט אַוועק מײַן חלק? — דערקלערן פּאָטיע און זײַנע אָנהענגערס, אַז שפּעטער, ווען די מענטשן האָבן זיך פאַרמערט אויף דער ערד, האָבן זיי די ערד און די זאַכן אויף איר צעטיילט צווישן זיך. יעדער איינער האָט באַקומען זײַן חלק — דאָס איז געווען דער אורשפּרונג פונעם אייגנטום־רעכט. אויב אַזוי, פאַרניכטן די קאָנסעקווענצן דעם צוועק; ד״ה גאָט האָט געשענקט די ערד צו דער גאַנצער מענטשהייט, אָבער צוליב דער פאַרמערונג פון די מענטשן פאַרלירן מיליאָנען מענטשן זייער חלק. אויך די באַהויפּטונג, אַז לאַנגיאָריקער באַזיץ האָט געשאַפן דאָס אייגנטום, איז נישט מער ווי אַ פּוסטע באַהויפּטונג: דער לאַנגער דויער קאָן נישט שאַפן קיין שום רעכט, ווי ער קאָן נישט פאַרניכטן קיין שום רעכט. דער גאַנצער אַרגומענט איז אַ ווילקירלעכער, פאַר וועלכן עס איז נישטאָ קיין באַגרינדונג.

די באַרעכטיקונג פונעם אייגנטום דורך דער אַרבעט איז אויך אומבאַגרינדעט. די אַרבעט קאָן באַרעכטיקן דאָס באַזיץ־רעכט אויף אַ שטיק ערד, אָדער קיין מאָל נישט דעם מאָנאָפּאָל. איך האָב אַ רעכט אויף דער פּרוכט פון מײַן אַרבעט. איך קאָן באַזיצן אַ שטיק ערד, אַזוי לאַנג ווי איך באַנוץ זי אויף אויפצוהאַלטן מײַן עקסיסטענץ, אָבער נישט מער. אָבער די דערקלערונג פון אייגנטום דורך דער אַרבעט איז אויך אַ ווידערשפּרוך צו דער דערקלערונג פונעם „קאָד סיוויל״, וואָס גרונטעוועט דאָס אייגנטום־רעכט אויף דער ערשטער אָקופּאַציע. אויב אונדזערע עקאָנאָמיסטן באַהויפּטן נישט געקוקט אויף דעם, אַז די אַרבעט שאַפט דאָס אייגנטום, דעמאָלט זאָגט דער „קאָד סיוויל״ אַ ליגן; דעמאָלט איז די קאָנסטיטוציע אַ ליגן און אונדזער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם איז אַ באַליידיקונג פון דער גערעכטיקייט. דער פאַקט אַליין, וואָס די פאַרטיידיקערס פונעם אייגנטום מוזן זיך באַנוצן מיט פאַרשיידענע טעאָריעס כדי צו באַרעכטיקן אָט די אינסטיטוציע, איז אַ באַווײַז אַז זיי האָבן נישט קיין גוטן געוויסן, אַז זיי פילן זיך ווי אָנגעקלאָגטע.

אויב די אַרבעט איז טאַקע באמת די מוטער פון אייגנטום, טאָ מיט וואָס פאַר אַ רעכט קאָן מען גרונטפעסטיקן די ירושה? —

פּרודאָן לאָזט נישט דורך קיין אַרגומענט פון די עקאָנאָמיסטן און דעקט אויף זייערע ווידערשפּרוכן מיט אַ שנײַדיקער לאָגיק. אויך דער לעצטער אַרגומענט — די באַרעכטיקונג פונעם אייגנטום דורך דער „אַלגעמיינער אײַנשטימיקייט", געפינט נישט קיין חן אין זײַנע אויגן. דער געדאַנק, אַז די מענטשן האָבן ווען עס איז באַשטעטיקט דאָס אייגנטום דורך אַלגעמיינער אײַנשטימיקייט איז פּשוט אַן אַב־סורד. קיין שום מענטש וועט נישט אַוועקגעבן קיין רעכט פאַר גאָר נישט. ער וועט שטענדיק פּרוּוון באַקומען אַנדערע רעכטן פאַר דער באַשרענקונג פון זײַנע רעכטן, אויך דאָ מאַניפעסטירט זיך ווידער דער פּרינציפּ פון גלײַכהייט ווי אומעטום. אָבער ווען די מענטשן וואָלטן באמת אַוועקגעגעבן זייערע רעכטן פאַר גאָר נישט, ווען זיי וואָלטן זיך פרײַוויליק אָפּגעזאָגט פון זיי, וואָלט דאָס נאָך אַלץ נישט געווען קיין באַרעכטיקונג פאַרן אייגנטום־רעכט. דערפאַר, וואָס אַזאַ אײַנשטימיקייט וואָלט נישט געווען געזעצלעך. דער מענטש קאָן נישט עקסיסטירן אָן פרײַהייט און אָן אַרבעט. ביידע זײַנען אַ טייל פון זײַן אייגענער עקסיסטענץ, און ווען ער גיט אַוועק די ערד — דאָס וויכטיקסטע מיטל פאַר דער אַרבעט — באַגייט ער זעלבסטמאָרד, ער גיט אַוועק די מעגלעכקייט צו עקסיסטירן, און דערפאַר איז דער אַרגומענט פון דער „אַלגעמיינער אײַנשטימיקייט", אויף וועלכן די עקאָנאָמיסטן שטיצן זיך, אין גאַנצן קיין אַרגומענט נישט.

פּרודאָן צעברעכט מיט זײַן לאָגיק אַלע וואָפן פון די עקאָנאָמיסטן. די אַלטע באַהויפּטונג, אַז דאָס שײַכות צווישן אייגנטימער און פּראָדוצירער איז נישט מער ווי אַ פראַגע פון אויסטויש, אַז דער באַדן־באַזיצער פאַרדינגט דעם אַרענדאַטאָר די ערד אָדער דער פאַבריקאַנט דעם אַרבעטער די געצײַג, כדי זיי זאָלן קאָנען פּראָ־דוצירן און דערפאַר זײַנען זיי באַרעכטיקט צוצונעמען אַ טייל פונעם אַרבעט־פּראָדוקט, — אָט די באַהויפּטונג באַשטרײַט פּרודאָן מיט אַן אומבאַזיגלעכער לאָגיק. דער פּרינציפּ פון אויסטויש גרונטעוועט זיך אויף דער גלײַכהייט, אַרבעט לאָזט זיך נאָר אויסטוישן אויף אַרבעט. דאָס איז איינע פון די גרונט־באַדינגונגען פון דער סאָציאַלער גערעכטיקייט. אָבער די ערד פונעם באַדן־באַזיצער קאָן אַליין גאָר נישט פּראָדוצירן, פּונקט אַזוי וויניק ווי דעם פאַבריקאַנטס מאַשין, וועלכע איז נישט מער ווי אַ טויטע זאַך, וואָס קאָן אַליין נישט שאַפן קיין שום ווערט. בכן באַזירט זיך נישט דער „אויסטויש" צווישן קאַפּיטאַליסט און אַרבעטער אויף די פּרינציפּן פון גלײַכהייט און גערעכטיקייט, נאָר אויף ברוטאַלער גוואַלט און אויס־בײַטונג. דער אייגנטימער איז נישט מער ווי אַ פּאַראַזיט אָדער אַ רויבער.

דאָס אייגנטום איז דעריבער נישט מער ווי אַן אויסגעטראַכטע רעכט, און דער־פאַר איז זײַן עקסיסטענץ אַן אוממעגלעכקייט.

## III

אין דעם צווייטן טייל פון זײַן בוך באַשעפטיקט זיך פּרודאָן מיט די פּרינציפּן פון דער גערעכטיקייט און מיט די פּאָליטישע זײַטן פונעם געזעלשאַפטלעכן אָר־גאַניזם.

פריִער פון אַלץ שטעלט דער פראַנצויזישער דענקער די פראַגע: צי דער מאָראַלישער אינסטינקט פונעם מענטשן אונטערשיידט זיך אין זײַן כאַראַקטער פונעם מאָראַלישן אינסטינקט פון אַ חיה; צי דער אונטערשייד איז נאָר אַ גראַדנדיקער און ער קומט צום שלוס, אַז דער מענטש איז נישט מער ווי אַ געזעלשאַפטלעכע חיה, וואָס אונטערשיידט זיך פון אַנדערע חיות בלויז מיטן העכער־אַנטוויקלטן גראַד פון זײַנע זיטלעכע אינסטינקטן. בכן זײַנען די פרינציפּן פון גערעכטיקייט נישט מער ווי אַ טייל פון דער געזעלשאַפטלעכער עקסיסטענץ פונעם מענטשן. די גערעכטיקייט עקסיסטירט נישט מחוץ דעם מענטש ווי אַ מין אַנטפּלעקונג, נאָר זי איז דירעקט אַרויסגעוואַקסן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. די פילאָסאָפן פון פאַרשיידענע שולן און ריכטונגען האָבן איר אָנגערופן מיט טויזנטער פאַרשיידענע נעמען. זיי האָבן איר פאָרגעשטעלט ווי אַ „געטלעכן אינסטינקט“, ווי די „אינערלעכע שטימע פון דער נאַטור“, ווי „דאָס באַהאַלטענע געזעץ אין אַלעמענס הערצער“, ווי דעם „קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון דער פראַקטישער פאַרנונפט, וועמענס מקור מיר געפינען אין די געדאַנקען פון דער ריינער פאַרנונפט“ אאַז״וו. אָבער דאָס זײַנען אַלץ נישט מער ווי ווערטער, וואָס זאָגן אונדז קיין זאַך נישט. ערשט דעמאָלט, ווען מיר זעען אין דער גערעכטיקייט דעם נאַטירלעכן פּראָדוקט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועלן מיר באַקומען אַ קלאָרע פאָרשטעלונג. דאָס רעכט איז די פאַרקערפּערונג פון יענע פרינציפּן, וועלכע רעגולירן די געזעלשאַפט. די גערעכטיקייט — באַטראַכט סוביעקטיוו — איז דער רעספּעקט און די פראַקטיצירונג פון די דאָזיקע פרינציפּן. האַנדלען גערעכט מיינט נישט מער און נישט ווייניקער ווי אויספאָלגן דעם געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט; אַן אַקט פון גערעכטיקייט מיינט בכן אַ געזעלשאַפטלעכער אַקט.

פרודאָן דערקלערט אונדז זײַנע אָנשויונגען מיט אָט די פראַקטישע בײַשפּילן:

„די מוטער, וואָס פאַרטיידיקט איר זון, ווען זיין לעבן איז אין סכנה, וואָס איז מקריב אַלץ וואָס זי האָט נאָר כדי אים צו ראַטעווען, אָט די מוטער שטעלט פאָר אַ געזעלשאַפט: זי איז אַ גוטע מוטער. אָבער די פרוי, וואָס לאָזט איבער איר קינד אָן הילף, האָט דערשטיקט אין זיך דעם געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט — די מוטער־ליבע איז איינע פון די אומצייליקסטע פאַרמען פון אָט דעם אינסטינקט — זי איז אַן אומנאַטירלעכע, אַ פאַרדאָרבענע מוטער.

„ווען איך שפּרינג אַריין אין וואַסער כדי צו ראַטעווען אַ מענטשן, וואָס טרינקט זיך, בין איך זיין ברודער; אָבער ווען איך לאָז אים רויק אונטערגיין, בין איך אים אַ שונא, אַ מערדער.

„ווען איך גיב עמעצן אַ נדבה, ווייז איך זיך אַרויס ווי אַ מיטחבר פון דעם אומגליקלעכן, פאַרשטייט זיך, אַז נישט פאַר אַ מיטחבר אין אַלץ, נאָר פאַר דער סומע, מיט וועלכער איך צעטייל זיך מיט אים. אַ מענטש, וואָס רויבט דורך גוואַלט אָדער דורך כיטרעקייט, וואָס אַן אַנדערער האָט פּראָדוצירט, פאַרניכטעט אין זיך גופא דעם געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט און איז נישט מער ווי אַ געוויינטלעכער רויבער.

„דער סאַמאַריטאַנער, וואָס הייבט אויף דעם באַרויבטן וואַנדערער, פאַרבינדט אים זיינע וווּנדן, טרייסט אים, גיט אים געלט — ער דערקלערט זיך דערמיט ווי זיין פריינד, ווי זיין מיטחבר. דער פּריסטער, וואָס גייט רויק פאַרביי דעם אומגליקלעכן, וואָס קוקט זיך אַפילו נישט אום אויף אים, פאַרבינדט אים נישט זיינע וווּנדן — ער איז זייער אַ שונא.

„אין אָט די אַלע פאַלן, וואָס מיר האָבן דאָ דערמאָנט, פילט דער מענטש אין זיך אַן אינערלעכע בײַגונג צו זײַנע מיטמענטשן, אַ מין באַהאַלטענע סימפּאַטיע, וועלכע מאַכט אים מיטליבן, מיטגעניסן און מיטטרויערן מיט יענעם; און ער דאַרף אָנווענדן אַ געוויסע ווילנס־קראַפט, כדי צו אונטערדריקן אין זיך דעם דאָזיקן אינסטינקט".

פּרודאָן ווײַזט אונדז נאָך דעם, אַז דעם זעלביקן געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט געפינען מיר אויך בײַם רובֿ חיות. די חיה האָט די זעלביקע געפילן ווי דער מענטש, נאָר דער גראַד אינטעליגענץ איז בײַ זיי פאַרשיידן.

דער געזעלשאַפטלעכער אינסטינקט, אָדער די סימפּאַטיע וואָס מיר פילן פאַרן צוזאַמענלעבן מיט אַנדערע מענטשן, איז אייגנטלעך אַן אימפּולסיווע, זי איז בלינד און נישט אויסגערעכנט און ווירקט ווי די קראַפט פון אַ מאַגנעט.

אָבער שוין לעבנדיק אין דער געזעלשאַפט איז יעדער מענטש פאָרט אַ באַזונדערער אָרגאַניזם, אָדער אַ באַזונדער גליד אין אַן אַלגעמיינעם אָרגאַניזם. קיינער קאָן נישט באַפרידיקן זײַנע נאַטירלעכע באַדערפעניש ווי ער אַליין. ער קאָן נישט אַריבערטראָגן זײַן לעבן, זײַנע לײַדן, זײַנע פריידן אויף אַנדערע און אַליין דערפון פטור ווערן. יעדער מענטש איז אַ באַזונדערע פּערזענלעכקייט אין דער געזעלשאַפט און אָט דער פאַקט איז דער פונדאַמענט פון דער נאַטירלעכער גערעכטיקייט. מיט איין וואָרט, די גערעכטיקייט איז די צווייטע שטופע פון דער געזעלשאַפטלעכקייט און מען קאָן איר דעפינירן אויף אַזאַ אופן: „גערעכטיקייט מיינט אָנערקענען די פּערזענלעכקייט פונעם צווייטן, וועלכע איז גלײַך צו דער אונדזעריקער".

דאָ קומען מיר צו אַ דריטער שטופע פון דער געזעלשאַפטלעכקייט, צו דער גלײַכהייט. אין דער אמתן זײַנען געזעלשאַפט, גערעכטיקייט און גלײַכהייט נישט מער ווי דרײַ באַזונדערע אויסדרוקן פאַר דעם זעלביקן באַגריף. ווען אַ געוויסע צאָל מענטשן פאַראייניקן זיך פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, האָט יעדערער פון זיי דאָס זעלביקע רעכט אויף די רעזולטאַטן פון אָט דער פאַראייניקונג; ד"ה דער פאַרלוסט איז אַ גלײַכער און דאָס געווינס איז גלײַך. דאָס איז די פּראַקטישע אָנווענדונג פון דער געזעלשאַפטלעכער גערעכטיקייט און גלײַכהייט. דער שקלאַף, וואָס אַרבעט פאַר אַ ביסל רײַז און שטרוי, אָדער דער מאָדערנער אַרבעטער, וועלכן דער קאַפּיטאַליסט צאָלט שטענדיק אַ צו קליינעם לוין, זיי זײַנען בײדע נישט קיין מיטחברים פון זייערע האַרן. אַקוראַט ווי דאָס פערד, וואָס שלעפּט דעם וואָגן, אָדער דער אָקס, וואָס שלעפּט דעם אַקער, זײַנען נישט קיין מיטחברים פונעם מענטשן. די לאַגע פונעם אַרבעטער און פון יענע חיות איז פּונקט די זעלביקע; און ווען מיר טוען דעם איינעם אָדער דעם אַנדערן פון זיי עפּעס גוטס, איז דאָס נישט קיין אויסדרוק פון גערעכטיקייט, נאָר פון פּערזענלעכער גוטסקייט. גערעכטיקייט מיינט: פאַר גלײַכע אַרבעט דעם גלײַכן געווינס.

פּרודאָנס פאָרשטעלונגען פון גלײַכהייט און גערעכטיקייט זײַנען גרונט פאַרשיידן פון די אַבסטראַקטע און רוי־מעכאַנישע פאָרשטעלונגען, וואָס דער אויטאָריטערער קאָמוניזם פון זײַן צײַט האָט געהאַט וועגן אָט די פּאַראַגראַפן. פּרודאָנס גלײַכהייט איז געווען די אָנערקענונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט אין דעם בלל. פאַר די אויטאָריטערע קאָמוניסטן פון יענער עפּאָכע איז די גלײַכהייט געווען די אונטערוואָרפונג פון דער פּערזענלעכקייט אונטער דער הערשאַפט פון דעם

כלל. פאַר פּרודאָנען איז די גלײַכהייט געווען אַ לעבעדיקער פאַקט, וואָס וואַקסט אַרויס פון דער געזעלשאַפטלעכקייט; פאַר די קאָמוניסטן פון יענער צײַט איז זי געווען נישט מער ווי אַ פּלירט. פּרודאָנס העכסטער אידעאַל איז געווען די פרײַע פּערזענלעכקייט און דערפאַר האָט ער געפאָדערט די גלײַכהייט פון די באַדינגונגען. די קאָמוניסטן, פאַרקערט, האָבן אין דער אינדיווידואַליטעט מער נישט געזען ווי אַ געפאַר פאַרן כלל.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַ פרײַער גײַסט ווי פּרודאָן האָט נישט געקאָנט זײַן קיין אָנהענגער פון אַזעלכע פּרימיטיווע אָנשויונגען, און דערפאַר האָט ער באַקעמפט דעם קאָמוניזם מיט דער זעלביקער ענערגיע ווי דאָס אייגנטום. ער האָט אַפילו באַוויזן, און מיט רעכט באַוויזן, אַז דער אויטאָריטעטער קאָמוניזם, וואָס נעגירט דאָס אייגנטום אין דער טעאָריע, קומט צולעצט שטענדיק צוריק צום אייגנטום.

„אמת, די מיטגלידער פון אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט האָבן נישט קיין שום אייגנטום, אָבער די געזעלשאַפט גופא איז די אייגנטימערן און נישט בלויז פון די מאַטעריעלע רײַכטימער, נאָר אויך פון די מענטשן און זייער ווילן. שטיצנדיק זיך אויפן פּרינציפּ פון אַ סהווערענעם אייגנטום, מאַכט דער קאָמוניזם פון דער אַרבעט אַ געזעץ. ווייל זײַנע אָנהענגער קענען נישט אָדער ווילן נישט פאַרשטיין, אַז די אַרבעט דאַרף זײַן דער אויסדרוק פון אַ נאַטירלעכן אינסטינקט, אַז יעדער אַרבעט־צוואַנג, יעדע אַרבעט־פליכט מאַכט פון דער אַרבעט אַ שקלאַפערײַ. די פּאַסיווע געהאָרכזאַמקייט איז דער פונדאַמענט פון קאָמוניזם, אָבער אַזאַ געהאָרכזאַמקייט איז אַ שונא פון יעדער גײַסטיקער אַנטוויקלונג, פון יעדן זעלבשטענדיקן ווילן. דאָס לעבן, דעם טאַלאַנט, אַלע פעיקייטן פונעם מענטשן באַטראַכט דער קאָמוניזם ווי אַן אייגנטום פון דער מלוכה, וועלכע האָט דאָס רעכט אויסצונוצן זיי, ווי זי פאַרשטייט, פאַר די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט. — — — דער קאָמוניזם באַזירט זיך אויף דער זעלביקער אומגלייכהייט ווי דאָס אייגנטום, נאָר אין אַן אַנדער פאָרעם: דאָס אייגנטום איז די אויסבייטונג פונעם שוואַכן דורכן שטאַרקן; דער קאָמוניזם איז די אויסבייטונג פונעם שטאַרקן דורכן שוואַכן".

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז שוין אין זײַן ערשטן ווערק וועגן אייגנטום באַטראַכט פּרודאָן דעם אורשפּרינגלעכן קאָמוניזם פון דער פּרימיטיווער געזעלשאַפט און די שפּעטערדיקע אַנטשטייונג פונעם אייגנטום נישט ווי צופעליקע דערשײַנונגען, נאָר ווי באַשטימטע פאָרמען פון אַ היסטאָרישן אַנטוויקלונג־פּראָצעס. אין זײַנע שפּעטערדיקע שריפטן ווײַזט זיך אָט די אויפפאַסונג אַרויס נאָך קלערער און דײַטלעכער. אונדזערע מאַרקסיסטן האָבן בכן באמת נישט קיין שום אורזאַך צו שטאָלצירן מיט די „וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען" פון זייערע גײַסטיקע פּירערס. מיר וועלן נאָך שפּעטער זען, וויפל מאַרקס האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען פּרודאָנען.

נאָך דעם ווי פּרודאָן האָט אונדז דערוויזן מיט אַ סעריע פון גײַסטרײַכסטע היסטאָרישע און פילאָלאָגישע פאַרגלײַכן, אַז דער אייגנטימער, דער אַלטער „העלד", דער רויבער, דער הערשער זײַנען נישט מער ווי פאַרשיידענע אויסדרוקן פאַרן זעלביקן באַגריף, אונטערזוכט ער די יסודות פון דער רעגירונג. פאַר פּרודאָנען איז יעדער רעגירונג דעספּאָטיש, און דער דעספּאָטיזם גופא איז נישט מער ווי אַ

פועל־יוצא פונעם אייגנטום. דער דעספּאָטיזם איז אויף אַ לאָגישן אופן פאַרבונדן גײַסטיק מיט דער אידייע פון אַ לעגיטימער אויטאָריטעט. אָט דערפאַר דאַרף מען אים פאַרטוישן מיט דער פירערשאַפט אין די פּרימיטיווע געזעלשאַפטן. אויך די חיות, וואָס לעבן געזעלשאַפטלעך, האָבן זייערע „אָנפירערס", אָבער אָט די פירערשאַפט איז נישט קיין לעגיטימע, נאָר זי גרונטיקט זיך אויסשליסלעך אויף גרעסערע דערפאַרונג און אַנטוויקלטערע גײַסטיקע פעיִקייטן.

דער מענטש, וואָס באַלאַנגט אויך צו דער קאַטעגאָריע פון געזעלשאַפטלעכע חיות, האָט אויך באַשטימטע „פירערס". צוערשט איז עס געווען דער פאָטער, דער פאַטריאַרך, דער עלצטער, ד"ה דער „זאָך־פאַרשטייער", דער דעפאַרענער מענטש, זײַן פונקציע איז אַ ריין גײַסטיקע, אַ פונקציע וואָס באַזירט זיך אויסשליסלעך אויף זײַן פערזענלעכער אינטעליגענץ. אַקוראַט ווי אַלע אַנדערע מינים, האָט אויך די מענטשלעכע ראַסע אירע באַזונדערע אינסטינקטן און פעיִקייטן, וועלכע ווערן געבאָרן מיט יעדן איינציקן. די „פירערס", „געזעצגעבערס" און „מלכים" האָבן נישט דערפונדן אָט די פעיִקייטן און אייגנשאַפטן. זייער גאַנצע טעטיקייט איז באַשטאַנען אין פירן די געזעלשאַפט מיט דער הילף פון זייערע דערפאַרונגען. אָבער זיי זײַנען שטענדיק נאָכגעגאַנגען די מיינונג פון די אַנדערע.

פּרודאָן מאַכט אַ דינעם אונטערשייד צווישן דעם אורשפּרינגלעכן קעניגטום און דעם דעספּאָטיזם. די אורשפּרינגלעכע עקסיסטענץ פונעם קעניג איז געווען אויסשליסלעך באַזירט אויף זײַן פערזענלעכער דערפאַרונג, זײַן אינטעליגענץ, זײַנע קענטעניש. זײַן ראָל איז געווען אַ נאַטירלעכע, נישט קיין לעגיטימע. ערשט מיט דער אַנטשטייונג פונעם אייגנטום פאַרוואַנדלט זיך דאָס קעניגטום אין אַ לעגיטימער אויטאָריטעט, אַקוראַט ווי דער אייגנטימער, דער אָמאָליקער „באַזיצער", און באַקומט אַ דעספּאָטישן כאַראַקטער. ווען אַ מענטש אָקופּירט אַ שטיק לאַנד, כדי עס צו באַאַרבעטן מיט די אייגענע הענט, דעמאָלט איז אָט דער אַקט נישט נאָר נאַטירלעך, נאָר אויך גערעכט. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען דער „באַזיצער" מאָנאָפּאָליזירט אַ שטיק לאַנד, ד"ה ווי באַלד ער באַקומט דאָס רעכט „צו געברויכן און צו מיסברויכן" זײַן שטיק לאַנד, פאַרוואַנדלט ער זיך אין אַן אייגנטימער. זײַן שטעלונג ווערט אַן אַנטיגעזעלשאַפטלעכע.

דאָס זעלביקע קומט פאָר מיטן קעניגטום. אַזוי לאַנג ווי דער פירער העלפט דער געזעלשאַפט מיט זײַנע באַזונדערע פעיִקייטן און דערפאַרונגען, איז זײַן שטעלונג אַ נאַטירלעכע און גערעכטע. ער איז נישט מער ווי אַ ראַטגעבער. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען דער ראַטגעבער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ לעגיטימער אויטאָריטעט, ד"ה אין דעם מאָמענט ווען ער האָט די מאַכט „צו געברויכן און צו מיסברויכן" זײַן שטעלונג, פאַרוואַנדלט ער זיך אין אַ דעספּאָט. זײַן שטעלונג ווערט אַן אַנטיגעזעלשאַפטלעכע.

יעדע רעגירונג, אַפילו די דעמאָקראַטישסטע, איז דעספּאָטיש, דערפאַר ווײַל זי באַזירט זיך אויפן זעלביקן יסוד. דער מאָדערנער קאָנסטיטוציאָנאַליזם איז נישט מער ווי אַ פאַרענדערונג אין דער פאָרעם, אָבער נישט אין אינהאַלט. דער דעמאָקראַט איז אין דער אמתן אויך נישט מער ווי אַ מאָנאַרכיסט. עס איז אַ קנאַפּע נפקא־מינה צי דער דעספּאָטיזם פאַרקערפּערט זיך אין איין פּערזאָן, אין אַן אַבסאָלוטן קעניג, צי אין אַ קעניג מיט 600 קעפּ, וועלכער האָט די זעלביקע פּריווילע־

גיעס. „דער אייגנטימער, דער רויבער, דער העלד, דער הערשער, זיי אַלע מאַכן פון זייער ווילן אַ געזעץ פאַר די אַנדערע. זיי באַטראַכטן זיך ווי די פאַרקערפּערונג פון דער געזעצלעכער גוואַלט און דערלויבן נישט קיין שום ווידערשפּרוך".

דאָס אייגנטום און דער דעספּאָטיזם זײַנען ענג פאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן,

„ווען די נאַטירלעכע רייכטימער זייען דאָס אייגנטום פון אייצלנע פּריווילעגירטע, פאַר וואָס זאָלן אָט די פּריווילעגירטע אייגנטימער נישט זיין קיין קעניגן און די קעניגן — דעספּאָטן, נאָכן גראַד פון זייערע פאַרמעגנס? און אויב יעדער אייגנטימער איז אַ קעניג, אַן אַבסאָלוטער הערשער בתוך זיין אייגנטום, פאַר וואָס זאָלן מיר נישט באַגרייפן, אַז אַ רעגירונג פון אייגנטימער איז דער אויסדרוק פון כאַאָס און אומאָרדענונג?"

פאַר יענער צײַט, ווען דער יאַקאָביניזם האָט נאָך באַהערשט אַלע מוחות און די גאַנצע פּאָליטיק, איז פּרודאָנס אָנשויונג וועגן דער מלוכה און דעם כאַראַקטער פון אַלע רעגירונגען געווען מער ווי אַ געוויינטלעכע אָנשויונג — עס איז געווען אַ סאָציאַלער טאַט אין פולן זינען פונעם וואָרט. אין פראַנקרײַך זײַנען אָט די אידייען געווען אַזוי נײַ, אַז מען האָט געקוקט אויף זיי ווי אויף די גײַסטיקע פּראָדוקטן פון אַ משוגענעם אָדער אַ פאַרברעכער. מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן אײַנדרוק עס האָבן געמאַכט אָט די ווערטער אין אַ צײַט, ווען דער גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פון דער מלוכה האָט נאָך עקסיסטירט אין זײַן פולן גלאַנץ:

„וואָס פאַר אַ רעגירונג־פאָרעם זאָלן מיר געבן דעם פאָרצוג? — ווי קאָן מען גאָר שטעלן אַזאַ פראַגע? וועט זיך אַן ספק אָפּרופן איינער פון מײַנע יונגע לייענערס; דו ביסט דאָך אַוודאי אַ רעפּובליקאַנער — אָן ספק, איך בין אַ רעפּובליקאַנער, אָבער די באַדייטונג פון דעם וואָרט איז זייער אומבאַשטימט. רעס פּובליקאַ מיינט דער ווילזיין פונעם כלל. יעדער אייציקער, וואָס שטרעבט דערצו, איז אַ רעפּובליקאַנער, וואָס פאַר אַ פאָרעם פון דער רעגירונג מ'זאָל נישט אויסקלייבן. די קעניגן זייען אויך רעפּובליקאַנער. — איך פאַרשטיי, דו ביסט אַ דעמאָקראַט! — ניין! — הייסט עס, דו ביסט אַ מאָנאַרכיסט? — ניין! — אַ קאָנסטיטוציאָנאַליסט? — זאָל מיך דער אייבערשטער אָפּהיטן! — אפשר ביסטו גאָר אַן אַריסטאָקראַט? — עס הייבט זיך נישט אָן! — אפשר ביסטו פאַר אַ געמישטער רעגירונג־פאָרעם? — אויך נישט! — נו, לאָמיר שוין הערן, וואָס ביסטו פאָרט? — איך בין אַן אַנאַרכיסט".

פּרודאָן דעפינירט דעמאָלט זײַן שטאַנדפּונקט פּינקטלעכער און ווײַזט אויף, אַז דער גאַנצער פּאָליטישער פּראָגרעס פון דער מענטשהייט מאַניפעסטירט זיך אין דער באַשרענקונג פון דער רעגירונגס־מאַכט. וואָס ווײַטער דער מענטש אַנטוויקלט זיך, וואָס מער זײַנע געפילן און זײַנע גײַסטיקע כוחות פײַנערן זיך אויס, אַלץ מער באַגרײַפט ער די איבעריקייט פון דער רעגירונג. דאָס קינד זעט אין דעם פאָטער אַזוי לאַנג אַן אויטאָריטעט, ביז וואַנען ער ווערט אַליין אַ דערוואַקסענער מענטש. אין אָט דעם מאָמענט פאַרשווינדט די פאָטערלעכע אויטאָריטעט און דער פאָטער פאַרנעמט דאָס פּלאַץ פון אַ פּשוטן מיטמענטשן. „דאָס אייגנטום און דאָס קעניגטום (רעגירונג) וועלן ביידע מוזן פאַרשווינדן: אַקוראַט ווי דער מענטש זוכט די גערעכטיקייט אין דער גלײַכהייט, אַזוי זוכט די געזעלשאַפט די אָרדענונג אין דער אַנאַרכיע".

„אַנאַרכיע, ד״ה די אָפּוועזנקייט פון יעדן לעגיטימען הערשער, דאָס איז די פּאָליטישע פאָרעם, צו וועלכער מיר דערנענטערן זיך אַלץ מער און מער — — —״

דאָס זײַנען די אידייען, וואָס פּרודאָן האָט אַנטוויקלט אין זײַן ערשטער שריפט וועגן דעם אייגנטום. מיר האָבן זיי דערפֿאַר אַזוי אויספירלעך באַהאַנדלט, ווײַל זיי אַנטהאַלטן אין זיך די קווינטעסענץ פון זײַנע אַלע אַנדערע ווערק, וואָס אין זיי האָט ער נאָר איינע אָדער אַן אַנדערע זײַט פון זײַנע געדאַנקען פאָרגעשטעלט קלאָרער און אויספירלעכער.

דאָס ווערק „וואָס איז אייגנטום?״ איז איינע פון די געניאַלסטע ביכער, וואָס די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור האָט איבערהויפּט באַשאַפן. אַפילו יענע, וואָס האָבן פּרודאָנען שפּעטער באַקעמפט אויפן ערגסטן אופן און אָפט מאָל מיט די אומאָנ־שטענדיקסטע און אומערלעכסטע וואָפן, ווי מאַרקס און ענגעלס האָבן עס געטאָן, זײַנען געווען געצוווּנגען צו אָנערקענען די גרויסע באַדײַטונג פון אָט דעם ווערק. מיטן דערשײַנען פון פּרודאָנס ווערק איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַ נײַע ריכטונג אין דער סאָציאַליסטישער געדאַנקען־וועלט — די אַנטיאויטאָריטערע ריכטונג, וועלכע האָט שפּעטער געפונען אַ פּראַקטישן אויסדרוק אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג.

אמת איז, אַז עטלעכע פון פּרודאָנס אידייען זײַנען שוין אַנטוויקלט געוואָרן אין דעם באַרימטן ווערק פון דעם ענגלענדער וויליאַם גאָדווין: „אונטערזוכונגען וועגן דער פּאָליטישער גערעכטיקייט״ (1793) און אין די עקאָנאָמישע שריפטן פון וויליאַם טהאָמפּסאָן און דזשאָן גריי, אָבער אָט די שריפטן זײַנען געווען אין גאַנצן אומבאַקאַנט אויפן קאָנטינענט און האָבן נישט געהאַט קיין שום ווירקונג אין די איבעריקע אייראָפּעיִשע לענדער. ערשט פּרודאָנס בוך האָט דורכגעבראָכן אַ וועג פאַר די נײַע אָנשויונגען פון אַ פרײַען אַנטימלוכישן סאָציאַליזם.

1909

# יאָהאַן מאָסט

דעם 17טן מערץ, שפּעט בײַ נאַכט, האָבן מיר דערהאַלטן די אומדערוואַרטע נײַעס, אַז יאָהאַן מאָסט, דער אומדערמידלעכער קעמפער, דער לײַדנשאַפטלעכער רעבעל, וועלכער האָט פאַרשטאַנען אַזוי הייס צו ליבן און אַזוי ביטער צו האַסן, איז פּלוצלינג געשטאָרבן. אין דעם אויגנבליק, ווען מיר שרײַבן אָט די שורות, ווייסן מיר נאָך נישט די גענויע איינצלהײַטן פון זײַן טויט; נאָר ווען מיר זאָגן, אַז די נײַעס איז פאַר אונדז אַן אומדערוואַרטע, אַן איבערראַשנדיקע, איז עס דערפאַר, וואָס קיינער האָט זיך נישט געריכט אויף אָט די נײַעס, קיינער האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אַז מאָסט, דער מאַן מיט די שניי־ווײַסע האָר און דאָס יונגע, פײַערדיקע האַרץ, זאָל שטאַרבן אַזוי גיך, אַזוי אומגעריכטערהייט. ווײַל יאָהאַן מאָסט איז געווען איינער פון יענע זעלטענע מענטשן, וועלכע ווייסן נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס צו זײַן אַלט און שוואַך, אַלט אין גײַסט, שוואַך אין געדאַנק. נישט אין דערהיים איז ער געשטאָרבן — אויף דער רײַזע, אין מיטן אַ פּראָפּאַגאַנדע־טור, אין סינסינעטי האָט זיך דער טויט מיט אים באַגעגנט און אָפּגעשטעלט אַ לעבן, וואָס איז געווען אַזוי רײַך אין אָנגענעמע און ביטערע דערפאַרונגען, אַזוי שטורעמדיק און קאָכעדיק ווי דער ים. אַ שיינער טויט: אַ טויט אָן קראַנקייט, אָן שוואַכקייט, אַ טויט וואָס איבערראַשט דעם מענטשן אין מיטן פון דער אַרבעט!

דער נאָמען יאָהאַן מאָסט באַטײַט מער ווי דער נאָמען פון אַ באַשטימטן מענטשן, דער דאָזיקער נאָמען פאַרקערפּערט אין זיך דעם רעוואָלוציאָנערן גײַסט, די רעבעלישע לײַדנשאַפט פון אַ האַלבן יאָרהונדערט. פאַר די הערשנדיקע קלאַסן איז אָט דער נאָמען געווען די פּערזאָניפיצירונג פונעם „רויטן געשפּענסט“ און פאַר די רעבעלן פון אַלע לענדער איז ער געווען די אומבאַזיגבאַרע האָפענונג אויף דעם אומפאַרמײַדלעכן טריומף פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. יאָהאַן מאָסט איז געווען די מעגלעכע איבערזעצונג פון לויזע מישעל, פּונקט אַזוי פאַרהאַסט, פּונקט אַזוי געליבט ווי זי, מיט דער זעלבער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע, דעם זעלביקן העלדישן מוט, מיט דער זעלביקער רעבעלישער קראַפט, מיט דער זעלבער אומבאַזיגבאַרער איבערצײַגונג אויף אַ בעסערער צוקונפט.

ער איז געשטאָרבן אין מאָנאַט מערץ, אין רויטן מערץ, אין „זשערמינאַל“, אַזוי ווי די פראַנצויזן פלעגן רופן אָט דער חודש אין דער צײַט פון דער גרויסער

רעוואָלוציע, אַקוראַט ווי עס וואָלט זיך אים פאַרוואָלט אונדז צו זאָגן: „קאַמעראַדן, איך שטאַרב, נאָר פאַרגעסט נישט, עס איז מערץ. דער פרילינג קומט"!

*****

יאָהאַן מאָסט איז געבוירן געוואָרן אין 1846 אין אויגסבורג. זײַן פאָטער איז געווען אַ שרײַבער בײַ אַן אַדוואָקאַט, אַ שטענדיקער קבצן, וועלכער האָט געדאַרפט פירן אַ ביטערן קאַמף פאַר זײַן שטיקל ברויט. אַז מאָסטס קינדער־יאָרן זײַנען נישט געווען קיין גלענצנדע, קאָן מען אַרויסזען פון די ערשטע קאַפּיטלען פון זײַנע „מע־מואַרן"; און די אַלגעמיינע לאַגע פון דעם קליינעם יאָהאַן איז געוואָרן נאָך אומ־דערטרעגלעכער, ווען זײַן גוטע מוטער איז געשטאָרבן און דער פאָטער האָט אַרײַנ־גענומען אַ שטיפמוטער אין הויז. צו אָט די אַלע לײַדן, וועלכע דער יונגער מאָסט האָט דורכגעמאַכט אין די „גאָלדענע קינדער־יאָרן", קומט נאָך צו אַ שרעקלעכע קראַנקייט, דער רעזולטאַט פון אַ שטאַרקער פאַרקילונג, פון וועלכער ער האָט גע־ליטן פינף לאַנגע יאָרן. די ענדע איז געווען אַן אָפּעראַציע, דורך וועלכער זײַן פנים האָט באַקומען אַ גראָטעסקן אויסדרוק. בײַ אָט דער געלעגנהייט איז אינטע־רעסאַנט צו באַמערקן, אַז דער „באַרימטער" אַנטדעקער פון דעם אַזוי גערופענעם „פאַרברעכער טיפּ", דער איטאַליענישער פּראָפעסאָר לאָמבראָזאָ, וועלכער האָט נישט געוווּסט די סיבה פון מאָסטס מערקווירדיקן געזיכטס־אויסדרוק, האָט שפּעטער באַהויפּטעט אין זײַן באַקאַנטן ווערק *„Gli Anarchici"* אַז מאָסט איז שוין געבוירן געוואָרן מיט דער פיזיאָנאָמיע פון אַן „אַנאַרכיסטישן פאַרברעכער". (אַ גוטער באַווײַז, וואָס מען מאַכט אַלץ פון דער אָרעמער וויסנשאַפט).

ווען מאָסט איז געווען אַ יינגל פון אַ יאָר דרײַצן, האָט מען אים געגעבן צו אַ בוכבינדער אויף דער לערע. זײַן לערנצײַט איז נישט בעסער געווען ווי זײַנע קינדער־יאָרן, און עס איז זייער וואָרשײַנלעך, אַז די ביטערקייט פון זײַן יוגנט האָט געהאַט אַ געוויסן אײַנפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון זײַן שפּעטערדיקן כאַ־ראַקטער. אַלס אַ יונגער מאַן פון 16 יאָר האָט מאָסט ענדלעך פאַרלאָזן דאָס היימ־לאַנד, וועלכע איז בײַ אים אַזוי פאַרהאַסט געווען, און האָט געוואַנדערט אַלס אַ „פרײַער לוין־אַרבעטער" דורך גאַנץ דײַטשלאַנד און שווייץ. אין דער שווייץ איז ער צום ערשטן מאָל באַקאַנט געוואָרן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג און די אידייען פונעם סאָציאַליזם. אַלע רעבעלישע געפילן און עמפּינדונגען, וועלכע האָבן זיך שוין פריִער אַנטוויקלט אין דעם האַרץ פון דעם יונגן מאַן, האָבן פּלוצלינג געפונען אַ לעבעדיקן אויסדרוק אין די סאָציאַליסטישע לערעס און אַנשויונגען. אין דער שווייץ האָבן זיך דאָן פאָרמירט די ערשטע סעקציעס פון דער גרויסער „אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־אַסאָסיאַציע", וועלכע האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע ווירקונג אויף דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון דער אייראָפּעיִשער אַרבעטער־באַוועגונג. פאַר דעם יונגן מאָסט האָט זיך איצט אויפגעעפנט אַ גאַנץ נײַע וועלט; מיט אַ לײַדנ־שאַפטלעכער באַגײַסטערונג האָט ער זיך אַרײַנגעוואָרפן מיט לײַב און לעבן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און אָט דער הייליקער פײַער פון זײַן יוגנט איז בײַ אים קיינמאָל נישט פאַרלאָשן געוואָרן. ער האָט געפילט די לײַדן און שמערצן פון זײַן אייגענעם קלאַס, ער האָט זיי אַליין אויסגעפּרוווט אין אַלע איינצלהײַטן, און דורך אָט דער דערקענטעניש איז אַנטשטאַנען בײַ אים דער הייסער, לײַדנ־

שאַפּטלעכער שטרעבן צו קעמפן און מקריב זײַן גוט און בלוט פאַר דער סאָציאַלער באַפרײַונג. ער האָט געלייענט די בראַשורן פון פערדינאַנד לאַסאַל, וועלכע האָבן געמאַכט אַ טיפן אײַנדרוק אויף אים אין דער ערשטער תקופה פון זײַן סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג. ער האָט שטודירט די סאָציאַלע פראַגע אין אַלע אירע אײנצלהײַטן און פון דעם שילער איז באַלד געוואָרן אַ לערער, אַ פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם.

אין 1868 איז מאָסט אַריבער קײַן עסטרײַך. עס איז פּונקט געווען די צײַט פון דער אַזוי גערופענער „ליבעראַלער ערע״, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דעם עסטרײַכיש־פּרײַסישן קריג אין 1866. אומעטום האָט מען גערעדט און געשריבן איבער דער סאָציאַלער פראַגע און די מיטלען איר צו לייזן. די רעגירונג אַליין האָט אויסגעדריקט איר סימפּאַטיע צו די אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך דאַן מאַסנווײַז פאַראײניקט און אָרגאַניזירט, ווײַל די עסטרײַכישע מיניסטאָרן האָבן געגלויבט, אַז זיי וועלן זיך קאָנען באַנוצן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג פאַר זייערע פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע צוועקן. אָבער זיי זײַנען ביטער אַנטוישט געוואָרן. די סאָציאַליסטישע עלעמענטן האָבן באַלד פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ און אין אַ קורצער צײַט האָט די גאַנצע עסטרײַכישע אַרבעטער־באַוועגונג באַקומען אַ סאָציאַליסטישן און רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער. מאָסט איז, פאַרשטייט זיך, געווען איינער פון די יעניקע, וועלכע האָבן צום מײנסטן מיטגעהאָלפן צו אָט דער אַנטוויקלונג. ער איז געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע אַגיטאַטאָרס און זײַנע פײַערדיקע ווערטער האָבן שטענדיק געמאַכט אַ טיפן אײַנדרוק אויף די אַרבעטער־מאַסן. מיט דער צײַט האָט די רעגירונג ענדלעך באַגריפן, אַז זי קאָן קיין זאַך נישט מאַכן מיט די אַרבעטער, און אין אַ קורצער צײַט איז די „ליבעראַלע ערע״ איבערגעביטן געוואָרן אויף אַן ערע פון פאַרפאָלגונגען. דעם 30סטן מײַ 1869 איז אין ווין פאַרגעקומען אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג פון 10.000 אַרבעטער, וועלכע האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער סאָציאַלער לאַגע פון די אַרבעטער. מאָסט איז געווען איינער פון די רעדנער. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז ער אַרעסטירט און פאַראורטיילט געוואָרן צו אַ מאָנאַט תפיסה.

אָבער ווען די אַרבעטער האָבן געזען, אַז מען אַרעסטירט און פאַרפאָלגט זייערע פעיקסטע און בעסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן, האָבן זיי באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ ריזן־דעמאָנסטראַציע צום פּאַרלאַמענט, כדי צו פאָדערן פון די אַזוי גערופענע פאָלקס־פאַרטרעטער די גאַראַנטיע פאַר זייערע פּאָליטישע רעכטן און פרײַהייטן. אָט די דעמאָנסטראַציע איז אַראַנזשירט געוואָרן גאַנץ אין דער שטיל, און דעם 13טן דעצעמבער 1869, האָבן 50.000—60.000 אַרבעטער מאַרשירט צום פּאַרלאַמענט. אָבער די רעגירונג, וועלכע האָט זיך צולעצט דאָך דערוווסט פון דער פּראָיעקטירטער דעמאָנסטראַציע, האָט באַלד אָפּגעלייגט די דערעפענונג פונעם פּאַרלאַמענט אויף אַן אַנדער טאָג. די דעמאָנסטראַציע איז פון דעסטוועגן דאָך פאָרגעקומען, און בעת אַ דעפּוטאַציע פון די אַרבעטער איז אַוועק צום מיניסטער־פּרעזידענט, כדי פאַרצולייגן די פאָדערונגען פון די אַרבעטער, האָבן מאָסט און זײַנע פרײַנד גערעדט צו די פאַרזאַמלטע מאַסן און אַטאַקירט די רעגירונג אויף דעם שאַרפסטן אופן. דער מיניסטער־פּרעזידענט, גראַף פאָן טאַפע, האָט די אַרבעטער צוגעזאָגט, אַז ער וועט זען, וואָס ער קאָן טאָן פאַר זיי. ער האָט געהאַלטן זײַן צוזאָג... מיט עטלעכע

טעג שפּעטער זײַנען מאַסט און מיט אים נאָך צוועלף אַנדערע באַקאַנטע אַגיטאַ־טאָרס אַרעסטירט געוואָרן.

דער רעזולטאַט איז געווען דער גרויסער ווינער הויכפאַראַט־פּראָצעס, וועל־כער האָט זיך אָנגעהויבן דעם 4טן יולי און געענדיקט דעם 19טן יולי 1870. צווישן אַלע אָנגעקלאָגטע האָט מאָסט פאַרטראָטן די בעסטע און קאָנסעקוועגטסטע שטעלונג. דער אופן ווי ער האָט פאַרענטפערט די פראַגעס פון דעם פּראָקוראָר און די גע־שווירענע, זײַנע שאַרפזיניקע באַמערקונגען און זײַן גלענצנדיקע פאַרטיידיקונג האָבן אים פאַרשאַפט די סימפאַטיע פון אַלע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער. — „איך דערקלער פרײַ און אָפן, אַז איך בין אַ סאָציאַליסט, און איך וועל עס בלײַבן ביז צום לעצטן מאָמענט פון מײַן לעבן. ווי אײַער אורטייל זאָל נישט אויספאַלן פאַר מיר, מײַנע הערן געשווירענע, וועל איך פון דעסטוועגן קיין מאָל נישט פאַרלאָזן אונדזער פאָן". דאָס זײַנען געווען די שלוס־ווערטער פון זײַן פאַרטיידיקונג, און זײַן גאַנץ לעבן האָט באַוויזן, אַז אָט די דאָזיקע ווערטער זײַנען געווען דער טיפסטער אויסדרוק פון זײַנע אינערלעכסטע געפילן. דער פּראָצעס האָט זיך געענדיקט מיט דער פאַראורטיילונג פון מאָסט, אָבערווינטער, שײ און פּאַבסט. אָבערווינטער איז פאַראורטיילט געוואָרן צו זעקס יאָר תּפיסה. די איבעריקע דרײַ יעדערער צו פינף יאָר תּפיסה. אויסער דעם זײַנען נאָך עטלעכע פון די דרײַצן אָנגעקלאָגטע פאַר־אורטיילט געוואָרן צו אַ פּאָר חדשים געפענקעניש. אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז אין זײַן אָנקלאָג־רעדע האָט דער פּראָקוראָר אויסדריקלעך דערקלערט, אַז די איב־טעליגענץ און שאַרפזיניקייט פון מאָסטן איז אַ גוטער גרונט פאַר דער אויסער־געוויינלעך־הויכער שטראָף.

דער אורטייל האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקע אויפרעגונג צווישן דער ווינער אַרבעטער־באַפעלקערונג, און טייזנטער פּראָלעטאַריער, וועלכע זײַנען פריִער געווען אינדיפערענט צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, זײַנען דורך דעם פּראָצעס גע־וואָרן געוואָרן פאַרן סאָציאַליזם. דאָס איז אפשר אויך געווען די סיבה, וואָס די פאַראורטיילטע זײַנען פיל בעסער באַהאַנדלט געוואָרן אין זייער געפענקעניש, ווי זיי האָבן אַליין דערוואַרט. — מאָסטס פאָטער האָט אָנגעווענדט אַלע מעגלעכע מיטלען צו באַפרײַען זײַן זון, און עס האָט אים אויך געלונגען צו באַקומען אַן אויידיענץ בײַ דעם פאָטער פון דער עסטרײַכישער קײַזערין, דעם הערצאָג מאַקס פון בײַערן. דער הערצאָג האָט אויך צוגעזאָגט עפּעס צו טאָן, נאָר מיט דער באַדינ־גונג, אַז מאָסט אַליין זאָל בעטן באַגנאַדיקונג. אָבער ווען דער אַלטער מאָסט האָט געשריבן זײַן זון וועגן אָט דער אָנגעלעגנהייט, האָט דער געפאַנגענער רעבעל אים געענטפערט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „וואָס? איך זאָל בעטן גנאָד, ווען מען האָט מיך אומשולדיק פאַרמשפּט!? קיין מאָל נישט! אויב די רעגירונג וועט אָנערקענען איר אומגערעכטיקייט, און מען וועט אונדז פרײַוויליק עפענען די טירן פון תּפיסה, דעמאָלט וועל איך באַגריסן מיט צופרידנקייט מײַן פרײַהייט. אָבער איך וועל קיין מאָל דאָס נישט בעטלען און זײַן פרײַ אויף דעם חשבון פון מײַן ערע".

נאָר פון דעסטוועגן איז מאָסט גיכער באַפרײַט געוואָרן, ווי ער אַליין האָט דערוואַרט. אַ שווערער פּאָליטישער קריזיס אין עסטרײַך האָט זיך געענדיקט מיט דער פאַררופונג פון אַ נײַעם מיניסטעריום. די ערשטע אַרבעט פון די נײַע מיניס־

טאָרן איז געווען אַן אַלגעמיינע אַמנעסטיע פאַר פּאָליטישע פאַרברעכער, און דעם 19טן פעברואַר 1871 האָבן מאָסט און זײַנע פרײַנד פאַרלאָזט די תּפיסה. טויזנטער אַרבעטער האָבן אים באַגריסט מיט אַ שטורעמדיקער באַגײַסטערונג, ווען ער איז אָנגעקומען אין ווין, און באַלד איז מאָסט ווידער געשטאַנען אין די ערשטע רײַען פון דער באַוועגונג. ער האָט געמאַכט אַגיטאַציע־רײַזעס איבערן גאַנצן לאַנד און אומעטום האָבן די לײַדנדיקע און פאַרשקלאַפּטע אויפגענומען זײַנע הייסע ווערטער מיט סימפּאַטיע און ענטוזיאַזם.

אָבער די עסטרײַכישע רעגירונג איז גאָרנישט צופרידן געווען פון אָט דער טעטיקייט. די רעאַקציאָנערע צײַטונגען האָבן געשאָטן מיט פײַער אויף דעם מו־טיקן רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט באַוויזן אַזוי „ווייניק דאַנקבאַרקייט" פאַר זײַן באַפרײַונג. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אים אַרויסגעשיקט פון עסטרײַך, אַלס „בישט־געוווּנטשענער אויסלענדער, וועלכער האַלט אין איין אויפהעצן דאָס פאָלק קעגן זײַנע פאָרשטייערס".

ווען מאָסט איז צוריקגעקומען קײַן דײַטשלאַנד, איז די דײַטשע אַרבעטער־באַוועגונג געווען אין אַ מערקווירדיקן צושטאַנד. די מלחמה מיט פראַנקרײַך האָט פאַרניכטעט די מייסטע אָרגאַניזאַציע און דער פּאַטריאָטיזם האָט אומעטום געפונען אַ פרײַען וועג צווישן די אַרבעטער. און אָט דער טרויעריקער צושטאַנד איז נאָך אומדערטרעגלעכער געוואָרן צוליב דעם פאַקט, וואָס די גאַנצע באַוועגונג איז דאַן נאָך געשפּאָלטן געווען אין צוויי לאַגערס, די „לאַסאַליאַנער" און די אַזוי גערופענע „אײַזענאַכער" (מאַרקסיסטן), וועלכע האָבן זיך באַקעמפט איינע די אַנדערע ווי די ביטערסטע קעגנער. מאָסט, וועלכער האָט דעמאָלט באַלאַנגט צו דער פּאַרטיי פון די „אײַזענאַכער", האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט. אין צאָלרײַכע פאַרזאַמ־לונגען האָט ער געפּײַערט דעם העלדישן אונטערגאַנג פון דער פּאַריזער קאָמונע, און אומעטום האָט ער אָרגאַניזירט נײַע גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס פאַר דער סאָציאַ־ליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. די דײַטשע פּאָליציי האָט זיך באַלד אין אָנהייב גענומען צו דעם פײַערדיקן רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט אויפגעוועקט מיט זײַנע גליִענ־דיקע ווערטער די דײַטשע אַרבעטער פון זייער פאַרשלאָפנקייט און אין אַ סך שטעט האָט מען פאַרבאָטן די פאַרזאַמלונגען איינפאַך דערפאַר, ווײַל מאָסט האָט געזאָלט ריידן. ווען מאָסט איז געקומען קײַן לײַפּציק, דער צענטער פון די „אײַזענאַכער", איז ער פון ליעבקנעכט, וועלכער איז דאַן געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם „פאָלקס־שטאַאַט", זייער קאַלט אויפגענומען געוואָרן: עס איז אַ מערקווירדיקער פאַקט, אַז די ביידע מענער האָבן באַלד אין אָנהייב נישט געקאָנט שטימען, און עס איז באַ־קאַנט, אַז ליעבקנעכט איז שפּעטער געוואָרן דער ביטערסטער פײַנד פון מאָסטן. מאָסט גיט אונדז איבער אין זײַנע „מעמואַרן" דעם שמועס, וועלכן ער האָט געהאַט מיט ליעבקנעכטן באַלד, ווען ער האָט אים צום ערשטן מאָל באַזוכט.

„נאָך דעם ווי איך האָב מיך פאָרגעשטעלט, האָט ליעבקנעכט געקנייטשט דעם שטערן און געזאָגט: אָבער וואָס זוכט איר דען דאָ אין לייפּציק? — איך האָב געפילט, אַקוראַט ווי עמעצער וואָלט מיר באַגאָסן מיט קאַלטן וואַסער; נאָר איך האָב באַלד געענטפערט: איך דענק דאָ צו געפינען אַרבעט אַלס אַן אײַנבינדער. — ליעבקנעכט האָט געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט און געזאָגט מיט אַ שפּאָטישן שמייכל: אומזיסט! בישטאָ דאָ קיין אַרבעט! גייט בעסער קיין בערלין און רייסט זיך אַרום מיט די לאַסאַליאַנער! איך האָב אים

> דערקלערט, אַז אַזאַ טעטיקייט שטייט מיר נישט אָן. האָט ער מיר געענט־פערט מיט אַ באַפעלערישער שטימע: דאָ אין לייפּציק קאָנען מיר אייך נישט געברויכן; ביי אונדז אין זאַקסן הערשט איבעראַל דער וויסנשאַפט־לעכער סאָציאַליזם. דאָס איז געווען גענוג פאַר מיר. איך האָב מיר גענומען דעם וועג, נאָר אין האַרצן האָב איך געפילט אַ שטאָך".

דער שמועס איז זיכער געווען אַ מערקווירדיקער און כאַראַקטעריסטיש פאַר די שפּעטערדיקע באַציִונגען צווישן די ביידע מענער. נאָר מאָסט איז טראָץ דעם געבליבן אין זאַקסן און אומעטום, ווו ער האָט גערעדט, האָבן אים די אַרבעטער אויפגענומען מיט דער גרעסטער באַגײַסטערונג. די שעמניצער אַרבעטער האָבן אים אַפילו אָנגעבאָטן די רעדאַקציע פון זייער טעגלעכער צײַטונג, און דעם 3טן יוני 1871 איז מאָסט געוואָרן רעדאַקטאָר פון דער „שעמניצער פרײַע פרעסע". דאָס איז געווען דער אָנהייב פון מאָסטס טעטיקייט אַלס רעוואָלוציאָנערער זשורנאַליסט. ווען מאָסט האָט איבערגענומען די רעדאַקציע, איז די צײַטונג געווען אין אַ זייער קריטישן צושטאַנד, נאָר אַ דאַנק זײַן געוואַלטיקער ענערגיע איז אים געלונגען צו פאַרשאַפן דעם בלאַט אַ פעסטן באָדן איבער די אומגעהײַערע טעטיקייטן, וועלכע ער האָט דעמאָלט אַנטוויקלט, גיבן אונדז די פאָלגנדיקע ווערטער אין זײַנע „מע־מואַרן" אַ קליינע פאָרשטעלונג:

> „ווען איך זאָג, אַז איך האָב דאַן אַגיטירט טאָג און נאַכט, איז מיין באַהויפּטונג נישט איבערגעטריבן. די צייטונג איז געווען אַן אָוונט־בלאַט; און ווי גיך זי איז פאַרטיק געווען, האָבן זיך אָנגעהויבן די פאָרבאַרייטונגען פאַר דער מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע. עס איז זעלטן געווען אַ טאָג, ווען איך האָב נישט געדאַרפט ריידן אויף אַ פאַרזאַמלונג. אין שעמניץ אַליין האָב איך אָרגאַניזירט אַלע מעגלעכע געווערקשאַפטן, וועלכע זיינען, פאַרשטייט זיך, נישט אַנדערש געווען ווי קערפּערשאַפטן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פּאַרטיי. און די זעלביקע אַרבעט האָב איך אויסגעפירט אין די אַרו־מיקע שטעט און שטעטלעך. זייער אָפט האָט עס געטראָפן, אַז איך בין אין אָוונט אַוועקגעפאָרן פון איין ביז צוויי שעה ווייט פון שעמניץ און צוריק־געקומען בין איך מיט דעם ערשטן צוג אין דער פרי, כדי צו מאַכן מיין אַרבעט אַלס רעדאַקטאָר, נאָך דעם ווי איך האָב ביי ערגעץ אַ וועבער גע־שלאָפן אַ פאַר שעה אויף אַן אַלטע סאָפע".

די זאַקסישע רעגירונג איז נאַטירלעך נישט צופרידן געווען פון אָט דער טעטיקײַט, און אין פאַרלויף פון אַ יאָר צײַט האָט מאָסט געהאַט נישט ווייניקער ווי דרײַ און פערציק פאַרשיידענע פּראָצעסן, צוליב דער רעוואָלוציאָנערער שפּראַך, וועלכער ער האָט געפירט אין זײַן צײַטונג. קיין אַדוואָקאַט האָט ער קיין מאָל נישט גענומען און שטענדיק האָט ער זיך אַליין פאַרטיידיקט. אָבער אַפילו אין דער צײַט, ווען מאָסט איז געזעסן אין תפיסה, איז ער אומדערמידלעך טעטיק געווען פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע. אין דער צוויקויער תפיסה האָט ער אַרויסגעגעבן אַ פּאָפּולערן אויסצוג פון קאַרל מאַרקס באַקאַנט ווערק „דער קאַפּיטאַל". דורך אָט דער שריפט זײַנען די דײַטשע אַרבעטער ערשט ריכטיק באַקאַנט געוואָרן מיט די אידייען פון דעם סאָציאַליסטישן דענקער, ווײַל זײַן ווערק אַליין איז פאַר דורכשניטלעכע אַר־בעטער איינפאַך אומפאַרשטענדלעך. נאָך איידער מאָסט האָט פאַרלאָזט די תפיסה פון צוויקוי, האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון שעמניץ באַשלאָסן אים מער נישט אַרײַנצולאָזן אין דער שטאָט, און אַזוי האָט זיך געענדיקט זײַן ערשטע זשורנאַליס־

טישע טעטיקייט אַלס רעדאַקטאָר פון אַ סאָציאַליסטישער צײַטונג. אָבער אָט די טעטיקייט איז נישט אויף לאַנג איבערגעריסן געוואָרן, ווײַל די מײַנצער סאָציאַ־ליסטן האָבן דעם מוטיקן קעמפער אויפגעפאָדערט איבערצונעמען די רעדאַקציע פון זייער צײַטונג, די „זיעד־דײַטשע פאָלקס־שטימע". און פון דאָס נײַ האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערע, אומדערמידלעכע אַרבעט פאַר דעם סאָציאַליסטישן אַגיטאַ־טאָר און די רעזולטאַטן זײַנען געווען די זעלביקע.

דעם 3טן יאַנואַר 1874 איז מאָסט געוויילט געוואָרן פון די שעמניצער אַרבע־טער אַלס דעפּוטאַט פאַרן דײַטשן פּאַרלאַמענט. עס איז דאָ נויטיק צו באַמערקן, אַז דער פּאַרלאַמענטאַריזם האָט דאַן נאָך נישט פאַרנומען די גאַנצע טעטיקייט פון די דײַטשע אַרבעטער. אין אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע שריפטן און רעדעס איז דאַן דערקלערט געוואָרן, אַז די סאָציאַלע פראַגע קאָן און וועט קיין מאָל נישט געלייזט ווערן אין פּאַרלאַמענט, און דער באַשלוס פון אַלע קאָנגרעסן איז געווען, אַז די וואַלן זײַנען נישט מער ווי אַן אַגיטאַציע־מיטל, און אַז פאָרטרעטער פון די אַרבע־טער דאַרפן נישט נעמען קיין אָנטייל אין דער געזעצגעבונג, נאָר זיי זאָלן אויסנוצן יעדע געלעגנהייט צו שטעמפּלען די הײַנטיקע געזעלשאַפט. מאָסט איז אַלזאָ באַלד אין אָנהייב נישט געווען קיין גרויסער אָנהענגער פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט, נאָר די שוואַכע האָפענונגען, וועלכע ער האָט אפשר יאָ נאָך געהאַט אין אָט דער באַציִונג, זײַנען איין מאָל פאַר אַלע מאָל פאַרניכטעט געוואָרן, ווען ער האָט ענדלעך געהאַט די מעגלעכקייט פערזענלעך באַקאַנט צו ווערן מיט דעם אייגנטלעכן כאַראַקטער פון דעם פּאַרלאַמענטאַריזם. דער טרוקענער געשעפטס־גײַסט, די לאַנגווײַליקע פּוסטקייט פון די מייסטע פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרהאַנדלונ־גען, די אַבסאָלוטע גלײַכגילטיקייט פון די אַזוי גערופענע פאָלקס־פאָרטרעטער, דאָס אַלץ האָט אויף מאָסטן געמאַכט אַן אָפּשטויסנדיקן אײַנדרוק, ער האָט געפילט, אַז די אַרבעטער האָבן פון אָט דער זײַט קיין זאַך נישט צו דערוואַרטן, און דערפאַר האָט ער זיך נישט אויסגעצייכנט אַלס געשיקטער פּאַרלאַמענטאַריער. זײַן פּלאַץ איז שטענדיק געווען צווישן די מאַסן, אויף די גרויסע פאַרזאַמלונגען, אין דעם פּראָ־לעטאַרישן לאַגער, ווײַל ער אַליין איז שטענדיק געווען אַן אָרעמער מאַן, אַ פּראָלע־טאַריער אין פולן זין פון וואָרט. אין פאַרלויף פון זײַן פּאַרלאַמענטאַרישן פּעריאָד איז מאָסט געווען רעדאַקטאָר פון דער „בערלינער פרײַע פּרעסע", די וויכטיקסטע צײַטונג, וועלכע די דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט דאַן געהאַט. אין דער זעל־בער צײַט האָט די רעאַקציע געשיקט אירע בעסטע און פעיִקסטע פאָרטרעטער קעגן אים. פּראָפעסאָרן פון דער רוימישער געשיכטע, ווי מאָמסען, פּאָליטישע עקאָ־נאָמיסטן ווי ד"ר וואַגעמאַן, קריסטלעכע פּריסטערס ווי דער הויף־פּריידיקער שטעקער האָבן דעבאַטירט מיט דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלקס־טריבון, אָבער אַלע האָבן זיך געמוזט צוריקציִען, באַזיגט, געשלאָגן, זיי זײַנען געווען אוממעכטיק קעגן דער מעכ־טיקער רעדנער־קראַפט פון יאָהאַן מאָסט.

וואָס מאָסט האָט אויפגעטאָן אין אָט דער צײַט איז כמעט אומבאַגרײַפלעך און דער בעסטער באַווײַז פאַר דעם אײַזערנעם כאַראַקטער פון אָט דעם מאַן. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז מאָסט איז אין גאַנצן געווען זיבן יאָר אין דײַטשלאַנד, פון 1871 ביז 1878, און פון אָט די זיבן יאָר האָט ער פינף יאָר פאַרבראַכט אין תפיסות, דאַן איז עס ווירקלעך אומגלויבלעך, ווי אַזוי ער האָט געקאָנט אויפטאָן

אַזאַ געוואַלטיקע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט. שוין גאָרנישט ריידנדיק פון זײַנע צאָלרײַכע אַגיטאַציע־רײַזעס און זײַן זשורנאַליסטישער טעטיקייט, האָט מאָסט אין אָט דעם פּעריאָד אַרויסגעגעבן אַ היפּשע צאָל פון אויסגעצייכנטע אַגיטאַציע־בראָשורן, פון וועלכע די מייסטע זײַנען געשריבן געוואָרן אין די תפיסות. אויסער זײַן בראָשור „קאַפּיטאַל און אַרבעט“ (אויסצוג פון מאַרקס קאַפּיטאַל) האָט ער נאָך געשריבן די פאָלגנדיקע בראָשורן אין אָט דעם פּעריאָד: „פּראָלעטאַריער לידער־בוך“, אַ זאַמלונג פון רעוואָלוציאָנערע געזאַנגען. אין אָט דער זאַמלונג געפינען זיך אויך זײַנע אייגענע לידער און צווישן זיי דאָס באַקאַנטע ליד „די אַרבײַטס־מענער“, וועלכעס איז נאָך הײַנט צו טאָג דאָס פּאָפּולערסטע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־ליד אין דײַטשלאַנד. „די פּאַריזער קאָמונע פאַרן בערלינער געריכט“. אָט די בראָשור אַנטהאַלט אַ רעדע פון מאָסט איבער דער פּאַריזער קאָמונע, צוליב וועלכער מען האָט אים אָנגעקלאָגט און פאַרמשפּט. פאַרן געריכט האָט ער נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט זײַן גאַנצע רעדע און שפּעטער האָט ער פאַרעפנטלעכט דעם סטענאָגראַפישן באַריכט פון דער געריכט־פאַרהאַנדלונג. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מאָסט אַליין איז פאַרמשפּט געוואָרן, אָבער זײַן רעדע איז אומעטום פאַרשפּרייט געוואָרן, ווײַל די פּאָליציי האָט נישט געהאַט קיין געזעצלעכע רעכט צו אונטערדריקן דעם באַריכט פון אַ געריכט־פאַרהאַנדלונג. „דער קליינבירגער און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“, „די לייזונג פון דער סאָציאַלער פראַגע“, „די באַסטיליע בײַם פּלעצענזע“; אין אָט דער בראָשור האָט ער באַשריבן זײַנע טרויעריקע איבערלעבענישן אין איינעם פון די ערגסטע דײַטשע תפיסות. „די סאָציאַלע באַוועגונג אין דעם אַלטן רוים און דער צעזאַריזם“. אָט די שריפט איז זיכער די באַדײַטנדיקסטע, וועלכע מאָסט האָט פאַרעפנטלעכט אין אָט דעם פּעריאָד, כאָטש זי איז צום מייסטן קריטיקירט געוואָרן.

דעם 11טן מײַ 1878 האָט העדעל געשאָסן אויף דעם דײַטשן קייזער, אָבער די קויל האָט נישט געטראָפן איר ציל. ביסמאַרק און די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען האָבן באַלד דערקלערט, אַז די סאָציאַליסטן זײַנען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָט דעם טאַט און מען האָט געפאָדערט אַן אויסנאַם־געזעץ קעגן אָט די געפערלעכע פײַנד פון דער געזעצלעכער אָרדענונג. דער רײַכסטאָג האָט אָבער אָט דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן, ווײַל קיינער האָט נישט געגלייבט אין דער ערנסטקייט פון דעם אַטענטאַט. העדעל איז געשטאָרבן אויפן עשאַפאָט, אָבער דעם 2טן יוני, דרײַ וואָכן נאָך זײַן טאַט, האָט ד״ר נאָבעלינג צום צווייטן מאָל געשאָסן אויף דעם קייזער און אים פאַרוואונדעט. איצט האָט זיך אָנגעהויבן אין גאַנץ דײַטשלאַנד אַ שרעקלעכע רעאַקציע. אומעטום האָט מען פאַרפאָלגט די סאָציאַליסטן אויף דעם ערגסטן אופן, און מאָסט איז געווען דער יעניקער, וועלכער איז דער ערשטער אַטאַקירט און אַרעסטירט געוואָרן פון דער פּאָליציי. ביסמאַרק האָט אויפגעלייזט דעם רײַכסטאַג און דער נײַער פּאַרלאַמענט האָט אָנגענומען דאָס אַזוי גערופענע אַנטיסאָציאַליסטן־געזעץ. אַלע סאָציאַליסטישע צײַטונגען און שריפטן זײַנען אונטערדריקט געוואָרן, קיין פאַרזאַמלונגען האָבן מער נישט געקאָנט פאָרקומען, אַלע אָרגאַניזאַציעס האָט מען צעשטערט און פאַרניכטעט. ווען מאָסט האָט פאַרלאָזט די תפיסה, האָט מען אים באַלד אַרויסגעשיקט פון בערלין און צענדליקער שפּיאָנען האָבן אַכטונג געגעבן אויף יעדן שריט, וועלכן ער האָט געמאַכט. די איבעריקע פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן אין גאַנצן פאַרלוירן דעם קאָפּ, און קיינער האָט נישט געוווּסט

וואָס צו טאָן. אונטער אָט די אומשטענדן איז מאָסט געקומען צום באַשלוס צו פאַר־לאָזן דײַטשלאַנד, כּדי צו ווירקן פון אויסלאַנד אויף דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער דײַטשער באַוועגונג.

אין מאָנאַט דעצעמבער 1878 איז מאָסט אָנגעקומען קײַן לאָנדאָן אַלס אַן אַרויסגעשטויסענער, אַ פאַרפאָלגטער. אָבער די אײַזערנע ענערגיע פון אָט דעם מאַן איז געווען אומבאַזיגבאַר. דעם 26סטן דעצעמבער האָט מאָסט באַשלאָסן אַרויס־צוגעבן אַ צײַטונג דירעקט פאַר דײַטשלאַנד, הגם כּמעט אַלע לאָנדאָנער גענאָסן זײַנען געווען זייער פּעסימיסטיש צו אָט דער אונטערנעמונג, האָט מאָסט באַלד צו־נויפגעזאַמלט צען פונט, כּדי צו דעקן די הוצאות פאַר דעם ערשטן נומער, און דעם 29סטן דעצעמבער 1878 איז דערשינען דער ערשטער נומער פון דער „פרײַהייט".
די לאַגע פון דער צײַטונג איז באַלד אין אָנהייב געווען אַ פאַרצווייפלטע און ווייניקע האָבן געגלויבט, אַז זי וועט קאָנען עקסיסטירן. צען פונט איז געווען אַ קליינע סומע און אויסער די קאָסטן פון דער צײַטונג האָט מען נאָך געדאַרפט שאַפן פאַר־בינדונגען מיט דײַטשלאַנד און אַ זיכערן גרענעץ איר אַריבערצופירן. מאָסט האָט באַזיגט אַלע שוועריקייטן. קיין מוטער האָט נישט געטאָן אַזוי פיל פאַר איר קינד, ווי מאָסט האָט געטאָן פאַר זײַן „איינציקע טאָכטער", די „פרײַהייט". דאָס דערשײַנען פון דער צײַטונג האָט אין דײַטשלאַנד אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקע אויפרעגונג. די רעאַקציאָנערן האָבן געשאָטן מיט פעך און פײַער אויף דעם מוטיקן רעבעל, וועלכער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט ביסמאַרקן געגעבן דעם ריכטיקן ענטפער אויף זײַן שענדלעכן געזעץ. אָבער אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירערס זײַנען געווען העכסט אומצופרידן מיט דעם דערשײַנען פון דער „פרײַהייט". ליעבקנעכט האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו שטערן די פאַרשפרייטונג פון דער צײַטונג, כאָטש זי איז צוערשט געווען ריין סאָציאַל־דעמאָקראַטיש. עס איז אומ־מעגלעך איבערצוגעבן אַלע פאַרלוימדונגען, מיט וועלכע מען האָט דאַן פאַרזוכט צו באַקעמפן יאָהאַן מאָסטן און זײַן צײַטונג. עס פאַרשטייט זיך, אַז די „פרײַהייט" איז אין דײַטשלאַנד באַלד פאַרבאָטן געוואָרן. אָבער מאָסט האָט דער פּאָליציי גע־מאַכט פיל אַרבעט. ער האָט דער צײַטונג שטענדיק געגעבן נײַע נעמען, ווי צב"ש: „ביסמאַרק", „לעמאַן" (קײַזער ווילהעלם) אאַז"וו און די רעגירונג איז געצוווּנגען געווען יעדעס בלאַט באַזונדער צו פאַרבאָטן; נאָר צולעצט האָט מען אײַנפאַך באַ־שלאָסן, אַז אַלע צײַטונגען און שריפטן, וועלכע קומען פון לאָנדאָן, וואָס פאַר אַ נאָמען זיי זאָלן נישט האָבן, זײַנען פאַרבאָטן. אונטער אָט די אומשטענדן איז דער קאַמף, וועלכן די צײַטונג האָט געדאַרפט אָנפירן פאַר איר עקסיסטענץ, געוואָרן אַלץ ביטערער און געפערלעכער, הויפּטזאַכלעך דאַן, ווען די פירערס פון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן געגרינדעט אַ קאָנקורענץ־בלאַט, דעם „סאָ־ציאַל־דעמאָקראַט", וועלכע איז דערשינען אין ציריך, כּדי צו ברעכן דעם אײַנפלוס פון מאָסטס רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. אין 1880 האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע פירערס פאַררופן אַ געהיימען קאָנגרעס אין ראָרשאַך, אין דער שווייץ, אויף אויסצושליסן יאָהאַן מאָסטן פון דער פּאַרטיי. אָבער ווען מאָסט איז פּלוצלינג דער־שינען פאַרן קאָנגרעס, האָבן אָט די נאָבעלע גײַסטער פּלוצלינג אָפּגעלייגט דעם קאָנגרעס אויף אַ שפּעטערדיקער צײַט. שפּעטער איז אָט דער קאָנגרעס אויך פאַר־געקומען איז שלאָס ווידען, און מאָסט און האַסעלמאַן זײַנען אויסגעשלאָסן געוואָרן

פון דער פּאַרטיי. אין דער שווייץ האָט זיך מאָסט באַקענט מיט אויגוסט רײַנסדאָרף, איינער פון די וווּנדערבאַרסטע געשטאַלטן אין דער אייראָפּעיִשער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכער האָט געענדיקט זײַן לעבן אויף דעם עשאַפֿאָט פֿאַר זײַנע אַנאַרכיסטישע איבערצײַגונגען. רײַנסדאָרף האָט זייער שטאַרק געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון מאָסטן צום אַנאַרכיזם און זײַן שפּעטערדיקע פרײַנדשאַפֿט מיט וויקטאָר דאַווו, אַ בעלגישער אַנאַרכיסט און פרײַנד פון באַקונינען, האָט אים נאָך מער באַקאַנט געמאַכט מיט דער אַנאַרכיסטישער וועלט־אָנשויונג. די „פרײַהייט" האָט פון דאַן אָן באַקומען אַ ריין אַנאַרכיסטישן כאַראַקטער, אין טעאָרעטישער באַציִונג איז דאָס זיכער געווען אַ גרויסער פּאָרשריט, אָבער דערפֿאַר זײַנען די מאַטעריעלע שוועריקייטן געוואָרן נאָך ערגער ווי פריִער. די דײַטשע רעגירונג האָט די צײַטונג פאַרפאָלגט מיט אַלע מיטלען, אָבער מאָסט און זײַנע פרײַנד האָבן שטענדיק אויסגעקלערט נײַע פּלענער ווי אַזוי דאָס פאַרהאַסטע בלאַט אַריבערצוגנבענען די גרענעץ. מען האָט די „פרײַהייט" פאַרפּאַקט אין באַמבוס־שטעקנס, אין סאַרדינקאַסטנס אאַז"וו. און וואָס פאָרזיכטיקער די פּאָליציי איז געוואָרן, אַלץ שאַרפזיניקער זײַנען געוואָרן די רעוואָלוציאָנערן. איינער פון די געטרײַסטע און איבערגעגעבנסטע פרײַנד, וועלכע האָבן מאָסטן אונטערגעשטיצט אין אָט דער שווערער צײַט, איז געווען יאָהאַן נעווע, אַ ריינער און אײדעלער כאַראַקטער, פול מיט מוט און אַנטשלאָסנקייט, וועלכער האָט געאָפּפערט לײַב און לעבן פאַר זײַנע איבערצײַגונגען. אָט דער זעלטענער מאַן איז געווען דער אייגנטלעכער עקספּעדיטאָר פון דער „פרײַהייט". ער האָט די צײַטונג אַריבערגעגנבעט די דײַטשע גרענעץ און געזאָרגט פאַר איר פאַרשפּרייטונג. אָבער צולעצט איז ער אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער דײַטשער פּאָליציי און פאַרמשפּט געוואָרן צו פופצן יאָר תּפיסה. נעווע איז משוגע געוואָרן אין דער געפענקעניש און לסוף געשטאָרבן, אײַנגעשמידט אין קייטן ווי איינער פון די אײדלסטע מאַרטיריער פאַר דער אַלגעמיינער באַפרײַונג.

דעם 13טן מערץ 1881 איז אַלעקסאַנדער דער צווייטער געטויט געוואָרן פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן. אָט דער טאַט האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקע אויפרעגונג אין אַלע לענדער, און מאָסט האָט געשריבן אין דער „פרײַהייט" איינעם פון זײַנע באַקאַנטע לײַדנשאַפטלעכע אַרטיקלען, כדי צו פאַרערלעכן די גיגאַנטישע טאַט. די רעאַקציאָנערע פּרעסע איז באַלד אָנגעפאַלן אויף מאָסטן מיט דעם ביטערסטן האַס און די דײַטשע און רוסישע רעגירונגען האָבן געפאָדערט דורך זייערע פאַרטרעטער אין לאָנדאָן די באַשטראָפונג פון דעם פאַרהאַסטן רעבעל, כדי צו אונטערדריקן די „פרײַהייט". דעם 23סטן מערץ איז מאָסט אַרעסטירט געוואָרן; אין דער זעלביקער צײַט האָט מען אויך צוגענומען די גאַנצע דרוקערײַ און ליטעראַטור פון דער „פרײַהייט". נאָך אַ לאַנגווײַליקער געריכט־קאָמעדיע איז מאָסט פאַרמשפּט געוואָרן צו זעכצן חדשים תּפיסה. וואָס דער מוטיקער רעבעל האָט זיך אויסגעליטן אין אָט דער צײַט איז כמעט אומבאַגרײַפלעך. דער שרעקלעכער מיטלאַלטערלעכער גײַסט, וועלכער עקסיסטירט נאָך הײַנט צו טאָג אין די ענגלישע געפענקענישן, די עקלהאַפטע נערונג און די שענדלעכע באַהאַנדלונג זײַנען כמעט אומדערטרעגלעך פאַר אַ פרײַען און שטאָלצן כאַראַקטער, און ווען מען שטעלט זיך נאָך פאָר, אַז מאָסט האָט פאַרבראַכט די גאַנצע צײַט איינער אַליין, נישט האָבנדיק קיין אַנדער ליטעראַטור ווי די ביבל, קען מען באַגרײַפן וואָס דאָס מיינט. און

אַפילו אין אַט דעם פּעריאָד איז דער אומדערמידלעכער טעטיק געווען פאַר זיינע אידעאַלן. מיט אומגעהייערע שוועריקייטן האָט ער צײַטווײַז אויסגעפּילט גאַנצע נומערן פון דער „פרײַהייט". אַלס פּעדער האָט ער באַנוצט אַ נאָדל, אַרומגעוויקלט מיט אַ פאָדעם, טינט האָט ער אַליין געמאַכט, אַרונטערקראַצנדיק דעם קאַלך פון די ווענט, וועלכן ער האָט אויסגעמישט מיט וואַסער. אין די אונטן פלעגט ער זיך אויסציִען אויף דער ערד, דירעקט לעבן דער טיר, כדי מען זאָל אים נישט איבער־ראַשן, און אַט אויף אַזאַ אופן האָט ער געשריבן זײַנע מאַנוסקריפּטן, וועלכע מען האָט שפּעטער אַרויסגעגנבעט פון תפיסה.

ווען די רעאַקציאָנערן האָבן געזען, אַז די „פרײַהייט" גייט רויק ווײַטער אָן מיט איר אַרבעט, טראָץ מאָסטס פאַרמשפּט זײַן, האָט עס זיי געפערלעך פאַרדראָסן און זיי האָבן מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט אַ געלעגנהייט איר אין גאַנצן צו אונ־טערדריקן. דעם 6טן מײַ 1882 האָבן די איִרישע רעוואָלוציאָנערן דערמאָרדעט קאַוועגדיש און בורק, די ביידע העכסטע ענגלישע באַאַמטע אין דובלין. די „פרײַ־הײַט" האָט אויסגעדריקט איר סימפּאַטיע מיט דעם דאָזיקן טאַט, און באַלד איז די ענגלישע פּאָליציי צום צווייטן מאָל איבערגעפאַלן די דרוקערײַ און צוגענומען אַלצ־דינג, און ווײַל עס איז נישט געווען קיין רעדאַקטאָר, האָט מען אַרעסטירט די צווי זעצערס מערטען און שווועלם און דעם ערשטן פאַרמשפּט צו דרײַ און דעם אַנדערן צו אַכצן חדשים תפיסה. אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָט זיך נאַטירלעך מער נישט געפונען קיין זעצערס און דרוקערס, וועלכע האָבן געוואָלט ריזיקירן אַרויסצו־געבן די צײַטונג. אַ גוטע אילוסטראַציע פון דער באַרימטער ענגלישער פּרעסע־פרײַהייט! אַ גליק וואָס די דײַטשע אַנאַרכיסטן אין דער שווייץ האָבן זיך אָנגענומען פאַר דער צײַטונג, וועלכע איז דאָן דערשינען אין פאַרשיידענע שווייצאַרישע שטעט, ביז וואַנען מאָסט האָט פאַרלאָזט די תפיסה.

ווען מאָסט איז אַרויס פון געפענקעניש און האָט געזען, אַז ער קאָן קיין זאַך נישט טאָן אין לאָנדאָן, האָט ער אָנגענומען אַן אײַנלאַדונג אויף אַ טור איבער די פאַראייניקטע שטאַטן. זינט אַט דער צײַט (1882) איז די „פרײַהייט" אומאונטער־געבראָכן דערשינען אין אַמעריקע. עס איז דעמאָלט געווען אַ מערקווירדיקער פּע־ריאָד אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ געוואַלטיקע אַגיטאַציע פאַר דעם גענעראַל־שטרײַק האָט אויפגעוועקט די אַמעריקאַנער אַרבעטער, און כדי צו געבן דער באַוועגונג אַ פּאַקטישן אויסדרוק, האָט מען געפאָדערט דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג פאַר אַלע אַרבעטער אין אַמעריקע. צו אַט דעם צוועק האָבן די אַרבעטער זיך צוגעגרייט צו אַ גרויסער מאַסנשטרײַק־באַוועגונג אויפן 1טן מײַ 1886. עס פאַרשטייט זיך, אַז די אַנאַרכיסטן האָבן גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין אַט דער באַוועגונג, הויפּטזאַכלעך אין טשיקאַגאָ. אָבער מאָסט האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די קאַפּיטאַליסטן וועלן זיך אויך צוגרייטן צום קאַמף און דערפאַר האָט ער אומעטום אויפגעפאָדערט די אַרבעטער, דורך וואָרט און שריפט, זיי זאָלן זיך באַוואָפענען פאַר דעם קומענדיקן שטורעם. דעם 23סטן אַפּריל האָט מאָסט געדעדט פאַר אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרק, וועלכע האָט זיך באַשעפטיקט מיט אַט דער פראַגע. אָבער דער הערשנדיקער קלאַס האָט גוט באַגריפן די געפאַר פון אַט דער אַגיטאַציע און זי האָט אַליין געבראָכן די אַזוי גערופענע קאָנסטיטוציאָ־נעלע בירגער־רעכט, כדי צו פאַרניכטן דעם פײַנט. מאָסט און נאָך צוויי אַנאַרכיסטן,

שענק און ברוינשווייג, זיינען אַרעסטירט און פאַרמשפּט געוואָרן, מאָסט צו איין יאָר, די אַנדערע צוויי צו ניין חדשים תפיסה. אין דער זעלבער צייט האָט די קאָרומפּירטע פּרעסע דערפינדן די ערגסטע סקאַנדאַל־געשיכטעס, כדי אַרויסצורופן די אַזוי געררופענע עפנטלעכע מיינונג קעגן מאָסטן און זיינע פריינד. וואָס מאָסט האָט זיך אויסגעליטן אין אָט דעם שרעקלעכן פעריאָד פון זיין פאַרמשפּט זיין, האָט ער אונדז דערציילט אין זיין בראָשור „דער גיהנום פון בלעקוועלס איילאַנד". די בורזשואַזיע האָט געגומען נקמה פון דעם מאַן, וועלכן זי האָט אַזוי טיף פאַרהאַסט, און וועלכער איז איצט געווען אַן אומבאַשיצטער קרבן פון זיינע פייניקערס. מען האָט אים באַהאַנדלט ווי דעם ערגסטן פאַרברעכער, און ווען ער האָט פּראָטעסטירט קעגן אָט דער דערנידעריקונג און דערקלערט, אַז ער איז אַ פּאָליטישער פאַרברעכער, האָט מען אים געענטפערט: „אַמעריקע איז אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, דעריבער איז די באַהאַנדלונג פאַר אַלע גלייך"! אָבער אַפילו אין אָט דער שרעקלעכער צייט איז מאָסט ליטעראַריש געווען טעטיק פאַר זיין צייטונג.

דעם 1טן אַפּריל 1887 האָט דער אומדערמידלעכער רעבעל פאַרלאָזט די תפיסה. עס איז דאַן געווען די שרעקלעכע צייט נאָך דעם בלוט־אורטייל פון טשיקאַגאָ. די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע איז באַלד אָנגעפאַלן אויף יאָהאַן מאָסטן און געוויסע צייטונגען האָבן דירעקט געפאָדערט, אַז מען דאַרף אים שיקן קיין טשיקאַגאָ, כדי מען זאָל אים הענגען מיט די אַנדערע. מאָסט איז דאַן געווען אין אַ שטענדיקער געפאַר. און אין זיין בראָשור „צווישן תליה און תפיסה" האָט ער אונדז איבערגעגעבן אַלע איינצלהייטן פון זיין דעמאָלטדיקן צושטאַנד.

דעם 12טן נאָוועמבער 1887, דאָס הייסט, איין טאָג נאָך דער דערמאָרדונג פון די פינף טשיקאַגער אַנאַרכיסטן, האָט מאָסט גערעדט וועגן אָט דעם יוסטיץ־מאָרד אויף אַ קליינער פאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרק. אָבער אויפן אַנדערן טאָג האָט די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע געבראַכט אַ סענסאַציאָנעלן און אַבסאָלוט פאַלשן באַריכט איבער דער דאָזיקער רעדע. מאָסט האָט עפנטלעך פּראָטעסטירט, אָבער קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן, און דעם 5טן דעצעמבער פון דעם זעלביקן יאָר האָט מען אים ווייטער פאַרמשפּט צו איין יאָר תפיסה. טויזנטער אַנדערע מענטשן וואָלטן זיכער אונטערגעגאַנגען אונטער די דאָזיקע שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען, נאָר מאָסט האָט געטראָגן זיין ביטערן שיקזאַל מיט אַ העלדישן מוט, מיט אַן אומבאַזיגבאַרער אַנטשלאָסנקייט. קיין זאַך איז נישט אומשטאַנד געווען צו ברעכן אָט דעם אייזערנעם כאַראַקטער. און בעת אַלע אָט די פאַרפאָלגונגען איז מאָסט אומדערמידלעך טעטיק געווען פאַר דער באַוועגונג. אויסער די פריִער דערמאָנטע שריפטן האָט ער נאָך אַרויסגעגעבן: „טאַקטיק קעגן דער פרייהייט" און די „גאָט־מגפה". ביידע בראָשורן זיינען נאָך דערשינען אין לאָנדאָן. אין אַמעריקע האָט ער געשריבן די פאָלגנדיקע שריפטן: „די פרייע געזעלשאַפט", „די רעוואָלוציאָנערע קריגס־וויסנשאַפט", „אויגוסט ריינסדאָרף און די פּראָפּאַגאַנדע פון טאַט", „צום פּראָלעטאַריאַט", „דער גיהנום פון בלעקוועלס איילאַנד", „שטאַמט דער מענטש אָפּ פון מאַלפּעס?" „צווישן תליה און תפיסה", „די אַנאַרכיע", „שטורעם־פייגל" (רעוואָלוציאָנערע פּאָעזיע), „וויוו לאַ קאָמין", „דער שטים־קאַסטן", „דער קאָמוניסטישער אַנאַרכיזם", „דער נאַרן־טורעם" „אונדזער שטעלונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג",

„אַכט יאָר אונטער שלאָס און ריגל", „נידער מיט די אַנאַרכיסטן" (אין ענגליש) און די „מעמואַרן".

אַט די אַלע שריפטן זײַנען געשריבן אין אַן אָריגינעלער שפּראַך ווי די „פרײַהייט", ווײַל מאָסט איז געווען איינער פון די באַדײַטנדיקסטע שפּראַך־קינסט־לער און סטיליסט אין דער דײַטשער ליטעראַטור, וועלכער האָט אַליין דערפינדן אַ גרויסע צאָל נײַע, העכסט אָריגינעלע ווערטער. די „פרײַהייט" איז געווען איינע פון די מערקווירדיקסטע צײַטונגען אין דער גאַנצער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור. עס איז געווען די שפּראַך פון עלנטע און אונטערדריקטע, אין וועלכער מאָסט האָט גערעדט און געשריבן, אַ שפּראַך, רײַך אין האַס, רײַך אין ליבע, וועלכע האָט שטענדיק געפונען דעם ריכטיקן אויסדרוק פאַר די געפילן און באַדערפענישן פון דער ברייטער מאַסע. די „פרײַהייט" איז געווען דער צווייטער איך פון יאָהאַן מאָסט, זײַן בײַסנדיקער הומאָר, זײַן ביטערע סאַטירע, זײַן שטורמישע באַגײַסטערונג, דאָס אַלץ האָט געפונען אַן אויסדרוק אין אָט דער מערקווירדיקער צײַטונג. עס איז אמת, אַז צאַרט איז דער אַלטער קיין מאָל נישט געווען; פּערציק יאָר איז ער גע־שטאַנען אין שטורעם און פײַער אַלס פּיאָנער פון דער קומענדיקער רעוואָלוציע און אין אַזאַ לעבן פאַרגעסט מען ביסלעכווײַז די ווייכע און צאַרטע שטימונג. אָבער ער איז געווען אַ מאַן, אַ מאַן אין פולן זין פון וואָרט, אַ ווילדע, לײַדנשאַפטלעכע רעבעלן־נאַטור, וועלכער איז קיין מאָל נישט מיד געוואָרן צו קעמפן.

אַלס אַלטער מאַן מיט ווײַסע האָר האָט מאָסט נאָך אַ מאָל געמוזט דורכלײַדן די ביטערע יסורים פון געפענקעניש. אין דעם זעלביקן טאָג, ווען טשאָלגאָסטש האָט דערשאָסן מאַקינלי, האָט מאָסט פאַרעפנטלעכט אין דער „פרײַהייט" אַן אַרטיקל פון דעם דײַטשן רעוואָלוציאָנער קאַרל הײַנצען, „מאָרד קעגן מאָרד", וועלכער איז שוין דערשינען מיט פופציק יאָר פריִער. אָבער דער כעס פון דער רעאַקציע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר דעם אַלטן מאַן, וועלכער איז אַזוי ביטער פאַרהאַסט געווען בײַ אַלע אונטערדריקער און טיראַנען. מאָסט איז פאַראורטיילט געוואָרן פון דאָס נײַ צו איין יאָר תפיסה און ער האָט איבערגעטראָגן זײַן תפיסה־שטראָף מיט דער זעלבער אַנטשלאָסנקייט און קראַפט ווי שטענדיק. מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו פײַערן דעם 25־יאָריקן געבוירנטאָג פון זײַן „אייג־ציקער טאָכטער". ביז צום לעצטן מאָמענט פון זײַן לעבן איז ער טעטיק געווען פאַר זײַנע אידעאַלן און איבערצײַגונגען, ביז וואַנען דער טויט האָט ענדלעך אָפּגע־שלאָסן אָט דאָס שטורעמדיקע רעבעלן־לעבן.

מאָסט איז געווען דער דאַנטאָן פון דער אַנאַרכיע. נישט אין זײַנע ווערק, נאָר אין זײַן לעבן, אַ לעבן אַזוי רײַך אין קאַמף און פאַרפאָלגונג, ליגט זײַן אייגנט־לעכע באַדײַטונג. די אַרבעטער האָבן פאַרלוירן איינעם פון זייערע בעסטע פרײַנד. ער איז געווען דער אָנקלאָגער, וועלכער האָט מיט דונערנדיקע ווערטער געשטעמפּלט די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג פון אונדזער צײַט און די שקלאַפישע פּחדנות פון די פעלקער. אָט דער וווּנדערלעכער מאַן איז פלוצלינג געשטאָרבן, אָבער זײַן הערלעכער נאָמען וועט קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן אין דעם העלדן־בוך פון דער געשיכטע.

1906

# מיכאַיל באַקונין אַלס סאָציאַל־פּאָליטישער שריפטשטעלער

(צום דרייסיקסטן יאָרצייט)

## I

גרויסע דענקערס און שריפטשטעלערס אורטיילט מען געוויינטלעך נאָך זייערע ווערק, און ס'רוב איז אָט דער צוגאַנג מער אָדער ווייניקער ריכטיק, ווײַל אין זייערע שריפטן קאָנצענטרירט זיך דער גאַנצער צוועק און די טעטיקייט פון זייער לעבן. אָבער ווען מיר וואָלטן אָפּגעמאָסטן די סאָציאַלע און היסטאָרישע באַדײַטונג פון מיכאַיל באַקונין מיט דעם זעלביקן מאָסשטאַב, וואָלטן מיר זיכער באַקומען אַ פֿאַלשע און נישט פולע פאָרשטעלונג פון זײַן געוואַלטיקער פערזענלעכקייט. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז זײַנע שריפטן האָבן נישט קיין באַזונדערן ווערט, און אַז זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט האָט נישט געהאַט קיין גרויסע באַדײַטונג. אין קעגנטייל, פיל פון זײַנע שריפטן באַלאַנגען צו די בעסטע און גלענצנדיקסטע דערשײַנונגען, וועלכע די סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט פּראָדוצירט, ווי צב"ש זײַן וווּנדערבאַרע ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונג „די רעאַקציע אין דײַטשלאַנד", זײַן אויסגעצייכנטע פּאָלעמישע שריפט „די פּאָליטישע טעאָלאָגיע פון מאַדזיני און דער אינטערנאַציאָנאַל"; זײַן בוך „שטאַט און אַנאַרכיע" און די איינצלנע פראַגמענטן, וועלכע זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון זײַן לעצטן ווערק „דאָס קנוטאָ־גערמאַנישע קײַזער־רײַך און די סאָציאַלע רעוואָלוציע". אָט־די אַלע שריפטן זײַנען פול מיט לעבן און מיט טיפע פילאָסאָפישע געדאַנקען, וועלכע וועלן קיין מאָל נישט פאַרלירן זייער אורשפּרינגלעכן ווערט.

מיר דאַרפן קיין מאָל נישט פאַרגעסן, אַז באַקונין איז פריִער פון אַלץ געווען אַ מאַן פון טאַט, אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, אַ רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַטאָר. זײַן גאַנץ לעבן איז געווען אַ שטענדיקער אומאונטערגעבראָכענער קאַמף קעגן דער רעאַקציע אין אַלע אירע פאָרמען, און אָט־דער שטורעמדיקער, לײַדנשאַפטלעכער כאַראַקטער פון זײַן לעבן האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין אַלע זײַנע שריפטן. דאָס איז אויך די סיבה פאַר וואָס מיר געפינען נישט אין באַקונינס ווערק דעם „געלערנטן טאָן" און

די לאַנגווײַליקע דיאַלעקטיק, מיט וועלכע מיר באַגעגענען זיך מייסטנטיילס אין דער ליטעראַטור פון דעם אַזוי גערופענעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם", וועלכער איז אין דער ווירקלעכקייט נישט אַנדערש ווי אַ גראַנדיעזע זאַמלונג פון מעטאַפיזיש־עקאָנאָמישע פאָרשטעלונגען און באַגריפן. אין באַקונינס שריפטן געפינען מיר אָנ־מעטום דעם גלײַענדיקן הויך פונעם לעבן, אַפילו דאָרטן, ווו מיר פילן דײַטלעך בײַ אים דעם אײַנפלוס פון העגעלס דיאַלעקטישן מעטאָד. די מייסטע, אויב נישט אַלע זײַנע שריפטן, האָבן אַ שאַרפן פּאָלעמיש־קריטישן כאַראַקטער און זײַנען מייסטנטיילס אַנטשטאַנען דורך נויטווענדיקייט פון דעם מאָמענט. אין באַקונינס ריזיקער קאָרעספּאָנדענץ מיט דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער וועלט, געפינען מיר די אייגנטלעכע אַנטשטייונג פון זײַנע מייסטע שריפטן. אָפט מאָל האָט ער געוואָלט שרײַבן אַ בריוו צו אַ פרײַנד, כדי אים צו דערקלערן זײַן פּערזענלעכע מיינונג אי־בער אַ געוויסער פראַגע; אָבער פון דעם בריוו איז געוואָרן אַ בראָשור, אַ בוך. זײַן טיפע פילאָסאָפישע אויפפאַסונג פון דער מענטשלעכער געשיכטע און זײַנע מערק־ווירדיקע פעיִקייטן צו אַנטוויקלען יעדן געדאַנק ביז די לעצטע קאָנסעקווענצן זײַנען געווען די סיבה פון אָט־דער אויסערגעוויינטלעכער דערשײַנונג. די מייסטע פון זײַנע שריפטן זײַנען נישט געענדיקט, עס זײַנען פראַגמענטן, וועלכע זײַנען אַנטשטאַנען דורך דער נויטווענדיקייט פונעם לעבן. און ווען זײַנע פרײַנד האָבן אים פאָרגעוואָרפן דעם פראַגמענטאַרישן כאַראַקטער פון זײַנע ליטעראַרישע אַר־בעטן, האָט ער זיי געענטפערט מיט די ווערטער: „וואָס ווילט איר פון מיר, מײַן גאַנץ לעבן איז אַליין אויך אַ פראַגמענט!" זײַן אומדערמידלעכע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון גאַנץ אייראָפּע האָט אים כמעט קיין מאָל נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו ענדיקן אַ גרעסערע ליטעראַרישע אַרבעט, און שפּעטער איז זײַן גײַסט תמיד ווידער פאַרנומען געווען פון נײַע אידייען און געדאַנקען.

ווען מען טראַכט איבער, אַז באַקונין פלעגט דורכשניטלעך שרײַבן צוואַנציק ביז דרײַסיק בריוו אַ טאָג, פון וועלכע די מייסטע זײַנען געווען מער ווי געוויינט־לעכע קאָרעספּאָנדענצן, דעמאָלט ווערט מען צום בעסטן באַגרײַפן, פאַר וואָס די מייסטע פון זײַנע שריפטן זײַנען געבליבן נישט געענדיקט. קאַרלאָ קאַפּיעראָ און עליזע רעקלו, אין זייער פאָררעדע צו „גאָט און דער שטאַט", האָבן זייער ריכטיק באַמערקט:

> „אָט די בריוו דערקלערן אַלעמען די וווּנדערבאַרע טעטיקייט פון באַ־קונין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון אונדזער יאָרהונדערט. זייַנע רוסישע, דייטשע, איטאַליענישע און פראַנצויזישע שריפטן, ווי וויכטיק און נוצלעך זיי זייַנען נישט געווען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זיי־נען זיי אָבער דאָך נאָר דער קלענסטער טייל פון באַקונינס טעטיקייט".

אָבער דאָך געפינען מיר עטוואָס אין באַקונינס שריפטן, וואָס ווערט אונדז שטענדיק צוציִען פון דאָס נײַ: עס איז די לעבעדיקע קראַפט פון זײַנע ווערטער, די טיפע אינערלעכע איבערצײַגונג, וועלכע קלינגט אַרויס פון יעדער שורה זייער אינספּירירנדיקן, היפּנאָטישן אײַנפלוס אויף אונדזערע געדאַנקען און די קלאָ־רע, אײַזערנע לאָגיק, וועלכע שרעקט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום קאָנסעקווענצן. אָט דער סוגעסטיווער אײַנפלוס פון באַקונינס מעכטיקער פּערזענלעכקייט האָט

אַפּילו אינספּירירט דעם שאַפונגס־אינסטינקט פון אַנדערע גרויסע דענקער און קינסטלער. אַזוי איז באַקונינס אײַנפלוס געווען אַנטשיידנדיק פאַר דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג פון דעם גרויסן רוסישן קריטיקער ביעלינסקי, וועל־כער האָט אים געשריבן אין אַ בריוו: „איר זײַט געווען מײַן אינטעלעקטועלער פּאַטער!“ אויך איז באַקאַנט, וואָס פאַר אַן אײַנפלוס באַקונין האָט געהאַט אויף ריי־כאַרד וואַגנער און אויף זײַן געוואַלטיקן קונסט־ווערק „דער רינג דער ניבעלונגען“, אין וועלכן באַקונין ווערט פאַרגעשטעלט אין דער געשטאַלט פון זיגפריד, ווי דער טיפּ, וועלכער קען נישט דאָס געפיל פון שרעק און מורא. *).

קראָפּאָטקין האָט צום בעסטן כאַראַקטעריזירט די באַדײַטונג פון באַקונינס ליטעראַרישע ירושה, ווען ער זאָגט:

> „זיינע שריפטן אַנטהאַלטן נישט קיין פאַרטיקע רעצעפּטן פאַר דער פאַר־ליטישער קיך. די וואָס דערוואַרטן צו געפינען אין אַ בוך די לייזונג פון אַלע זייערע צווייפלען, פאַרשפאַרנדיק אַליין נאָכצודענקען דעריבער, וועלכן דאָס נישט געפינען אין באַקונינס ווערק. אָבער אויב איר זייט פעיק אַליין צו דענקען, אויב איר זייט געוווינט צו קוקן אויף אַ בוך ווי אויף מאַטעריאַל, וואָס דאַרף איבערגעקלערט און דורכגעטראַכט ווערן מיט אייער אייגענעם קאָפּ — אַקוראַט ווי אַ געשפּרעך מיט אַן אינטעליגענטן מענטשן, וועלכער דערוועקט אין אייך אייער אייגענעם פאַרשטאַנד — דאַן וועט די מאַסע פון באַקונינס אָפט מאָל אומרעגלמעסיקע און אָפט מאָל ליכטיקע און בריליאַנ־טענע געגעראַציעס אייך מער העלפן אין אייער רעוואָלוציאָנערער אַנטוויק־לונג, איידער גאַנצע בערג פון אוניווערסיטעט־ און שטאַטס־סאָציאַליסטישע אָפּהאַנדלונגען, אין וועלכע די אָפּוועזנהייט פון טיף דורכגעטראַכטע אידייען פאַרלירט זיך אונטער אַ בעפלדיקער דיאַלעקטיק“.

*****

די ערשטע ליטעראַרישע אַרבעטן פון באַקונינען זײַנען ווייניק אינטערעסאַנט פאַר אונדז. זײַן ערשטע אַרבעט איז געווען אַ רוסישע איבערזעצונג פון פיכטעס „אייניקע פאָרלעזונגען איבער די באַשטימונגען פון דעם געלערנטן“, וועלכע איז אין 1836 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער רוסישער צײַטשריפט „טעלעסקאָפּ“. אין 1835 איז באַקונין פערזענלעך באַקאַנט געוואָרן מיט דעם ליטעראַרישן צירקל פון סטאַנקעוויטש, וועלכער האָט אים פאַראינטערעסירט מיט די שריפטן פון די דײַ־טשע פילאָסאָפן קאַנט און פיכטע. אין 1837 האָט זיך באַקונין באַקענט מיט העגעלס פילאָסאָפיע, וועלכע האָט אין אָט־דעם פעריאָד געהאַט אַ געוואַלטיקן אײַנפלוס אויף דער גאַנצער געבילדעטער און אינטעליגענטער וועלט. דער דיאַלעקטישער מעטאָד פון העגעלן האָט געמאַכט אַ טיפן אײַנדרוק אויף באַקונינען און ער און זײַנע פרײַנד זײַנען געוואָרן באַגײַסטערטע העגעליאַנער. אין 1838 האָט באַקונין פאַרעפנטלעכט אין דעם „מאָסקאָווסקי נאַבליודאַטעל“ אַן איבערזעצונג פון העגעלס „גימנאַזיאַל־רעדעס“ מיט אַ לענגערער פאָררעדע, אין וועלכער ער האָט געפּרוווט באַווײַזן די ריכטיקייט פון העגעלס זאַץ, דאָס אַלץ וואָס עקסיסטירט איז פאַרנונפטיק, דערפאַר ווײַל עס עקסיסטירט“. דער דאָזיקער רעאַקציאָנערער גע־

---

(*) *Bernard Shaw*: The perfect Wagnerite.

דאַנק האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין זײַן אַרטיקל „איבער דער פילאָסאָפיע", וועלכער איז דערשינען אין 1840 אין דער צײַטשריפט „אָטעטשעסטווענאָ זאַ־פיסקי", אָבער איז נישט געענדיקט געוואָרן.

אין די דאָזיקע אַלע אַרטיקלען באַשעפטיקט זיך באַקונין נישט מער מיט דער פּראַקטישערווירקלעכקייט פון לעבן, ער פאַרלירט זיך פולשטענדיק אין אַבסטראַק־טע און מעטאַפיזישע שפּעקולאַציעס און פאַרטיידיקט די ערגסטע רעאַקציאָנערע אידייען און פאַרשטעלונגען, פונקט ווי ביעלינסקי און זײַנע אַלע אַנדערע פרײַנד אין יענעם פעריאָד.

אין 1839 איז באַקונין באַקאַנט געוואָרן מיט אַלעקסאַנדער הערצען, וועלכער איז דעמאָלט געווען איינער פון די וויניקע געבילדעטע רוסן, וועלכע זײַנען נישט באַאײַנפלוסט געוואָרן פון העגעלס רעאַקציאָנערער מעטאַפיזיק. הערצענס קרײַז האָט שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט דעם פראַנצויזישן סאָציאַליזם, הויפּטזאַכלעך מיט די אידעען פון שאַרל פוריע, און מיט אַטעיִסטישע און רעפּובליקאַנישע אַנשויונגען. צווישן הערצען און די מאָסקווער העגעליאַנער זײַנען פאָרגעקומען שטורמישע דיס־קוסיעס. ביידע פאַרטייען זײַנען פאַרבליבן מיט זייערע מיינונגען, אָבער הערצען אַליין דערציילט אונדז, אַז אויף באַקונינען האָבן די דאָזיקע דעבאַטן דאָך געמאַכט אַ געוויסן אײַנדרוק.

אין 1840 האָט באַקונין פאַרלאָזן רוסלאַנד און איז אַוועק קײַן בערלין, כדי דאָרט צו באַזוכן, צוזאַמען מיט טורגעניעוון, די פאָרלעזונגען פון דעם פּראָפעסאָר ווערדער איבער העגעלס פילאָסאָפיע. אין בערלין האָט באַקונין דורכגעמאַכט אַ גײַ־סטיקע געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג. עס איז דעמאָלט געווען די צײַט, ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף צווישן די „אַלט־העגעליאַנער" און די „יונג־העגעליאַנער". צו ערשט איז דער קאַמף נאָר פאָרגעקומען אויף דעם רעליגיעזן געביט. לודוויג פײַערבאַך און דאַוויד שטרויס האָבן באַקעמפט די אַלטע לערעס פון דער קריסט־לעכער קירכע, בעת די „אַלט־העגעליאַנער" האָבן פאַרטיידיקט די אַלטע לערעס און דאָגמעס מיט דער גרעסטער ענערגיע. אָבער באַלד האָט זיך דער קאַמף אויך איבערגעטראָגן אויפן פּאָליטישן און סאָציאַלן געביט. די אַלט־העגעליאַנער זײַנען געווען די פאָרטרעטער פון דער רעאַקציע אויף אַלע געביטן פון דעם געזעלשאַפט־לעכן לעבן, בעת די יונג־העגעליאַנער האָבן פאַרטיידיקט דעם פּאָליטישן ראַדיקאַ־ליזם און נײַע רעוואָלוציאָנערע אַנשויונגען. באַקונין האָט זיך באַלד אָנגעשלאָסן אין דער יונג־העגעליאַנער ריכטונג. עס איז הויפּטזאַכלעך געווען לודוויג פײַער־באַך, וועמענס דעפיניציע פון דער גאָט־אידייע האָט אויף אים געמאַכט דעם טיפסטן אײַנדרוק; און עס איז באַקאַנט, אַז באַקונין האָט שפּעטער געפּרוווט אַנאַליזירן די שטאַט־אידייע אויף דעם זעלבן אופן.

אין אָנהייב פון די 40ער יאָרן האָט דער דײַטשער פילאָסאָף שעלינג אַנט־וויקלט זײַן רעאַקציאָנערן סיסטעם אין דער אוניווערסיטעט אין בערלין. באַקונין האָט באַזוכט זײַנע פאָרלעזונגען, און אין 1842 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַנאָנים אַ ביטערע קריטיק קעגן שעלינגס רעאַקציאָנערע אידייען אונטער דעם טיטל: „Schelling und die Offenbarung, Kritik des neusten Reaktionsversuches gegen die freie Philosophie" (שעלינג און די אַנטפּלעקונג, אַ קריטיק קעגן דעם נײַסטן רעאַקציאָנערן פאַרזוך קעגן דער פרײַער פילאָסאָפיע). אין דער דאָזיקער

שריפט פאַרטיידיקט באַקונין פײַערבאַכן און די יונג־העגעליאַנער קעגן דער רע־
אַקציאָנערער קריטיק פון שעלינג. די שריפט באַהאַנדלט נאָך אויסשליסלעך פילאָ־
סאָפישע פּראָבלעמען, אָבער צום סוף ווײַזט זיך דײַטלעך אַרויס דער רעוואָלוציאָ־
נערער באַקונין, וועלכער איז גרייט ענדלעך צו פאַרלאָזן דעם געביט פון דער אַב־
סטראַקטער שפּעקולאַציע און זיך צו באַשעפטיקן מיט דער פּראַקטישער ווירקלעכ־
קייט פון לעבן. דער סוף איז זייער כאַראַקטעריסטיש, ווײַל אין אים שפּיגלט זיך
אָפּ די גאַנצע רעבעלישע לײַדנשאַפט פון דעם יונגן באַקונין.

„די אידייע, דאָס זעלבסט־באַוווסטזיין פון דער מענטשהייט, איז ווי דער
וווּנדערבאַרער פויגל פעניקס, וועלכער בויט זיך פון דעם טייערסטן, וואָס
עס גיט אויף דער וועלט, דעם מזבח, כדי זיך ווידער אויפצוהייבן יונג און
פריש פון די פלאַמען, וועלכע פאַרניכטן אַן אַלטע צייט. לאָמיר אַלזאָ אַוועק־
לייגן אויף אָט־דעם מזבח דאָס ליבסטע און טייערסטע אונדזערס, אַלץ, וואָס עס
איז געווען גרויס און הייליק פאַר אונדז, איידער מיר האָבן זיך באַפרייט!
קיין ליבע, קיין געווינס, קיין רייכטום זאָל נישט זיין צו טייער פאַר אונדז,
אַז מיר זאָלן זיי נישט אַוועקגעבן מיט פריילעכע הערצער פאַר דער אידייע,
ווייל זי וועט אונדז אומקערן אַלץ כפל כפלים. לאָמיר קעמפן און בלוטיקן,
לאָמיר דעם פיינט מוטיק אַרייַנקוקן אין די צאָרנדיקע אויגן און אויסהאַלטן
ביזן סוף! זעט איר ווי אונדזערע פאָנען פלאַטערן אויף די שפּיצן פון די
בערג! זעט איר, ווי עס בליצן די שווערדן פון אונדזערע חברים! זיי קומען,
זיי קומען פון אַלע טאָלן, פון אַלע בערג לאָזן זיי זיך אַראָפּ מיט געזאַנג
און טרומפייטן־שאַל! דער טאָג פון דער גרויסער אַנטשיידונג, די פעלקער־
שלאַכט איז נישט מער ווייט, און דער זיג איז אונדזערער!"

מיט אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער האָט באַקונין פאַרעפנטלעכט אין די
„Deutsche Jahrbuecher" (דײַטשע יאָר־ביכער) פון אַרנאָלד רוגע, די ראַדי־
קאַלסטע צײַטשריפט, וועלכע האָט דעמאָלט עקסיסטירט אין דײַטשלאַנד, און וועלכע
איז צוויי מאָל אונטערדריקט געוואָרן פון דער פּרײַסישער און זאַקסישער רעגירונג,
זײַן באַרימטע אָפּהאַנדלונג: „Die Reaktion in Deutschland, Fragment
eines Franzosen" V. Jules Elizard. (די רעאַקציע אין דײַטשלאַנד, אַ פראַג־
מענט פון אַ פראַנצויז). אָט־די אַרבעט האָט געמאַכט אַ געוואַלטיקן אײַנדרוק אויף
דער גאַנצער געבילדעטער וועלט אין דײַטשלאַנד. עס איז געווען די אָפענע קריגס־
דערקלערונג פון דער רעוואָלוציע קעגן אַלע רעאַקציאָנערע שטרעבונגען, און אין
דער זעלבער צײַט איינע פון די ערשטע סאָציאַליסטישע פּובליקאַציעס אין דײַטש־
לאַנד. באַקונין ווײַזט זיך אונדז דאָ צום ערשטן מאָל ווי אַן אַנאַרכיסט. מיט שנײַ־
דנדיקע ווערטער באַקעמפט ער יעדן קאָמפּראָמיס מיט דער אַלטער וועלט און
דריקט אויס זײַן פאַראַכטונג קעגן אַלע צווישן־פּאַרטייען און פאַרמיטלער. פאַר אים
זײַנען פאַראַן נאָר צוויי ריכטונגען, וועלכע האָבן אַ באַדײַטונג: די פּרינציפּיעל
רעאַקציאָנערע ריכטונג, די „וועלכע מען רופט אין דער פּאָליטיק קאָנסערוואַטיזם,
אין דער רעכט־וויסנשאַפט די היסטאָרישע שולע און אין דער שפּעקולאַטיווער
וויסנשאַפט די פּאָזיטיווע פילאָסאָפיע"!*) און פון דער צווייטער זײַט, די רעוואָלו־

*) עס איז נויטווענדיק צו באַמערקן, אַז באַקונין פאַרשטייט נישט אונטער דעם דאָס
פּאָזיטיוויסטישע סיסטעם פון אויגוסט קאָמט, נייערט די ריין קאָנסערוואַטיווע שולע אין
דער פילאָסאָפיע.

ציאָנערע ריכטונג, וועלכע נעגירט אַלע טראַדיציאָנעלע פאָרמען פון דער פאַרגאַנ־גענהייט, אַלע מאָראַלישע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון דער אַלטער וועלט, וועלכע שאַפט, דערפאַר וואָס זי צעשטערט, יענע ריכטונג, וועלכע האָט געפונען איר אויסדרוק אין דעם פּאַראָל פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט", יענע דריי גרויסע ווערטער פון אַ נייער צייט, וועלכע פאַרקערפּערן אין זיך די אַבסאָלוטע פאַרניכטונג פון דער גאַנ־צער עקסיסטירנדיקער סאָציאַלער און פּאָליטישער וועלט". די דאָזיקע גלענצנדיקע אָפּהאַנדלונג ענדיקט זיך מיט די ליידנשאַפטלעכע ווערטער:

„דאָס פאָלק, דער אָרעמער קלאַס, וועלכער בילדעט די מאַיאָריטעט פון דער מענטשהייט, דער זעלביקער קלאַס, וועמענס רעכט מען האָט שוין לאַנג אָנערקענט אין דער טעאָריע, וועלכער איז אָבער פּראַקטיש פאַראור־טיילט געוואָרן צו שקלאַפעריי דורך די אומשטענדן, אונטער וועלכע ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן און דורך זיין באַזיצלאָזיקייט; אָט־דער קלאַס הייבט איצט אָן צו פאַרשטיין זיין לאַגע און די קראַפט, וועלכע ער באַזיצט. זיי ציילן איבער די קליינע צאָל פון זייערע פיינט און גרייטן זיך צו צו דער שעה פון אָנטשיידונג. אַלע מענטשן זייגען דורכגעדרונגען פון טונ־קעלע, געהיימניספולע דערוואַרטונגען און קוקן מיט שרעקעדיקע אויגן אויף דער צוקונפט!

„אָ, די לופט איז שטיקנדיק און פול מיט שטורעם און געוויטער. דער־פאַר רופן מיר צו אונדזערע פאַרבלענדטע ברידער: טוט תשובה! טוט תשובה! ווייל די צייט איז שוין נישט ווייט! צו די פּאָזיטיוויסטן זאָגן מיר: עפנט אויף אייערע גייסטיקע אויגן, זאָלן די געשטאָרבענע אַליין באַגראָבן זייערע טויטע, און איבערצייגט זיך ענדלעך, אַז דער גייסט, דער אייביק יונגער, דער אייביק ניי־געבוירענער גייסט, קען נישט וווּנען אין צעפאַלענע רואינען... לאָמיר זיך בכן פאַרלאָזן אויף דעם אייביקן גייסט, וועלכער צע־שטערט און פאַרניכטעט נאָר דערפאַר, ווייל ער איז דער טיפער, אייביק שאַפנדיקער קוואַל פון לעבן. דער גייסט פון צעשטערונג איז אַ שאַפנדיקער גייסט!"

עס איז היינט כמעט אומבאַגרייפלעך, ווי אַזוי די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג האָט געקענט דורכגיין די צענזור אין דער צייט פון דער „הייליקער אַליאַנץ", און עס איז פאַראַן נאָר איין דערקלערונג — די אומוויסנקייט פון דעם צענזאָר. באַקונין האָט זיין ליטעראַרישע אַרבעט פאַרעפנטלעכט אונטער דעם פּסעוודאָנים זשיל עליזאַר. ווי גרויס דער איינדרוק איז געווען, וועלכע באַקונינס אָפּהאַנדלונג האָט געמאַכט אויף דער גאַנצער ליטעראַרישער וועלט, באַווייזן די ווערטער, וועלכע אַלעקסאַנדער הערצען האָט דעמאָלט אַנגעשריבן אין זיין טאָגבוך (הערצען האָט צו ערשט נישט געוווּסט, ווער עס איז דער אייגנטלעכער אויטאָר): „אַן אויסגעצייכנטער, קינסטלערישער אויפזאַץ, אינטערעסאַנט און מערקווירדיק פון אָנהייב ביזן סוף. ווען די פראַנצויזן וועלן זיך נעמען צו דער אַרבעט און פּאָפּולאַריזירן די דייטשע וויסנשאַפט, דעמאָלט וועט זיך אָנהייבן דער גרויסער פּעריאָד פון דער טאַט".

אין 1843 איז באַקונין מיט דעם דייטשן דיכטער הערוועג, איינעם פון זיינע אינטימסטע פריינד, אַוועק קיין ציריך. אין דער שווייץ האָט ער זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט דעם דייטשן קאָמוניסט ווילהעלם ווייטלינג און זיינע אָנהענגער. די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, הגם ער

איז נישט אײַנשטימיק געווען מיט די פֿאַרשיידענע סיסטעמען פֿון דעם אויטאָריטעטן קאָמוניזם, דערפֿאַר וואָס זיי זײַנען נישט געווען אין אײַנקלאַנג מיט זײַן נאַטירלעכן פֿרײַהייט־אינסטינקט. אָבער ער האָט באַגריפֿן די גרויסע היסטאָרישע באַדײַטונג פֿון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, און פֿון דעמאָלט אָן הייבט זיך אָן זײַן פּראַקטישע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. אין אַ בריוו צו א. רוגע, וועלכער איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין די „דײַטש־פֿראַנצויזישע יאָר־ביכער" (1844) ווײַזט זיך דײַטלעך אַרויס זײַן רעבעלישע באַגײַסטערונג און זײַן אינטערעס פֿאַר פּראַקטישער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. דעם 2טן, 6טן און 13טן יוני 1843 האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַנאָנים עטלעכע אַרטיקלען איבער דעם קאָמוניזם אין דעם „שווייצאַרישן רעפּובליקאַנער" אין ציריך. אָבער זײַן דעמאָלטיקע טעטיקייט איז באַלד איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם אַרעסט פֿון דעם דײַטשן קאָמוניסט ווילהעלם ווייטלינג, בײַ וועלכן די פּאָליציי האָט אויך געפֿונען פֿאַרשיידענע דאָקומענטן, דורך וועלכע באַקונין איז שטאַרק קאָמפּראָמיטירט געוואָרן. אין פֿעברואַר 1844 האָט באַקונין געמוזט פֿאַרלאָזן די שווייץ און ער איז אַוועק קײַן בריסל און שפּעטער קײַן פּאַריז. פֿון 1844 ביז צום אויסברוך פֿון דער פּאַריזער פֿעברואַר־רעוואָלוציע האָט באַקונין פֿאַרעפֿנטלעכט עטלעכע פֿײַערדיקע אַרטיקלען אין דער פּאַריזער צײַטונג „La Reforme" און אַ בריוו אין דעם „Constitutionel" איבער די פֿאַרברעכנס פֿון דעם רוסישן צאַריזם. אין דער זעלביקער צײַט האָט ער געשריבן אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג אין דער פֿראַנצויזישער שפּראַך איבער די „יסודות און אַנטוויקלונג פֿון פֿײַערבאַכס אידייען", וועלכע איז אָבער קיין מאָל נישט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן.

דער רעוואָלוציאָנערער פֿעלקער־שטורעם פֿון 1848 און 1849 האָט באַקונינען געגעבן די מעגלעכקייט פֿאַר דער עפֿנטלעכער מאַניפֿעסטאַציע פֿון זײַנע פּראַקטישע רעוואָלוציאָנערע פֿעיִקייטן און אינסטינקטן. ער איז געווען איינער פֿון די ווייניקע מענער אין יענער שטורעמדיקער עפּאָכע, וועלכע האָבן באַגריפֿן די גרויסע באַדײַטונג פֿון דעם מאָמענט, און די נויטווענדיקייט צוזאַמענצושליסן אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין גאַנץ אייראָפּע קעגן דער רעאַקציע. באַקונין האָט אויך פֿאַרשטאַנען, אַז איינע פֿון די ערשטע באַדינגונגען פֿאַר דעם דערפֿאָלג פֿון דער רעוואָלוציע איז די פֿאַרשפּרייטונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין די סלאַווישע לענדער און הויפּטזאַכלעך אין רוסלאַנד, כּדי צו ברעכן די שטאַרקסטע פֿעסטונג פֿון דער אייראָפּעיִשער רעאַקציע. אין דעם זין האָט ער געשריבן זײַן „אויפֿרוף צו די סלאַוון", וועלכער איז דערשינען אין 1848 אין קעטען. די דאָזיקע בראָשור האָט הײַנט נאָר אַ היסטאָרישע באַדײַטונג, אָבער טראָץ דעם איז אינטערעסאַנט צו פֿאַרגלײַכן באַקונינס אָנשויונגען וועגן דער סלאַווישער פֿראַגע מיט די לעכערלעכע און אַבסורדע פֿאַרלוימדונגען פֿון קאַרל מאַרקס, וועלכער האָט באַקונינען פֿאָרגעשטעלט ווי אַ פּאַנסלאַוויסטישן רעאַקציאָנער, וועלכער פֿאַרהאַסט און פֿאַראַכטעט אַלע גערמאַנישע פֿעלקער און הויפּטזאַכלעך די דײַטשן *). אייניקע אויסצוגן פֿון דעם „אויפֿרוף צו די סלאַוון", וועלכע בילדן די קווינט־

---

*) *Karl Marx,* L'alliance de la democratie socialiste et l'association internationale des travailleurs.

עסענץ פון באַקונינס אַנשויונגען אין דער דאָזיקער פראַגע, וועלן אונדז באַווײַזן דעם מאַראַלישן ווערט פון מאַרקס באַהויפּטונג:

> **„ברידער, האָט נישט קיין צוטרוי צו דיפּלאָמאַטישע קונצן! זיי האָבן פּוילן רויִנירט, און זיי וועלן אײַך אויך רויִנירן... אָט די פּאָליטיק וועלכע מיר פאַרדאַמען און פאַרשעלטן, איז נישט די פּאָליטיק פונעם דייטשן פאָלק, פון דער דייטשער רעוואָלוציע, פון דער דייטשער דעמאָקראַטיע, ניין, עס איז די פּאָליטיק פון דעם אַלטן שטאַט, די פּאָליטיק פון די אַזוי־גערופענע קעניגלעכע רעכט, די פּאָליטיק פון די אַריסטאָקראַטן און אַלע פּריווילעגירטע קלאַסן... עס איז די הייליקע פליכט פון אונדז אַלעמען, פון אַלע רעוואָלוציאָנערע קעמפער, פון די דעמאָקראַטן פון אַלע לענדער, צו פאַראייניקן אונדזערע אַלע קרעפטן, כדי צו באַקעמפן און באַזיגן די פײַנט פון אונדזער געמיינשאַפטלעכער פרייהייט... די רעוואָלוציע מוז צעשטערן אַלע דעספּאָטישע שטאַטן פון אייראָפּע, פּרייסן, עסטרײַך, רוסלאַנד, טערקיי, און איר לעצטער ציל איז די פעדעראַציע פון די אייראָפּעישע רעפּובליקן... און אין דעם זעלביקן אויפרוף דערקלערט באַקונין ווערטלעך: „דעם דייטשן פאָלק זאָלט איר געבן די האַנט, אָבער נישט די דעספּאָטן פון דייטשלאַנד".**

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די זעלביקע באַשולדיקונג, וועלכע מאַרקס האָט פאַרגעוואָרפן באַקונינען, טרעפט אים אַליין, ווײַל ער איז שטענדיק געווען אַ פאַנאַטישער רוסן־פרעסער, הויפּטזאַכלעך אין דעם רעוואָלוציאָנערן פעריאָד פון 1848. דאָס באַווײַזט זײַן אַבסורדע שטעלונג אין דער „נײַער רײַנישער צײַטונג", וועלכע ער האָט דעמאָלט רעדאַקטירט. אין דער דאָזיקער צײַטונג האָט ער געפּריידיקט דעם האַס צו די סלאַווישע פעלקער ווי אַ רעוואָלוציאָנערע פליכט. מאַרקס שרײַבט ווערטלעך אין דער אויבן דערמאָנטער צײַטונג:

> „עס איז אוממעגלעך, אַז אַ סלאַוויש רייך זאָל קענען עקסיסטירן, דערפאַר וואָס די סלאַוון האָבן קיין מאָל נישט געהאַט קיין רעוואָלוציאָנערע געשיכטע; זיי זײַנען שטענדיק געווען דאָס ווערקצייג פון דער קאָנטררעוואָלוציע און די אונטערדריקער פון אַלע רעוואָלוציאָנערע באַציִעס. נאָר די פּאָליאַקן זײַנען אַן אויסנאַם, אַ פּאָליאַק און אַ רעוואָלוציאָנער איז איינס און דאָס זעלבע. די איבעריקע סלאַווישע פעלקער האָבן קיין בעסערע זאַך נישט פּראָדוצירט ווי די אולטראַ־רעאַקציאָנערע אידייע פון דעם פּאַנסלאַוויזם... דערפאַר איז דער האַס קעגן די רוסן די ערשטע רעוואָלוציאָנערע ליידנשאַפט פון די דייטשן, און זינט דער רעוואָלוציע איז נאָך דערצו געקומען דער האַס קעגן די טשעכן און קראָאַטן. די דייטשן מוזן אָנווענדן די טעראָריסטישע מיטלען קעגן די סלאַווישע פעלקער, אויף צו ראַטעווען די רעוואָלוציאָנערע זאַך. קאַמף, קאַמף, אומדערמידלעכער קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן די סלאַוון, וועלכע פאַרראַטן די רעוואָלוציע; קאַמף און פאַרניכטונג, אומדערבאַרעמדיקער טעראָריזם קעגן זיי, נישט פאַר די אינטערעסן פון דייטשלאַנד, נאָר פאַר די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע".

אָט־די דאָזיקע ווערטער זײַנען דאָך זיכער נישט עפּעס אַנדערש ווי ברוטאַלסטער שאָוויניזם, וועלכער זוכט זיך צו באַהאַלטן אונטער אַ רעוואָלוציאָנערן מאַנטל. און טראָץ דעם חזרן די מאַרקסיסטן נאָך הײַנט איבער די לעכערלעכע באַהויפּטונג פון מאַרקסן, אַז באַקונין איז געווען אַ רעאַקציאָנערער פּאַנסלאַוויסט. נאָך אין 1904 איז דערשינען אַ בוך פון אַ דײַטשן סאָציאַל־דעמאָקראַט איבער דער געשיכטע

פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ *), אין וועלכן מיר געפינען אַן איבערחזרונג פון אַלע די נידעריקע ליגנס און פעלשונגען, מיט וועלכע מאַרקס און ענגעלס האָבן זיך באַנוצט, אויף צו באַקעמפן דעם רעוואָלוציאָנערן איינפלוס פון באַקונינען אויף דער אייראָפּעישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ווי ווייט באַקונין איז שוין אין יענער צייט געווען פון אַלע שאָוויניסטישע פאָרשטעלונגען און ווי קלאָר און טיף עס זיינען געווען זיינע אינערלעכסטע איבערצייגונגען שוין אין דעם שטורעם־פעריאָד פון 1848, ווען אַלע זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער אוטאָפּיע, באַווייזט אַ בריוו פון אים, וועלכן ער האָט געשריבן אין 1848 צו דעם באַקאַנטן דייטשן פרייהייט־דיכטער געאָרג הערוועג, איינעם פון זיינע אינטימסטע פריינד. אין דעם דאָזיקן בריוו לייענען מיר די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע ווערטער:

„....איך אינטערעסיר זיך נישט שטאַרק מיט די פאַרלאַמענטאַרישע דעבאַטן. די צייט פון דעם פאַרלאַמענטאַרישן לעבן און די קאָנסטיטוציאָנעלע קערפּערשאַפטן איז אַריבער. און אויב מיר וועלן זיין אויפריכטיק און ערלעך צו זיך אַליין, מוזן מיר אַליין צוגעבן, אַז מיר האָבן נישט מער קיין אינטערעס פאַר די דאָזיקע אַלטע טויטע פאָרמען. איך גלייב נישט מער אין קאָנסטיטוציעס און געזעצן, אַפילו די בעסטע קאָנסטיטוציע וואָלט מיך נישט געקענט באַפרידיקן. מיר דאַרפן עפּעס אַנדערש — שטורעם און לעבן און אַ נייע, געזעצלאָזע און דערפאַר אַ פרייע וועלט!“

**
*

דער „אויפרוף צו די סלאַוון“ איז געווען באַקונינס לעצטע ליטעראַרישע אַרבעט פאַר אַ לאַנגער צייט. אין דער נאַכט פונעם 9טן אויפן 10טן מיי 1849 האָט מען אים אַרעסטירט אין פרייבערג. צוויי מאָל איז ער צום טויט פאַראורטיילט געוואָרן, אין פרייסן און אין עסטרייך און צו לעצט האָט מען אים איבערגעגעבן צו דער רוסישער רעגירונג. ערשט נאָך אַ צוועלף־יעריקער שרעקלעכער תפיסה איז אים געלונגען זיך צו באַפרייען און צוריק אָנטיילצונעמען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אייראָפּע מיט דער גאַנצער ליידנשאַפטלעכקייט פון זיין פייערדיקן טעמפּעראַמענט. זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אין אָט דעם צווייטן און וויכטיקסטן פעריאָד פון זיין שטורעמדיקן לעבן, וועלן מיר באַהאַנדלען באַזונדער.

## II

נאָך צוועלף יאָר זיצן אין תפיסה, האָט זיך באַקונינען אין 1861 ענדלעך איינגעגעבן צו אַנטלויפן. עס איז געווען נישט לאַנג נאָך דעם טויט פון ניקאָליי דעם 1טן, און די גאַנצע אינטעליגענטע רוסישע וועלט האָט געקוקט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן מיט דער גרעסטער האָפענונג, דערוואַרטנדיק פון אים ראַדיקאַלע און אַנטשיידנדיקע רעפאָרמעס אין דעם רוסישן שטאַטס־לעבן. אַלעקסאַנדער הערצען און אָגאַרעוו האָבן דעמאָלט אַרויסגעגעבן אין לאָנדאָן דעם „קאָלאָקאָל“ און דער

(*) *Gustav Jaeckh*, Die Internationale, Leipzig 1904.

קלאַנג פון זייערע ווערטער האָט זיך געהערט אין דער גאַנצער רוסישער אינטע־ליגענטער וועלט און האָט אַפילו מער אָדער ווייניקער באַאײַנפלוסט די קאָנסער־וואַטיווע עלעמענטן.

אין אָט דעם פּעריאָד איז באַקונין געקומען קײַן לאָנדאָן, און הגם זײַנע אידייען זײַנען געווען צו פאַרשיידן פון הערצענס אָנשויונגען, אַז זיי זאָלן ביידע קענען צו־זאַמען אַרבעטן, האָט באַקונין דאָך געטאָן וואָס ער האָט געקענט צו פאַראייניקן אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן קעגן דעם געמיינשאַפטלעכן פײַנט. זײַן „אויפרוף צו די רוסישע, פּוילישע און אַלע סלאַווישע פרײַנד", וועלכער איז דערשינען אין מאַנאַט פעברואַר 1862 אין „קאָלאָקאָל", און זײַן בראָשור „די פאָלקס־זאַך, ראָמאַ־נאָוו, פּוגאַטשאָוו אָדער פעסטעל?" וועלכע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, זײַנען צוגעפּאַסט געווען צו די מאָמענטאַנע אומשטענדן און האָבן אָנגעגעבן די פּאַקטישע מעטאָדן, וועלכע די צײַט האָט געפאָדערט. די דאָזיקע ביידע דאָקומענטן פון באַקונינס טעטיקייט אַלס סאָציאַל־פּאָליטישער שריפטשטעלער האָבן הײַנט נאָך אַ היסטאָרישן ווערט. זיי האָבן זיך נישט באַשעפטיקט מיט דער אויס־אַרבעטונג פון באַשטימטע פּרינציפּן, נײַערט אויסשליסלעך מיט טאַקטישע פראַגן, וועלכע זײַנען אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער מערקווירדיקער פּאָליטישער לאַגע אין רוסלאַנד און דער אויסטערלישער ראָל, וועלכע אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט דעמאָלט געשפּילט. אָבער וואָס מער אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט זיך איבערגעגעבן צו דער רעאַקציע, אַלץ מער האָבן אָט די טאַקטישע באַטראַכטונגען, וועלכע דער מאָמענט האָט אַרויסגערופן, פאַרלוירן זייער אורשפּרינגלעכע באַדײַ־טונג. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז באַקונין האָט באַלד פאַרשטאַנען דעם גאַנצן שווינדל פון דער אָפּשאַפונג פון דער רוסישער לײַב־אייגנשאַפט דורך אַלעק־סאַנדער דעם צווייטן, און בעת הערצען און אָגאַרעוו האָבן נאָך אַלץ געהאָפט אויף ווײַטערע רעפאָרמעס, האָט באַקונין גאַנץ דײַטלעך געזען, אַז דער צאַריזם וועט קיין מאָל נישט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד. די דאָזיקע שטימונג האָט געפונען אַ וווּנדער־באַרן אויסדרוק אין זײַן באַרימטן בריוו צו אַלעקסאַנדער הערצען, וועלכן ער האָט געשריבן קורץ נאָך דעם אונטערגאַנג פון דעם פּוילישן אויפשטאַנד (19טן יולי 1866) *).

**
*

נאָך דעם פּוילישן אויפשטאַנד איז באַקונין אַוועק קײַן איטאַליע, ווו דער רעוואָלוציאָנערער גײַסט פון די מאַסן האָט זיך אין דעם פּעריאָד שטאַרק אַנט־וויקלט אונטער דער מעכטיקער פּראָפּאַגאַנדע פון גאַריבאַלדי און מאַדזיני. אָבער באַקונין האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז דער רעליגיעזער און בורזשואַזער פּאַטריאָטישער גײַסט פון מאַדזיניס אידייען וועט קיין מאָל נישט קענען באַפרידיקן די האָפענונגען פונעם איטאַליענישן פאָלק. דערפאַר האָט ער באַלד געפרוווט שאַפן אַ סאָציאַליס־טיש־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג דורכגעדרונגען מיט אינטערנאַציאָנאַלע אַטעיס־טישע אידייען, און זײַנע פּרוּוון האָבן געפונען אַ גוטן אָפּקלאַנג בײַ די אינטעלי־

---

*) אַ גרויסער אויסצוג פון דעם דאָזיקן בריוו איז דערשינען אין דעם באַקונין־נומער פון „זשערמינאַל", 1905.

געגטערע עלעמענטן פון די גאַריבאַלדינער און מאַדזיניסטן. באַקונין האָט אין דעם פעריאָד פאַרעפנטלעכט אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען איבער טעאָרעטישע און טאַקטישע פראַגן אין דער „ליבערטאַ אי דזשוסטידזיאַ" און אין „פאָפאָלאָ ד'איטאַליאַ". אַ סך מאַנוסקריפטן, וועלכע ער האָט געשריבן אין יענעם פעריאָד באַוויַזן אונדז, אַז ער האָט דעמאָלט געמאַכט דעם ערשטן גרויסן פרווו צו געבן זײַנע פרינציפּיעלע און טעאָרעטישע אָנשויונגען אַ קלאָרן און באַשטימטן אויסדרוק. אָבער אָט־די גײַסטיקע טעטיקייט איז שטענדיק ווידער פון דאָס נײַ איבערגעריסן געוואָרן דורך נײַע רעוואָלוציאָנערע פּרווון און אונטערנעמונגען. דערפאַר זײַנען די מייסטע פון די דאָזיקע מאַנוסקריפּטן קיין מאָל נישט געענדיקט און אַפילו פון די פראַגמענטן זײַנען ביז איצט נאָך ווייניק פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

אין 1868, ווען באַקונין האָט געוווינט אין דער שווייץ, האָט ער זיך ווידער מער באַשעפטיקט מיט דער רוסישער פראַגע. ער האָט דעמאָלט פאַראייניקט אַרום זיך אַ קליינעם קרײַז פון רוסישע אינטעליגענטן, פון וועלכע אייניקע זײַנען אים געבליבן טרײַ דאָס גאַנצע לעבן און האָבן געווירקט און אַגיטירט אין זײַן זין. ווי צב"ש ניקאָלײַ זשוקאָווסקי, איינע פון די אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן, וועלכע די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט ווען עס איז געהאַט. דעם 1טן סעפּטעמבער 1868 איז אַרויס דער ערשטער נומער פון אַ רוסישער צײַטשריפט אונטער דעם נאָמען „נאַראָדנאַיאַ דיעלאָ", וועלכע איז כמעט אין גאַנצן געשריבן געוואָרן פון באַקונינען און זשוקאָווסקין. באַקונין האָט אויך דעמאָלט געהאַט בדעה צו שרײַבן אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג איבער דער „רעוואָלוציאָנערער פראַגע אין רוסלאַנד און פוילן", כדי באַקאַנט צו מאַכן די מערב־אייראָפּעיִשע וועלט מיט די רוסישע פּראָבלעמען און הויפּטזאַכלעך איבער די איינצלהייטן און צוגרייטונגען פון דעם לעצטן פוילישן אויפשטאַנד. אָבער צוליב אַ שפּאַלטונג אין דעם קליינעם קרײַז פון דער רוסישער גרופּע איז די צײַטשריפט אונטערגעגאַנגען און דאָס האָט אויך נישט דערלאָזט צו דער פאַרעפנטלעכונג פון באַקונינס בראָשור איבער דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

**
*

גראָד אין יענעם פעריאָד איז באַקונינס רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט גע־ווען אַן אויסערגעוויינטלעכע. אין דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע פון איי־ראָפּע האָט זיך דעמאָלט מאַניפעסטירט אַ גײַסט פון טעטיקייט און ענערגיע ווי קיין מאָל נישט פריִער און די דאָזיקע טעטיקייט האָט צו לעצט געפונען אַ קאָנ־קרעטן אויסדרוק אין דער גרינדונג פון דעם „בונד פאַר פרידן און פרײַהייט".

וויקטאָר הוגאָ און די גאַנצע יונגע רעפּובליקאַנישע גענעראַציע, גאַריבאַלדי, אַ סך דײַטשע דעמאָקראַטן און צאָלרײַכע „אינטערנאַציאָנאַליסטן" האָבן זיך אָנ־געשלאָסן אין דער פאַראייניקונג און גענומען אַן אָנטייל אין איר טעטיקייט. אין דער זעלבער צײַט האָבן זיך די אַרבעטער פון אייראָפּע אַלץ שטאַרקער פאַראייניקט אין דעם „אינטערנאַציאָנאַל", וואָס האָט זיך אַנטוויקלט מיט אַן איבעראַשנדיקער שנעלקייט אין די פאַרשיידענע לענדער מיט דעם אויסנאַם פון דײַטשלאַנד און עסטרײַך. אין אָט־דער רעוואָלוציאָנערער אַטמאָספער האָט באַקונין געאַרבעט מיט אַ פיבערהאַפטער טעטיקייט. ער האָט גענומען אַן אָנטייל אין דעם קאָנגרעס פון

דעם „בונד פאַר פרידן און פרײַהייט", וועלכער איז פאָרגעקומען אין 1867 אין גענף, און הגם ער האָט פון אָנהייב אָן געפילט, אַז אַ פּערמאַנענטע פאַראייניקונג פון אָט די פאַרשיידענע עלעמענטן וועט זײַן אוממעגלעך, האָט ער אָבער געטאָן דאָס בעסטע צו באַאײַנפלוסן דעם יונגן דור און אים באַקאַנט צו מאַכן מיט זײַנע אייגנטלעכע אידייען און שטרעבונגען. דער קאָנגרעס פון גענף האָט באַקונינען געגעבן דעם אויפטראָג אויסצואַרבעטן די אידייען, וועלכע ער האָט פאַרטראָטן אין זײַנע רעדעס אין אַ גרעסערן ווערק, וואָס האָט געזאָלט דערשיינען אונטער דעם נאָמען „די רעוואָלוציאָנערע פראַגע, פעדעראַליזם, סאָציאַליזם, און אַנטי־טעאָלאָגיזם". אייניקע בויגנס פון דעם ווערק זײַנען אויך געדרוקט געוואָרן, אָבער די ווײַטערדיקע פובליקאַציע איז איבערגעריסן געוואָרן דורך דער שפּאַלטונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אויף דעם קאָנגרעס אין בערן אין 1868. דער מאַנוסקריפּט פון דעם דאָזיקן ווערק איז ערשט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1895 פון ד"ר נעטלוי *). די אַרבעט איז נישט געווען געדרוקט פולשטענדיק און עס איז אומבאַקאַנט צי באַקונין האָט דעם סוף איבערהויפּט געשריבן אָדער צי דער לעצטער טייל פונעם מאַנוסקריפּט איז פאַרלוירן געגאַנגען. אין דעם דאָזיקן ווערק געפינען מיר די גרונטגעדאַנקען פון באַקונינס טעאָרעטישע אָנשויונגען.

באַקונין פאָרשט אין דעם ווערק דעם אורשפּרונג און די אייגנטלעכע באַדײַטונג פון דער אויטאָריטעטער אידייע און אַנאַליזירט די לאָגישע פאָלגן פון דעם מעטאַפיזישן אידעאַליזם. פּונקט ווי פּרודאָן, אַזוי זעט אויך באַקונין אין דער פאָרשטעלונג פון גאָט דעם אייגנטלעכן אורשפּרונג פון אַלע איבלען. פאַר אים איז די גאָט־אידייע די אייגנטלעכע פאַרקערפּערונג פון דעם אויטאָריטעטן פּרינציפּ. זײַן „אַנטי־טעאָלאָגיזם" צילט נישט נאָר קעגן דער געוויינטלעכער טעאָלאָגישער פאָרשטעלונג אויף דעם געביט פון דער רעליגיע, נײַערט קעגן יעדער פאָרעם פון דער אויטאָריטעטער אידייע אויף אַלע געביטן פון דעם סאָציאַלן לעבן. באַקונין באַווײַזט אונדז, אַז די פּאָליטישע טעאָלאָגיע, וועלכע באַטראַכט דעם שטאַט־באַגריף ווי דעם צענטער פון אירע שטרעבונגען, האָט זיך גענומען פון דער זעלביקער קוועלע ווי די טעאָלאָגישע פאָרשטעלונגען אויף דעם געביט פון דער רעליגיע. דער פּאָליטישער איבערגלויבן האָט די זעלביקע וואָרצלען ווי דער רעליגיעזער איבערגלויבן, אַלע מעטאַפיזישע באַגריפן, וועלכע בילדן דעם יסוד פון די פאַרשיידענע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס אין דער געזעלשאַפט, זײַנען אין דער ווירקלעכקייט נישט אַנדערש ווי פאַרשיידענע פאָרמען פון דער גאָט־אידייע. די נעמען זײַנען פאַרשיידן, אָבער דער אינהאַלט איז דער זעלבער. גאָט איז נישט מער ווי אַ מעטאַפיזישע פאָרשטעלונג, אַ פּראָדוקט פון דער מענטשלעכער אײַנבילדונגס־קראַפט. אָבער אָט־די פאָרשטעלונג באַקומט צו לעצט בײַ דעם מענטשן דעם כאַראַקטער פון אַן אַבסאָלוטן אמת, פאַר וועלכן ער איז מקריב זײַן רעאַלע עקסיסטענץ. די גאַנצע געשיכטע פון דער מענטשהייט איז ביז איצט נישט אַנדערש געווען ווי דאָס מקריב זײַן זיך פונעם מענטשן פאַר מעטאַפיזישע פאָרשטעלונגען. די גאַנצע מענטשלעכע אַנטוויקלונג האָט זיך ביז איצט באַוועגט אין אַ קרײַז, צוליב אָט־דער מעטאַפיזישער אויפפאַסונג. אונדזער געשיכטע איז אַ היסטאָריע

(*) Aeuvres de Bakounine, Paris 1895.

פון טויטע געטער, אָבער דער פּלאַץ פון די געשטאָרבענע איז שטענדיק ווידער פאַרנומען געוואָרן פון נייע מעטאַפיזישע פאַרשטעלונגען, וועלכע האָבן אַרויסגע־רופן די זעלביקע רעזולטאַטן.

באַקונינס אַטעיזם האָט נישט די קלענסטע שייכות צו דעם פסיידאָ־אַטעיזם פון אונדזערע בירגערלעכע פרייַדענקער, וועלכער האָט געפונען זיין העכסטן אויס־דרוק אין די פוסטע און אינהאַלטלאָזע טיראַנען פון ראָבערט אינגערסאָל און אַנ־דערע, וועלכע באַשרענקען די אַטעיסטישע אידייע אויסשליסלעך אויפן רעליגיעזן געביט. באַקונין איז אַ ראַדיקאַלער אַטעיסט, און פאַר אים איז דער אַנאַרכיזם אייגנטלעך נישט אַנדערש ווי דער קאָנסעקווענטער אויסדרוק פון דער אַטעיסטי־שער וועלט־אָנשויונג.

באַקונין באַקעמפט גאָט אין אַלע פאָרמען, און דערפאַר איז ער דער גרויסער צעשטערער פון אַלע מאָדערנע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען פאַר אים נישט אַנדערש ווי די קברים פון אַלטע גאָט־פאַרשטעלונגען, וועלכע פאַר־שטעלן דעם וועג פאַר דעם אייגנטלעכן פּראָגרעס. דער אַנאַרכיזם אָדער אַנטי־טעאָלאָגיזם, איז פאַר באַקונינען דער וועג, וועלכער פירט די מענטשהייט צום ערשטן מאָל אַרויס פון דעם מעטאַפיזישן קרייַז, אין וועלכן זי האָט זיך ביז איצט באַוועגט. עס איז דער אָנהייב פון אַ נייַעם פעריאָד אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. דער מענטש באַגרייַפט ענדלעך, אַז די אַלע געטער, וועלכע ער האָט ביז איצט פאַרהייליקט אונטער טויזנטער פאַרשיידענע נעמען אויף אַלע געביטן פונעם סאָציאַלן לעבן, זיינען מער נישט געווען ווי די מער אָדער ווייניקער פולע אָפּשפּיגלונג פון זיין אייגענעם איך. און אָט־די דערקענטעניש וועט זיין דער טויט פון אַלע מעטאַפיזישע פאַרשטעלונגען. דער מענטש וועט מער נישט זיין קיין אוי־טאָמאַט אין די הענט פון אַ העכערער מאַכט, וועלכע זיין אייגענע פאַנטאַזיע האָט באַשאַפן, נאָר דער באַוווסטזיניקער האַר פון זיין אייגענעם שיקזאַל. אָט די אידייען בילדן אייגנטלעך דעם קווינטעסענץ פון דעם לייַדער נישט געענדיקטן ווערק „פעדעראַליזם, סאָציאַליזם און אַנטי־טעאָלאָגיזם". באַקונין האָט שפּעטער נאָך עטלעכע מאָל געפּרוווט קאָנצענטרירן זיינע אָנשויונגען אין אַ גרעסערן ווערק. אָבער אויך די דאָזיקע פּרוּוון זיינען שטענדיק איבערגעריסן געוואָרן דורך זיין אַקטיווער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט און צו לעצט דורך דעם טויט.

***

די צייַט פון 1868 ביז 1872 איז געווען דער אַקטיווסטער פעריאָד פון באַקו־נינס סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין דער אייראָפּעישער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז אין זעלבער צייַט געווען די גלענצנדיקסטע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל". עס פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ צייַט איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט פאַר אַ גרעסערער טעאָרעטישער אַרבעט, און באַקונינס ליטעראַרישע טעטיקייט אין אָט־דעם פעריאָד האָט זיך כמעט אויס־שליסלעך באַשרענקט אויף פּאָפּולערע דערקלערונגען פון זיינע אידייען און פּאָ־לעמישע דיסקוסיעס. אין 1868 האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין באַרימטן בריוו אין דער „דעמאָקראַטיע" (פּאַריז), אין וועלכן ער האָט דערקלערט זיין שטעלונג צו דער פּאָליטישער טעטיקייט, און מיט אייניקע חדשים שפּעטער איז אַרויס זיין באַקאַנטער

„מאַניפעסט צו די שפּאַנישע אַרבעטער". אין 1869 האָט די ראָמאַנישע פעדעראַציע פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" געגרינדעט „די עגאַליטע" אין גענף, וועלכע באַקונין האָט כמעט אין גאַנצן רעדאַקטירט. זײַנע גלענצנדיקע אַרטיקלען־סעריעס „די פאַרשלעפּערערס", „די פּאָליטיק פון דעם אינטערנאַציאָנאַל", „די קאָאָפּעראַציעס" אאַ"וו. וועלכע האָבן זיך הויפּטזאַכלעך געריכטעט קעגן די פאַלשע סאָציאַליסטישע שולן און פּאַרטייען אין יענעם פּעריאָד, זײַנען נאָך הײַנט מײַסטער־ווערק פון זײַן זשורנאַליסטישער טעטיקייט. שפּעטער האָט ער געשריבן צאָלרײַכע אַרטיקלען פאַר דעם „פּראָגרעס" אין לאָקל, וועלכע האָבן זיך מייסטנטייל באַשעפטיקט מיט טאַקטישע פראַגן.

אין דעם זעלביקן פּעריאָד האָט זיך באַקונין אויך ווידער זייער שטאַרק באַשעפטיקט מיט דער פּראָפּאַגאַנדע אין רוסלאַנד, הויפּטזאַכלעך דורך זײַן באַקאַנטשאַפט מיט נעטשאַיעוון. אַ גרויסע צאָל מאַניפעסטן און בראָשורן, וועלכע ער האָט דעמאָלט געשריבן אין רוסיש, ווײַזן אָן די פאָרמען פון זײַן פּראָפּאַגאַנדע. די וויכטיקסטע פון אָט־די שריפטן זײַנען: „אַ פּאָר ווערטער צו די יונגע רוסישע ברידער", „די וויסנשאַפט און די איצטיקע רעוואָלוציאָנערע זאַך", „צו די אָפיצירן פון דער רוסישער אַרמיי", „צו דער רוסישער יוגנט" אאַ"וו. אייניקע פון די דאָזיקע פּובליקאַציעס האָבן די מאַרקסיסטן שפּעטער געגעבן אַ געלעגנהייט צו באַהויפּטן, אַז באַקונין איז געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון יעדער וויסנשאַפטלעכער בילדונג. די דאָזיקע באַהויפּטונג איז, פאַרשטייט זיך, נישט מער ווי אַ לעכערלעכע פאַרלוימדונג. קיין ספק נישט, אַז באַקונין איז שטענדיק געווען אַ קעגנער פון דעם אַזוי גערופענעם וויסנשאַפטלעכן דאָקטרינאַריזם, וועלכער האָט זיך אײַנגערעדט, אַז מ'קען רעגולירן דאָס לעבן נאָך גאַנץ באַשטימטע וויסנשאַפטלעכע געזעצן. ער האָט באַגריפן, אַז דער דאָזיקער וויסנשאַפטלעכער „איבערגלויבן" איז פּונקט אַזוי געפערלעך פאַר דעם אַלגעמיינעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט ווי די אַלטע מעטאַפיזישע פאָרמען פון די רעליגיעס און פון דער ריין שפּעקולאַטיווער פילאָסאָפיע. פאַר אים איז די וויסנשאַפט נאָר געווען אַ מיטל בעסער צו פאַרשטיין די דערשײַנונגען פון לעבן, אָבער קיין מאָל נישט דער אייגנטלעכער צוועק פון לעבן.

אָבער זײַנע מאַניפעסטן צו דער רוסישער יוגנט זײַנען געשריבן געוואָרן אין אַ גאַנץ אויסערגעוויינטלעכן פּעריאָד, ווען די רוסישע רעגירונג האָט אַרויסגעטריבן הונדערטער און הונדערטער סטודענטן פון די שולן און אוניווערסיטעטן. אָט אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָט באַקונין זיי גערופן צו פאַרלאָזן די בילדונג־אינסטיטוציעס פון אַ קאָרומפּירטער וועלט און גיין צום פאָלק, כדי מיטצוהעלפן קעמפן פאַר זײַן באַפרײַונג.

אין דעם פּעריאָד האָט באַקונין אויך פאַרעפנטלעכט אייניקע „בריוו איבער דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד" אין דער „מאַרסאַליעז" און אין „פאָלקס־שטאַט" (1870). אין דעם זעלביקן יאָר האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט זײַן בראָשור „די בערן אין בערן און דער בער אין סט. פּעטערבורג", וועלכע איז געווען אַ פײַערדיקער פּראָטעסט קעגן נעטשאַיעווס אויסליפערונג פון דער שווייץ און אַ ביטערע אַטאַקע אויף שווייצער רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבן צעשטערט דאָס אַזילרעכט פאַר פּאָליטישע פאַרפאָלגטע.

**
*

דער דײַטש־פראַנצויזישער קריג און די אויסערגעוויינטלעכע פּאָליטישע לאַגע, וועלכע ער האָט אַרויסגערופן אין אייראָפּע, האָט פון דאָס נײַ פאַרנומען באַקונינס גאַנצע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. דער אַלטער רעבעל האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער סוף פון דעם דאָזיקן קריג וועט אַנטשיידן די גאַנצע סאָציאַלע אַנטוויקלונג פון אייראָפּע פאַר די נאָענטסטע 30 ביז 40 יאָר. זײַנע טאַקטישע פאָרשלאָגן, וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט אין זײַן בראָשור „בריוו צו אַ פראַנצויז איבער דעם איצטיקן קריזיס", האָבן געפונען אַן אויסדרוק אין די אויפשטאַנדן פון ליאָן און מאַרסייל, אין וועלכע ער האָט פּערזענלעך גענומען אַן אָנטייל, און שפּעטער אין דער פּאַריזער קאָמונע.

נאָך דער פאַרניכטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פראַנקרײַך און דעם אונטערגאַנג פון דער פּאַריזער קאָמונע, האָט זיך באַקונין ווידער מער באַשעפטיקט מיט דער אַנטוויקלונג און אויסאַרבעטונג פון זײַנע טעאָרעטישע אָנ־שויונגען און אידייען. זײַנע בריוו צו הערצען און אָגאַרעוו באַווײַזן, אַז ער האָט דעמאָלט געהאַט בדעה צו שרײַבן אַ גרעסער ווערק. דער ערשטער טייל פון דעם ווערק איז דערשינען אין 1871 אונטער דעם טיטל „דאָס קנוטאָ־גערמאַנישע קייזער־רײַך און די סאָציאַלע רעוואָלוציע". דער דאָזיקער טייל אַנטהאַלט אַ ברייטן איבער־בליק איבער דער דעמאָלטיקער לאַגע אין פראַנקרײַך און דער היסטאָרישער אַנט־וויקלונג פון די דײַטשע שטאַטן. דער צווייטער אָפּשניט איז אַ קורצער איבערבליק איבער „דעם היסטאָרישן סאָפיזם פון דער דאָקטרינערער קאָמוניסטישער שולע אין דײַטשלאַנד", און די ווײַטערדיקע טיילן אַנטהאַלטן די גלענצנדיקע אָפּהאַנדלונ־גען, וועלכע זײַנען אין 1882 אונטער דעם טיטל „גאָט און דער שטאַט" פון עליזע רעקלו און קאַרלאָ קאַפיעראָ פאַרעפנטלעכט געוואָרן. אַ ווײַטערדיקער טייל פון דעם זעלביקן מאַנוסקריפּט האָט ד״ר מאַקס נעטלוי פאַרעפנטלעכט אין 1894 און 1895.

דער גרונט־געדאַנק פון די דאָזיקע גרויסאַרטיקע אָפּהאַנדלונגען איז דער זעלביקער ווי אין זײַן ווערק „פעדעראַליזם, סאָציאַליזם און אַנטי־טעאָלאָגיזם", פון וועלכן מיר האָבן שוין פריִען גערעדט, נאָר די דערקלערונגען זײַנען ברייטער און אויספירלעכער. מען פילט, אַז באַקונין האָט פיל נאָכגעדענקט איבער דער פראַגע זינט ער האָט זי צום ערשטן מאָל באַהאַנדלט אין 1867.

דער אונטערגאַנג פון דער פּאַריזער קאָמונע האָט באַקונינען געגעבן די מעג־לעכקייט צו שרײַבן אַ ווײַטערדיקן טייל פון זײַן הויפּט־מאַנוסקריפּט, וועלכער איז אין 1878 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אונטער דעם נאָמען „די פּאַריזער קאָמונע און דער שטאַט־באַגריף" אין דעם טייל, וועלכער איז אויך לײַדער נישט געענדיקט גע־וואָרן, דערקלערט באַקונין, אַז דער אויפשטאַנד פון דער קאָמונע איז אַ געוואַלטי־קער היסטאָרישער פאַקטאָר, וועלכער קען אין דער געשיכטע לענגער נישט איג־נאָרירט ווערן. עס איז געווען דער ערשטער גרויסאַרטיקער פּראָטעסט קעגן דעם צענ־טראַליסטישן שטאַט און פאַר דער אויטאָנאָמיע פון יעדער שטאָט, יעדער געמיינדע, מיט איין וואָרט: די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון דער צוקונפט. און גראָד אין דעם ליגט פאַר באַקונינען די הויפּט־באַדײַטונג פון דער קאָמונע, וועלכע קען אַפילו נישט פאַרניכטעט ווערן דורך דעם זיג פון דעם צענטראַליסטישן שטאַט און דער מיליטערישער רעאַקציע.

נײַע קאַמפן און גרויסע פּאָלעמישע אַטאַקעס הויפּטזאַכלעך קעגן מאַרקס און

מאַדזיני, האָבן באַקונינען אויך דאָס מאָל געשטערט צו ענדיקן זײַן ווערק. אין איטאַליע האָט מאַדזיני זייער שטאַרק אַטאַקירט דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם און הויפּטזאַכלעך די פּאַריזער קאָמונע. ער האָט דערקלערט, אַז די אַטעיִסטישע שטרעבונגען פון דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם פאַרניכטן יעדע מענטשלעכקייט, יעדע סאָלידאַריטעט אין דער געזעלשאַפט און שטערן די אַלגעמיינע באַפרײַונג. דעם 13טן יולי 1871 האָט מאַדזיני פאַרעפנטלעכט זײַן „מאַניפעסט צו די איטאַ־ליענישע אַרבעטער" אין דער „ראָמאַ פּאָפּאָלאָ", וועלכער האָט אַטאַקירט די אָנ־הענגער פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" אויף דעם ערגסטן אופן. דעם 14טן אויגוסט האָט באַקונין פאַרעפנטלעכט אַן ענטפער אין דער „גאַדזעטינאָ ראָזאָ", איינע פון די גלענצנדיקסטע און גרויסאַרטיקסטע פּאָלעמישע אַרטיקלען, וועלכע ער האָט ווען עס איז געשריבן. שפּעטער האָט ער פאַרעפנטלעכט זײַן ענטפער צו דער מאַדזיניסטישער פּאַרטיי (ריספּאָסטאַ אַלל' אוניטאַ איטאַליאַנאַ) און ענדלעך זײַן באַקאַנטע בראָשור „מאַדזיניס פּאָליטישע טעאָלאָגיע און דער אינטערנאַציאָנאַל". דעם שלוס פון דער דאָזיקער פּאָלעמיק בילדעט באַקונינס בראָשור „צו מײַנע איטאַליענישע פרײַנד".

אין דער „פּאָליטישער טעאָלאָגיע" אַטאַקירט באַקונין דעם מעטאַפיזישן אידעַ־אַליזם פון מאַדזיני און ווײַזט אָפּ אַלע זײַנע באַהויפּטונגען אין שייכות צו דעם מאַטעריאַליזם און זײַנע „ברוטאַלע און עגאָיִסטישע קאָנסעקווענצן". די פּאָלגנדיקע שטעל ווײַזט אונדז דעם כאַראַקטער פון אָט דער פּאָלעמיק:

„קיין מענטשלעך וועזן שטעלט נישט פאַר מיט זיך אַליין זיין אייגנשאַפט אַלס מענטש. ווייל נאָר אין דער אַלגעמיינקייט געפינען מיר די אָפּשפּיגלונג פון אונדזער אייגענער מענטשלעכקייט. אַ ביישפּיל געפינען מיר אין דער פּערזענלכער פריינדשאַפט אָדער אין דער געשלעכטלעכער ליבע. ליבע איז נאָר מעגלעך דורך דעם, וואָס מיר דערקענען אונדזערע אייגענע געפילן און באַדערפענישן אין אַ צווייטן וועזן, ד"ה אונדזערע אינערלעכע באַדערפענישן קענען נאָר באַפרידיקט ווערן דורך דער פּאַראייניקונג מיט אַנדערע מענטשן. קיין מענטש קען זיך נישט אַליין באַפרייען, נישט אַרבעטנדיק אין דער זעל־ביקער צייט פאַר דער באַפרייונג פון אַלע אַנדערע, וואָס רינגלען אים אַרום. מיין פּערזענלעכע פרייהייט איז אין דער זעלביקער צייט די פרייהייט פון אַלע אַנדערע, ווייל אין דער ווירקלעכקייט קען איך נאָר דאַן זיין פריי, ווען מיין פרייהייט און מיין רעכט געפינען אַ באַשטעטיקונג, אַ גאַראַנטיע אין דער פרייהייט און דעם רעכט פון מיינע אַלע מיטמענטשן. די אינטערעסן פון די אַנדערע באַרירן אין דער זעלביקער צייט מיינע אייגענע אינטערעסן, און ווי פריי און אומאָפּהענגיק איך זאָל נישט זיין, בין איך דאָך שטענדיק צוגעבונדן צו די אַלע, וואָס רינגלען מיך אַרום. ווי הויך מיין סאָציאַלע שטע־לונג זאָל נישט זיין, און ווען איך וואָלט אַפילו געווען אַ מיניסטער, דער פּויפּסט אָדער דער צאַר, שטיי איך דאָך שטענדיק אונטער דעם איינפלוס פון די מענטשן, וועלכע שטייען אונטער מיר אָדער לעבן מיר. ווען אָט די מענטשן זיינען אומוויסנדיק, עלנט און פאַרשקלאַפט, דעמאָלט ווערט מיין עקסיסטענץ באַשטימט דורך זייער אומוויסנקייט, זייער עלנט און זייער שקלאַפערײַ. אויב איך בין אַן אינטעליגענטער מענטש, וועל איך זיין אַ קרבן פון זייער נאַרישקייט; אויב איך בין מוטיק און ענערגיש, וועל איך זיין אַ קרבן פון זייער פּחדנות און שקלאַפערײַ. איז מיין סאָציאַלע פּאָזיציע אַ בעס־סערע, וועל איך מוזן ציטערן פאַר זייער עלנט. מיט איין וואָרט, איך, וועל־כער וויל זיין פריי, קען נישט, ווייל די, וואָס רינגלען מיך אַרום, האָבן

נישט קיין באַדערפעניש צו זיין פריי, און נישט וועלנדיק זיין פריי, זייענדיק זיי די אומבאַקאַנטע וועדקצייג פאַר מיין אייגענער אונטערדריקונג״.

באַקונינס גלענצנדיקע פאָלעמיק מיט מאַדזיניז האָט אַזוי שטאַרק געווירקט לטובת דער אַנטוויקלונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם אין איטאַליע, אַז די איטאַליענישע פעדעראַציע פון דעם ״אינטערנאַציאָנאַל״ האָט אים עפנטלעך אויסגעדריקט דאַנקבאַרקייט אויף דעם קאָנגרעס אין רימיני.

**
*

אין 1873 האָט אַ גרופּע רוסישע אַנאַרכיסטן געגרינדעט אַן אייגענע דרוקערײַ אין ציריך. דאָס ערשטע גרעסערע ווערק, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, איז געווען אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג פון באַקונין איבער ״די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון דעם ״אינטערנאַציאָנאַל״. דאָס ווערק אַנטהאַלט אַ סך אַרטיקלען, וועלכע זײַנען דערשינען אין די פאַרשיידענע צײַטונגען פון דעם ״אינטערנאַציאָנאַל״ און אַ קליינע געשיכטע פון דער ״סאָציאַליסטישער אַליאַנץ״, וועלכע באַקונין האָט געגרינדעט, נאָך דעם ווי ער און זײַנע פרײַנד האָבן זיך צוריקגעצויגן פון דעם ״בונד פאַר פרידן און פרײַהייט״.

אין 1874 האָט די זעלביקע גרופּע אַרויסגעגעבן באַקונינס בוך ״שטאַט און אַנאַרכיע״, אַ ווערק פון 332 זײַטן וואָס איז געווען דער ערשטער טייל פון אַן אַלגעמיינער עקספּאָזע פון זײַנע טעאָריעס. אויך אָט־דער פּרוּוו איז לײַדער נישט געענדיקט געוואָרן דורך דעם אונטערגאַנג פון דער דרוקערײַ. אין דעם אויבן דער־מאָנטן ווערק געפינען מיר, אויסער די גרונט־אידייען פון באַקונינס אַנאַרכיזם, אַ סך אינטערעסאַנטע און העכסט־וויכטיקע באַמערקונגען איבער די סאָציאַלע צו־שטאַנדן אין רוסלאַנד און איבער די נויטווענדיקע אויפגאַבן פון אַ רוסישער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג. עס וואָלט זיכער געווען אַ גוטע זאַך, ווען אונדזערע רוסישע קאַמעראַדן וואָלטן זיך גענומען צו דער אַרבעט און אַרויסגעגעבן אַ צווייטע אויפלאַגע פון דעם דאָזיקן בוך, ווײַל פון דער ערשטער אויפלאַגע געפינען זיך הײַנט גאַנץ ווייניק עקזעמפּלאַרן אין גרעסערע ביבליאָטעקן אָדער אין דעם באַזיץ פון אייניקע פּריוואַטע פּערזאָנען.

**
*

אַ בריוו צו אַגאַרעוון באַווײַזט, אַז באַקונין האָט די לעצטע צײַט פון זײַן לעבן זייער שטאַרק געאַרבעט, כדי צו שרײַבן זײַנע ״מעמואַרן״. לײַדער זײַנען די מאַ־נוסקריפּטן קיין מאָל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, מיט דעם אויסנאַם פון אַ קליינעם אָפּשניט איבער זײַן ערשטער יוגנט, און געפינען זיך מסתמא נאָך הײַנט אין די הענט פון זײַן פאַמיליע.

1906

# קאַרל מאַרקס און דער אַנאַרכיזם

## I

די אויסדערווײלטע פּאַרטרעטערס פון דעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם“, די הערן קויטסקי, לאַפאַרג, פּלעכאַנאָוו און קאָמפּאַניע, האָבן זיך דערלעבט שלעכטע צײַטן. די אַלטע פונדאַמענטאַלע דאָגמעס פון דער מאַרקסיסטישער קירכע האָבן פאַרלוירן זייער אַמאָליקן גלאַנץ, דאָס גאָלד האָט זיך אָפּגענוצט, די פּאַרצירונגען זײַנען שוואַרץ געוואָרן און אַפילו די גלייביקע הייבן שוין אָן צו פאַרשטיין, אַז „עס איז עפּעס פויל אינעם שטאַט דענעמאַרק“. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, קורץ נאָכן טויט פון פרידריך ענגעלס, האָט הער עדואַרד בערנשטיין, איינער פון די פּראָמינענטסטע מיטגלידער פון דער מאַרקסיסטישער קהילה, איבערראַשט זײַנע גענאָסן מיט גאַנץ מערקווירדיקע אַנטדעקונגען. בערנשטיין האָט עפנטלעך אויסגעדריקט זײַן צווייפל אין דער ריכטיקייט פון דער מאַטעריאַליסטישער געשיכטע־אויפפאַסונג פון דער מאַרקסיסטישער ווערטן־טעאָריע און פון דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל; ער האָט זיך אַפילו גענומען צו דעם דיאַלעקטישן מעטאָד און איז געקומען צום אויספיר, אַז מען קען איבערהויפּט נישט רעדן פון אַ וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, דאָס איז אַלץ. בערנשטיין איז געווען אַ פאָרזיכטיקער מאַן, ער האָט באַהאַלטן זײַן אַנטדעקונג פאַר זיך, ביז וואַנען דער אַלטער ענגעלס איז געשטאָרבן. ערשט דעמאָלט האָט ער עפנטלעך אַרויסגעפּלאַצט מיט דער גאַנצער געשיכטע, צו דער שרעק פון אַלע מאַרקסיסטישע גלחים. אָבער אַפילו די פאָרזיכטיקייט האָט בערנשטיינען ווייניק וואָס געהאָלפן, מען האָט זיך גענומען צו אים פון אַלע זײַטן. קויטסקי האָט אָנגעשריבן אַ גאַנץ בוך וועגן דעם אַפּיקורס און דער אָרעמער עדואַרד איז נעבעך געצוווּנגען געווען צו דערקלערן אויף דעם קאָנגרעס אין האַנאָווער, אַז ער איז אַ שוואַכער זינדיקער מענטש און אונטערוואַרפט זיך דעם באַשלוס פון דער וויסנשאַפטלעכער מאַיאָריטעט.

און דאָך האָט אונדז בערנשטיין אייגנטלעך קיין נײַעס נישט געזאָגט. די אַרגומענטן, וועלכע ער האָט געבראַכט קעגן די יסודות פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע, זײַנען שוין לאַנג געווען, ווען בערנשטיין איז נאָך געווען אַ געטרײַער אַפּאָסטאָל פון דער מאַרקסיסטישער קירכע. אָט־די אַלע אַרגומענטן זײַנען אַרויס־

גענומען געוואָרן פון דער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור, און דאָס איינציק וויכטיקע איז געווען, וואָס איינער פון די באַקאַנטסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טעאָרעטיקער האָט זיך צום ערשטן מאָל מיט זיי באַנוצט. קיין פאַרנונפטיקער מענטש וועט נישט דיסקוטירן, אַז בערנשטיינס קריטיק האָט געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק אין דעם גאַנצן מאַרקסיסטישן לאַגער. בערנשטיין האָט זיך צוגערירט צו די וויכטיקסטע פונדאַמענטן פון קאַרל מאַרקס׳ עקאָנאָמישער מעטאַפיזיק. איז נישט קיין וווּנדער, וואָס די בכבודיקע פאַרטרעטערס פון דעם אָרטאָדאָקסישן מאַרקסיזם האָבן זיך דערשראָקן.

נאָר דאָס אַלץ וואָלט נאָך געווען צו דערליידן. האָט זיך אָבער געמאַכט אַ נייע צרה, וועלכע איז פיל ביטערער ווי די ערשטע איז געווען. זינט אַ האַלבן יאָרהונדערט האַלטן די מאַרקסיסטן אין איין פרעדיקן, אַז מאַרקס און ענגעלס זיינען געווען די אַנטדעקערס פון דעם אַזוי גערופענעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם; מען האָט דערפונדן אַ קינסטלעכן אונטערשייד צווישן די אַזוי גערופענע „אוטאָפּיסטישע“ סאָציאַליסטן און דעם „וויסנשאַפטלעכן“ סאָציאַליזם פון די מאַרקסיסטן, אַן אונטערשייד, וועלכער עקסיסטירט נאָר אין דער איינבילדונגס־קראַפט פון די מאַרקסיסטן. אין די גערמאַנישע לענדער איז די גאַנצע מאַרקסיסטישע ליטעראַטור מאָנאָפּאָליזירט געוואָרן פון די מאַרקסיסטישע טעאָריעס, און יעדער סאָציאַל־דעמאָקראַט האָט זיי באַטראַכט ווי די ריינע דורך און דורך אָריגינעלע פּראָדוקטן פון מאַרקס׳ און ענגלעס׳ וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען.

אָבער אויך דער דאָזיקער טרוים איז פּלוצלינג צעשטערט געוואָרן. די מאָדערנע היסטאָרישע פאָרשונגען האָבן איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַוויזן, אַז דער „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם“ איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ פּראָדוקט פון די אַלטע ענגלישע און פראַנצויזישע סאָציאַליסטן, און אַז מאַרקס און ענגעלס האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען די קונסט זיך אויסצופּוצן מיט פרעמדע פעדערן. נאָך די רעוואָלוציעס פון 1848 האָט זיך אָנגעהויבן אין גאַנץ אייראָפּע אַ שרעקלעכע רעאַקציע. די „הייליקע אַליאַנץ“ האָט ווידער אויסגעצויגן אירע נעצן אין אַלע לענדער, כדי צו דערשטיקן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, וועלכער האָט געשאַפן אַזאַ רייכע ליטעראַטור אין פראַנקרייך, בעלגיע, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, שפּאַניע און איטאַליע. אָט־די ליטעראַטור איז כמעט אין גאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן אין דער פינצטערער צייט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך 1848. פיל פון די באַדייטנדיקסטע שריפטן זיינען פאַרניכטעט געוואָרן און עס זיינען געבליבן געציילטע עקזעמפּלאַרן, וועלכע האָבן געפונען אַ שטילן פּלאַץ אין אייניקע גרעסערע ביבליאָטעקן פון געציילטע פּריוואַט־פאַרזאַנען. ערשט זינט די לעצטע 10 אָדער 15 יאָר איז די דאָזיקע אומבאַקאַנטע ליטעראַטור טיילווייז ווידער אַנטדעקט געוואָרן, און מיר זיינען דערשטוינט איבער די רייכע געדאַנקען און אידייען, וועלכע מיר געפינען אין די אַלטע שריפטן פון די שפּעטערדיקע פוריעריסטישע און סען־סימאָניסטישע שולן, אין די שריפטן פון קאָנסידעראַן, דעזאַמי, מעאַי און פיל, פיל אַנדערע. און אין אָט דער ליטעראַטור האָבן מיר אויך געפונען דעם אורשפּרונג פון דעם אַזוי גערופענעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם“. אונדזער אַלטער פריינד וו. טשערקעסאָוו איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אונדז געגעבן אַ סיסטעמאַטישן צוזאַמענשטעל פון די אַלע פאַקטן. ער האָט באַוויזן, אַז מאַרקס און ענגעלס זיינען נישט

געווען די דערפינדער פון אָט־די טעאָריעס, וועלכע מען האָט אַזוי לאַנג באַטראַכט פאַר זייער גײַסטיק אייגנטום * ער האָט אַפילו אויפגעוויזן, אַז אייניקע פון די באַ־רימטסטע מאַרקסיסטישע שריפטן, ווי צב״ש „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט״ זײַנען נישט מער און נישט ווייניקער ווי „פרײַע איבערזעצונגען פון מאַרקס און ענגעלס פון פראַנצויזיש אויף דײַטש. און טשערקעסאָוו האָט געהאַט דעם טריומף, וואָס זײַנע באַהויפּטונגען אין שײַכות מיטן „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״ זײַנען אָנ־ערקענט געוואָרן אין דער „אַוואַנטי״, דעם צענטראַל אָרגאַן פון דער איטאַליעני־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע **, נאָך דעם ווי דער שרײַבער האָט געהאַט די געלעגנ־הייט צו פאַרגלײַכן דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״ פון מאַרקס און ענגעלס, מיט וויקטאָר קאָנסידעראַנס „מאַניפעסט פון דעמאָקראַטיע״, וועלכער איז דערשינען מיט פינף יאָר פריִער ווי דער מאַניפעסט פון מאַרקס און ענגעלס.

דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט״ רעכנט זיך פאַר דער ערשטער שריפט פון דעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם״, און דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער שריפט איז אַרויסגענומען געוואָרן פון דער שריפט פון אַן „אוטאָפּיסט״, ווײַל דער מאַרקסיזם רעכנט צו די פוריערריסטן צו די „אוטאָפּיסטישע סאָציאַליסטן״. דאָס איז די ביטערסטע איראָניע, וועלכע מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן און עס איז געוויס נישט קיין גינסטיקע רעקאָמענדאַציע פאַר דעם וויסנשאַפטלעכן ווערט פון דעם מאַרקסיזם. וויקטאָר קאָנסידעראַן איז געווען איינער פון די ערשטע סאָ־ציאַליסטישע שריפטשטעלער, מיט וועלכע מאַרקס איז באַקאַנט געוואָרן. ער דער־מאָנט אים שוין אין דער צײַט, ווען ער איז נאָך נישט געווען קיין אויסגעשפּראָכענער סאָציאַליסט. אין 1842 האָט די „אַלגעמײַנע צײַטונג״ אַטאַקירט די „רײַנישע צײַ־טונג״, פון וועלכער מאַרקס איז דעמאָלט געווען דער הויפּט־רעדאַקטאָר, און האָט איר פאָרגעוואָרפן, אַז זי סימפּאַטיזירט מיט דעם קאָמוניזם. מאַרקס האָט דעמאָלט געענטפערט אין אַ באַזונדערן לײַט־אַרטיקל ***, אין וועלכן עס קומט די פאָלגנ־דיקע דערקלערונג:

> „שריפטן ווי די פון לערו, קאָנסידעראַן און גאַנץ באַזונדערס דאָס שאַרפ־זיניקע ווערק פון פּרודאָנען קענען נישט קריטיקירט ווערן דורך אַ פּאָר אויבערפלאַכלעכע באַמערקונגען, און מען דאַרף זיי צו ערשט גוט שטודירן איידער מען גייט זיי קריטיקירן״.

דער פראַנצויזישער סאָציאַליזם האָט געהאַט דעם גרעסטן אײַנפלוס אויף דער גײַסטיקער אַנטוויקלונג פון קאַרל מאַרקס; אָבער פון אַלע סאָציאַליסטישע שריפטשטעלער אין פראַנקרײַך איז זשאָזעף פּיער פּרודאָן געווען דער, וועלכער האָט צום שטאַרקסטן באַאײַנפלוסט דעם גײַסט פון מאַרקסן. עס איז אַפילו זיכער, אַז פּרודאָנס ווערק „וואָס איז אייגנטום?״ האָט מאַרקסן באַקערט צום סאָציאַליזם.

---

*) *W. Tcherkesoff*, Pages d'Histoire socialiste; Les precurseurs de l'Internationale.

**) דער אַרטיקל איז צו ערשט דערשינען אין דער „אַוואַנטי״ אונטערן נאָמען „Il Manifesto della Democrazia" און איז קורץ נאָך דעם איבערגעזעצט געוואָרן אין די „לע טאַן נואוואָ״.

***) Rheinische Zeitung, Nº 289, 16 Oktober 1842.

פּרודאָנס קריטישע באַטראַכטונגען איבער דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע און די פאַר־שיידענע סאָציאַליסטישע שולן האָבן אויפגעעפנט פאַר מאַרקסן אַ נײַע וועלט, און עס איז הויפּטזאַכלעך געווען די טעאָריע פונעם „מער־ווערט“, אַזוי ווי דער געניאַלער פראַנצויזישער סאָציאַליסט האָט זי אַנטוויקלט, וועלכע האָט אויף מאַרקסן געמאַכט דעם טיפסטן אײַנדרוק. דעם אורשפרונג פון דער מאַרקסיסטישער מער־ווערט־טעאָריע, פון אָט־דער גרויסער „וויסנשאַפטלעכער אַנטדעקונג“, מיט וועלכער אונדזערע מאַרקסיסטן פלעגן אַזוי פיל שטאָלצירן, געפינען מיר אין פּרודאָנס שריפטן. דורך פּרודאָנען איז מאַרקס צום ערשטן מאָל באַקאַנט געוואָרן מיט אָט־דער טעאָריע, וועלכע ער האָט שפּעטער מאָדיפיצירט דורך דעם שטודיום פון די ענגלישע סאָציאַליסטן ברעאי און טהאָמסאָן.

מאַרקס האָט אַפילו עפנטלעך אָנערקענט די גרויסע וויסנשאַפטלעכע באַדײַטונג פון פּרודאָנען, און אין אַ באַזונדערן בוך, וועלכער איז הײַנט פולשטענדיק פאַר־שוווּנדן פונעם ביכער־מאַרק, רופט ער פּרודאָנס ווערק „וואָס איז אייגנטום?“ דער „ערשטער וויסנשאַפטלעכער מאַניפעסט פון דעם פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט“. אָט־די שריפט איז ביז איצט נישט איבערגעדרוקט געוואָרן פון די מאַרקסיסטן, עס איז אויך נישט געמאַכט געוואָרן פון איר קיין איבערזעצונג אין אַנדערע שפּראַכן, טראָץ דעם וואָס די אָפיציעלע פּאַרטרעטערס פון דעם מאַרקסיזם האָבן זיך געגעבן די גרעס־טע מי צו פאַרשפּרייטן די ווערק פון זייער מײַסטער אין אַלע שפּראַכן. נאָר די דאָזיקע שריפט איז פאַרגעסן געוואָרן, מסתמא האָט מען געוווּסט פאַר וואָס מען האָט אין איר פאַרגעסן, ווײַל די ווידערדערשײַנונג פון דעם דאָזיקן בוך וואָלט אויפגע־דעקט פאַר דער גאַנצער וועלט דעם אומגעהײַערן ווידערשפּרוך און די גאַנצע קליינלעכקייט פון אַלץ וואָס מאַרקס האָט שפּעטער געשריבן איבער דעם גרויסן טעאָרעטיקער פון דער אַנאַרכיע.

מאַרקס איז נישט נאָר באַאײַנפלוסט געוואָרן פון די עקאָנאָמישע אידייען פון פּרודאָן, ער איז אַפילו דירעקט באַאײַנפלוסט געוואָרן פון די אַנאַרכיסטישע טעאָריעס פון דעם גרויסן פראַנצויזישן סאָציאַליסט. און אין איינעם פון זײַנע דעמאָלטיקע אַרטיקלען באַקעמפט ער דעם שטאַט אויף דעם זעלביקן אופן, ווי פּרודאָן האָט עס געטאָן.

## II

מיר האָבן שוין פריִער דערקלערט, אַז פון אַלע סאָציאַליסטישע שריפטשטע־לערס איז פּרודאָן געווען דער, וועלכער האָט געהאַט דעם שטאַרקסטן אײַנפלוס אויף דער גײַסטיקער אַנטוויקלונג פון קאַרל מאַרקס. אַלע די, וועלכע האָבן אויפמערקזאַם שטודירט דעם סאָציאַליסטישן אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון מאַרקסן, וועלן מוזן צו־געבן, אַז פּרודאָנס ווערק: „וואָס איז אייגנטום?“ האָט מאַרקסן ערשט אויף אַן אמת געבראַכט צום סאָציאַליזם. פאַר די, וואָס זײַנען נישט נענטער באַקאַנט מיט די איינצלהייטן פון אָט־דער אַנטוויקלונג, און וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין געלעגנ־הייט צו לייענען די ערשטע סאָציאַליסטישע שריפטן פון מאַרקס און ענגעלס, איז די דאָזיקע באַהויפּטונג זייער פרעמד און אומוואָרשײַנלעך; ווײַל אין אַלע שפּעטער־דיקע שריפטן האָט מאַרקס גערעדט פון פּרודאָנען מיט שפּאָט און פאַראַכטונג, און

פונקט אָט־די שריפטן האָט די מאַרקסיסטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע כּסדר אײַ־בערגעדרוקט פון דאָס נײַ.

אַזוי האָט זיך ביסלעכווײַז אַנטוויקלט די מיינונג, אַז מאַרקס איז פון אָנהייב אָן אויפגעטראָטן ווי אַ טעאָרעטישער קעגנער פון פּרודאָנען, ווי עס וואָלט קיין מאָל נישט עקסיסטירט קיין באַרירונגס־פּונקט צווישן אָט־די ביידע. און ווירקלעך, ווען מען לייענט וואָס מאַרקס האָט געשריבן וועגן פּרודאָנען אין זײַן באַקאַנטן בוך „דער עלנט פון דער פילאָסאָפיע“, אינעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“ און אין זײַן נעקראָלאָג, וועלכער איז דערשינען אין דעם בערלינער „סאָציאַל־דעמאָקראַט“, קורץ נאָך דעם ווי פּרודאָן איז געשטאָרבן (1865), איז אוממעגלעך צו האָבן אַן אַנדער מיינונג.

אין זײַן בוך „דער עלנט פון דער פילאָסאָפיע“ אַטאַקירט מאַרקס פּרודאָנען אויף דעם ערגסטן אופן. ער ווענדט אָן אַלע מיטלען אויף צו דערווײַזן, אַז פּרודאָנס אידייען האָבן איבערהויפּט קיין באַדײַטונג נישט, און אַז ער שפּילט איבערהויפּט קיין ראָל נישט — נישט ווי אַ סאָציאַליסט און נישט ווי אַ קריטיקער פון דער פּאָליטי־שער עקאָנאָמיע.

„הער פּרודאָן — אַזוי זאָגט מאַרקס — האָט דאָס אומגליק וואָס מען פאַרשטייט אים שלעכט אויף אַ מערקווירדיקן אופן: אין פראַנקרייך האָט ער דאָס רעכט צו זײַן אַ שלעכטער עקאָנאָם, דערפאַר וואָס מען האַלט אים דאָרטן פאַר אַ גוטן דײַטשן פילאָסאָף; אין דײַטשלאַנד קען ער זײַן אַ שלעכטער פילאָסאָף, דערפאַר וואָס מען האַלט אים דאָרטן פאַר דעם שטאַרקסטן פראַנ־צויזישן עקאָנאָם. ווי אַ דײַטש און ווי אַן עקאָנאָם פיל איך זיך פאַרפליכטעט צו פּראָטעסטירן קעגן אָט־דעם טאָפּלטן טעות“. *).

מאַרקס גייט אַפילו נאָך ווײַטער: ער באַשולדיקט פּרודאָנען אָן קיין שום באַווײַז, אַז ער האָט געגנבעט זײַנע אידייען פון דעם ענגלישן קאָמוניסט ברעי. ער זאָגט:

„מיר גלייבן, אַז אין ברעיס בוך ** האָבן מיר געפונען דעם שליסל פון אַלע פאַרגאַנגענע, קעגנווערטיקע און צוקונפטיקע שריפטן פון הער פּרודאָן.***

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן ווי דער זעלביקער מאַרקס, וועלכער האָט זיך אַזוי אָפט באַנוצט מיט די אידייען פון אַנדערע, דער זעלביקער מאַרקס, וועמענס „קאָמוניסטישער מאַניפעסט“ איז אין דער אמתן נישט מער ווי אַ גראָבער פּלאַ־גיאַט פון וויקטאָר קאָנסידעראַנס „Manifeste de la Democratie“ דער זעלביקער מאַרקס באַשולדיקט אַנדערע ווי ליטעראַרישע גנבים.

נאָר לאָמיר גיין ווײַטער: אינעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“ שטעלט מאַרקס פאָר פּרודאָנען ווי אַ פאַרטרעטער פון דעם קאָנסערוואַטיוון, דעם בורזשואַ־סאָציאַ־ליזם ****. און אין דעם נעקראָלאָג, וועלכן מאַרקס האָט געשריבן אין דעם בער־לינער „סאָציאַל־דעמאָקראַט“ (1865) לייענען מיר די פאָלגנדיקע ווערטער:

---

*) *Marx*, Misere de la Philosophie, Introduction.
**) *Bray*, Labour's wrong and labour's remedy.
***) Die Philosophie des Elends, p. 49.
****) *Marx-Engels*, Das Kommunistische Manifest, p. 21.

„אין אַ שטרענג־וויסנשאַפטלעכער געשיכטע פון דער פּאָליטישער עקאָ־נאָמיע, וואָלט מען אָט־די שריפט (געמיינט איז פּרודאָנס בוך: „וואָס איז אייגנטום?") קוים באַדאַרפט דערמאָנען. אָבער אַזעלכע סענסאַציאָנעלע שריפטן שפּילן אין די וויסנשאַפטן פּונקט די זעלבע ראָלע ווי אין דער ראָמאַן־ליטעראַטור".

און אין דעם זעלביקן אַרטיקל (נעקראָלאָג) חזרט מאַרקס איבער זײַן באַהויפּ־טונג, אַז פּרודאָן האָט איבערהויפּט קיין ווערט נישט — נישט ווי אַ סאָציאַליסט און נישט ווי אַן עקאָנאָם. יענע באַהויפּטונג, וועלכע ער האָט שוין אויפגעשטעלט אין דער „פילאָסאָפיע פונעם עלנט".

„פּרודאָן — אַזוי שרייבט מאַרקס — פּרודאָן האָט זיך אײַנגערעדט, אַז ער האָט געגעבן אַ קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און פונעם קאָמו־ניזם — אין דער אמתן שטייט ער פיל נידעריקער פון ביידע".

עס איז לײַכט צו פאַרשטיין, אַז די אַלע באַהויפּטונגען, וועלכע מאַרקס האָט געשלײַדערט קעגן פּרודאָנען, האָבן געמוזט אַנטוויקלען דעם גלויבן, אָדער בעסער געזאָגט, די איבערצײַגונג, אַז צווישן אים און דעם גרויסן פראַנצויזישן שריפטשטעלער האָט קיין מאָל נישט עקסיסטירט קיין קרובהשאַפט. אין דײַטשלאַנד איז פּרודאָן כמעט אין גאַנצן אומבאַקאַנט. די דײַטשע אויסגאַבן פון זײַנע ביכער, וועלכע זײַנען דער־שינען אין די 40ער יאָרן, זײַנען הײַנט נישט מער צו געפינען אין די בוכהאַנדלונגען. דאָס איינציקע ווערק, וועלכעס איז אין דער לעצטער צײַט ווידער געדרוקט געוואָרן אין דער דײַטשער שפּראַך, איז: „וואָס איז אייגנטום?" אָבער אַפילו אָט־די נײַע אויסגאַבע איז נאָר פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַ זייער קליינעם קרײַז. דער דאָזיקער אומשטאַנד גיט אונדז די דערקלערונג ווי אַזוי מאַרקס איז געווען בכוח אויסצומעקן פאַר דער עפנטלעכקייט די שפּורן פון זײַן ערשטער אַנטוויקלונג ווי אַ סאָציאַליסט. אַז די שטעלונג פון מאַרקס צו פּרודאָנען איז אין אָנהייב געווען אַ גאַנץ אַנדערע, האָבן מיר שוין פריִער באַמערקט, און אונדזערע ווײַטערדיקע אויספירן וועלן באַווײַזן די ריכטיקייט פון דער דאָזיקער באַהויפּטונג.

ווען ער איז נאָך געווען שעף־רעדאַקטאָר פון דער „רײַנישער צײַטונג", איינע פון די הויפּט־אָרגאַנען פון דער דײַטשער דעמאָקראַטיע, האָט מאַרקס זיך באַקענט מיט די וויכטיקסטע סאָציאַליסטישע שריפטשטעלער אין פראַנקרײַך, הגם ער איז דעמאָלט אַליין נאָך נישט געווען קיין סאָציאַליסט. מיר האָבן שוין אין אונדזער ערשטן אַרטיקל איבערגעדרוקט אַ ציטאַט פון דער „רײַנישער צײַטונג", אין וועלכן מאַרקס דערמאָנט די נעמען פון וויקטאָר קאָנסידעראַן, פּיער לערו און פּרודאָן, און עס איז גאָר נישט קיין ספק, אַז קאָנסידעראַן, הויפּטזאַכלעך אָבער פּרודאָן, זײַנען געווען די לערערס, וועלכע האָבן מאַרקסן געפירט צום סאָציאַליזם. פּרודאָנס ווערק „וואָס איז אייגנטום?" האָט אָן אַ ספק געהאַט דעם גרעסטן אײַנפלוס אויף דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג פון מאַרקסן, און שוין אין דער „רײַנישער צייטונג" רופט ער דעם געניאַלן פּרודאָן „דעם קאָנסעקווענטסטן און שאַרפזיניקסטן סאָציאַליסטישן שריפט־שטעלער" („רײַנישע צײַטונג, נומער 7, פון 7טן יאַנואַר 1843). אין 1843 איז די „רײַנישע צײַטונג" אונטערדריקט געוואָרן פון דער פּרײַסישער צענזור. מאַרקס איז אַוועק קיין אויסלאַנד און אין דעם דאָזיקן פּעריאָד אַנטוויקלט ער זיך ווי אַן אָנהענ־גער פונעם סאָציאַליזם. די דאָזיקע אַנטוויקלונג ווײַזט זיך צום בעסטן אַרויס אין

זײַנע בריוו צו דעם באַקאַנטן פילאָסאָפישן שריפטשטעלער אַרנאָלד רוגע — נאָך דײַטלעכער אָבער אין זײַן שריפט: „די הייליקע פאַמיליע אָדער קריטיק פון דער קריטישער קריטיק", וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט פרידריך ענגעלסן. דאָס בוך איז דערשינען אין 1845 און זײַן צוועק איז געווען צו פּאָלעמיזירן קעגן דער נײַער ריכטונג פון דעם דײַטשן פילאָזאָפישן שריפטשטעלער ברונאָ בויער. דאָס בוך באַשעפטיקט זיך אויסער מיט פילאָסאָפישע פראַגן אויך מיט דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און מיטן סאָציאַליזם, און פונקט אָט־די טיילן זײַנען פאַר אונדז אינטערעסאַנט און וויכטיק.

פון אַלע שריפטן, וועלכע מאַרקס און ענגעלס האָבן פאַרעפנטלעכט, איז די „הייליקע פאַמיליע" די איינציקע, וועלכע איז קיין מאָל נישט איבערגעזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן, און פון די וועלכע די דײַטשע מאַרקסיסטן האָבן ביז איצט נישט אַרויסגעגעבן קיין צווייטע אויפלאַגע. עס איז אמת, אַז הער פראַנץ מערינג, וועלכער האָט נישט לאַנג אַרויסגעגעבן די ליטעראַרישע ירושה פון מאַרקס און ענגלעס אויף דעם אויפטראָג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דײַטשלאַנד, עס איז אמת, אַז דער אויבן דערמאָנטער שריפטשטעלער האָט נישט לאַנג איבערגעדרוקט די „הייליקע פאַמיליע", צוזאַמען מיט פיל אַנדערע שריפטן פון דעם ערשטן פעריאָד פון מאַרקס' און ענגעלס' ליטעראַרישער טעטיקייט ווי סאָציאַליסטן, הײַנט, נאָך דעם ווי עס זײַנען אַריבערגעגאַנגען מער ווי 60 יאָר זינט דעם דערשײַנען פון דער ערשטער אויפלאַגע. אָבער די נײַע אויסגאַבע איז נאָר באַשטימט פאַר פאַך־געלערנטע, ווײַל איר פרײַז גופאַ דערלאָזט נישט די אַרבעטער צו קויפן די דאָזיקע ווערק. אויסער דעם איז פּרודאָן אין דײַטשלאַנד אַזוי ווייניק באַקאַנט, אַז נאָר ווייניקע וועלן זיך כאַפּן און דערקענען דעם שרעקלעכן ווידערשפּרוך צווישן די ערשטע און די שפּעטערדיקע אורטיילן, וועלכע מאַרקס האָט געגעבן איבער פּרודאָנען.

אין דאָך באַווײַזט אונדז גראָד אָט־די שריפט קלאָר און דײַטלעך דעם סאָציאַליסטישן אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון קאַרל מאַרקס און דעם געוואַלטיקן אײַנפלוס, וועלכן פּרודאָן האָט געהאַט אויף זײַן אַנטוויקלונג. אַלץ וואָס די מאַרקסיסטן האָבן שפּעטער צוגעשריבן צו זייער מײַסטער, פונקט דאָס האָט מאַרקס אין דער „הייליקער פאַמיליע" אָנערקענט ווי פּרודאָנס אַ פאַרדינסט.

נאָר לאָמיר בעסער הערן, וואָס מאַרקס אַליין האָט צו זאָגן איבער פּרודאָנען:

„יעדע אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע באַטראַכט דאָס פּריוואַט־אייגנטום ווי אַן אומפאַרמיידלעכע פאַרויסזעצונג; אָט די פאַרויסזעצונג איז פאַר איר אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, וועלכן זי וויל אַפילו נישט אונטערזוכן און פון וועלכן זי רעדט נאָר „פער עקסידענט", ווי סעי האָט זיך נאַיוו אויסגעדריקט. פּרודאָן האָט זיך אונטערגענומען קריטיש צו אונטערזוכן די באַזע פון דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע, דאָס פּריוואַט־אייגנטום, און עס איז געווען די ערשטע ענערגישע, ריקזיכטסלאָזע און אין דער זעלבער צייט וויסנשאַפטלעכע אונטערזוכונג. דאָס איז דער גרויסער וויסנשאַפטלעכער פּראָגרעס, וועלכן ער האָט געמאַכט, אַ פּראָגרעס, וועלכער האָט רעוואָלוציאָנירט די נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע און געשאַפן אַ מעגלעכקייט צו מאַכן פון איר אַן אמתע וויסנשאַפט. פּרודאָנס שריפט „qu'est-ce que la propriete?" (וואָס איז אייגנטום?) האָט פאַר דער מאָדערנער נאַציאָנאַל־

עקאָנאָמיע די זעלביקע באַדייטונג, וועלכע סיעס שריפט: „qu'est-ce que le tiers etat?" (וואָס איז דער דריטער שטאַנד?) האָט געהאַט פאַר דער מאָדערנער פּאָליטיק". *)

עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרגלייַכן אָט־די ווערטער פון מאַרקסן איבער פּרודאָנען מיט דעם, וואָס ער האָט שפּעטער געשריבן איבער דעם גרויסן אַנאַר־כיסטישן טעאָרעטיקער. אין דער „הייליקער פאַמיליע" זאָגט אונדז מאַרקס, אַז פּרודאָנס שריפט: „וואָס איז אייגנטום?" — איז געווען די „ערשטע וויסנשאַפטלעכע אונטערזוכונג פון דעם פּריוואַט־אייגנטום". ער זאָגט ווייַטער: „אַז אָט־די שריפט האָט געשאַפן אַ מעגלעכקייט צו מאַכן פון דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע אַ ווירקלעכע וויסנשאַפט". אָבער אין זייַן באַקאַנטן נעקראָלאָג אין דעם בערלינער „סאָציאַל־דעמאָקראַט" פאַרזיכערט אונדז דער זעלבער מאַרקס, אַז „אין אַ שטרענג וויסנ־שאַפטלעכער געשיכטע פון דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע וואָלט מען די דאָזיקע שריפט (וואָס איז אייגנטום?) קוים באַדאַרפט דערמאָנען".

וואָס איז די סיבה פון אָט־דעם אומגעהייַערן ווידערשפּרוך? דאָס איז די גרויסע פראַגע, וועלכע די פאַרטרעטערס פון דעם אַזוי גערופענעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם" האָבן ביז איצט נאָך נישט פאַרענטפערט. אין דער אמתן איז פאַראַן נאָר איין דערקלערונג: נעמלעך, מאַרקס האָט געוואָלט פאַרדעקן דעם קוואַל, פון וועלכן ער האָט געשעפּט. אַז די דערקלערונג איז נישט קיין פּוסטע באַהויפּטונג, וועט מוזן צוגעבן יעדערער, וועלכער האָט די פראַגע אויפמערקזאַם שטודירט, און וועלכער לאָזט זיך נישט פאַרבלענדן די אויגן פון אַן איינזייַטיקן פּאַרטיי־פאַנאַטיזם.

נאָר לאָמיר שוין זען, וואָס מאַרקס האָט ווייַטער צו זאָגן איבער דער היס־טאָרישער באַדייַטונג פון פּרודאָנען. אויף דער זייַט 52 פון דער זעלבער שריפט לייענען מיר די פאָלגנדיקע ווערטער:

„פּרודאָן שרייבט נישט נאָר פאַר די אינטערעסן פון די פּראָלעטאַריער, נאָר ער איז אַליין אויך אַ פּראָלעטאַריער, אַן "Ouvrier" (אַרבעטער) זייַן ווערק איז אַ וויסנשאַפטלעכער מאַניפעסט פונעם פראַנצויזישן פּראָ־לעטאַריאַט".

דאָ זאָגט בכן מאַרקס מיט קלאָרע און דייַטלעכע ווערטער, אַז פּרודאָן איז אַ פאַרטרעטער פון דעם פּראָלעטאַרישן סאָציאַליזם, אַז זייַן „ווערק איז אַ וויסנשאַפט־לעכער מאַניפעסט פון דעם פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט". אָבער אין „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" באַהויפּטעט דער זעלביקער מאַרקס, אַז פּרודאָן איז אַ פאַרטרעטער פון דעם קאָנסערוואַטיוון, בורזשואַ־סאָציאַליזם. קען מען זיך גאָר פאָרשטעלן אַ גרע־סערע סתירה? וועמען זאָלן מיר גלייבן: דעם מאַרקס פון דער „הייליקער פאַמיליע" אָדער דעם מאַרקס פון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט"? און וואָס איז די סיבה פון אָט דער אומגעהייַערער סתירה? אָט־די פראַגע שטעלט זיך אונדז ווידער פון דאָס נייַ. אונדזער דערקלערונג איז, נאַטירלעך, ווידער די זעלביקע: מאַרקס האָט געוואָלט באַהאַלטן פאַר דער וועלט, וויפיל ער האָט צו פאַרדאַנקען פּרודאָנען, און

*) *Marx - Engels,* Die heilige Familie, p. 36.

צו דעם צוועק איז פֿאַר אים יעדעס מיטל געווען כשר. עס איז נישטאָ קיין אַנדערע דערקלערונג פֿאַר דער אויסערגעוויינטלעכער דערשײַנונג, און די מיטלען וועלכע מאַרקס האָט אָנגעווענדט אין זײַן שפּעטערן קאַמף מיט באַקונינען באַווײַזן אונדז, אַז ער איז אַבסאָלוט נישט געווען דעליקאַט אין דעם אויסוואַל פֿון זײַנע מיטלען.

ווי ווײַט מאַרקס איז באַאײַנפֿלוסט געוואָרן פֿון פּרודאָנס אידייען, אַפֿילו פֿון זײַנע דירעקט אַנאַרכיסטישע אידייען, באַווײַזן זײַנע פּאָליטישע אָפּהאַנדלונגען פֿון יענעם פּעריאָד.

# III

אין דער „הייליקער פֿאַמיליע" באַשעפֿטיקט זיך מאַרקס הויפּטזאַכלעך מיט פּרודאָנען ווי אַ סאָציאַליסט און עקאָנאָם. אויבן האָבן מיר אָנגעוויזן, וואָס פֿאַר אַן אויסערגעוויינטלעך הויכע מיינונג מאַרקס האָט געהאַט אין שײַכות צו דער וויסנ־שאַפֿטלעכער באַדײַטונג פֿון דעם געניאַלן פֿראַנצויזישן שריפֿטשטעלער ווי אַ קרי־טיקער פֿון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און ווי אַ קעגנער פֿון די פּריוואַט־קאַפּי־טאַליסטישע אונטערנעמונג־רעכטן. מאַרקס האָט אויסדריקלעך דערקלערט, אַז פּרו־דאָנס אָפּהאַנדלונגען איבער דעם סיסטעם פֿון רעכט און פּראָפֿיט (מער ווערט) זײַנען די באַדײַטנדיקסטע לײַסטונגען פֿון דעם פֿראַנצויזישן סאָציאַליסט, און ער איז גאַנץ זיכער, אַז פּרודאָן איז געווען דער דאָזיקער, וועלכער האָט מאַרקסן געגעבן די פֿונדאַמענטאַלע באַזע פֿון זײַן אייגענער „מער־ווערט"־טעאָריע. נאָך אַלעם דעם וואָס מאַרקס האָט געשריבן אין דער „הייליקער פֿאַמיליע" איבער פּרודאָנען, ווײַזט זיך קלאָר און דײַטלעך אַרויס דער געוואַלטיקער אײַנפֿלוס פֿון דעם פֿראַנצויזישן שריפֿט־שטעלער אויף דער אַנטוויקלונג פֿון מאַרקסן ווי אַ סאָציאַליסט און ווי אַ קריטיקער פֿון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

אָבער מאַרקס איז נישט נאָר שטאַרק באַאײַנפֿלוסט געוואָרן פֿון פּרודאָנס עקאָנאָמישע אָנשויונגען, נאָר אויך פֿון זײַנע פּאָליטישע אידייען, פֿון פּרודאָנס אַנאַרכיזם. ווי שטאַרק די דאָזיקע אַנאַרכיסטישע אָנשויונגען זײַנען אַנטוויקלט גע־ווען בײַ מאַרקסן אין דעם ערשטן פּעריאָד פֿון זײַן סאָציאַליסטישער טעטיקייט, באַווײַזט אַן אַרטיקל פֿון זײַן פֿעדער, וועלכער איז דערשינען אין דעם פּאַריזער „פֿאָרווערטס".

דער „פֿאָרווערטס" איז געווען אַ דײַטשע צײַטשריפֿט, וועלכע איז דערשינען אין דער צײַט פֿון 1844—1845 אין פּאַריז אונטער דער רעדאַקציע פֿון היינריך בערנשטיין. די טענדענץ פֿון דעם „פֿאָרווערטס" איז צו ערשט געווען אַ פּאָליטיש־ראַדיקאַלע. ערשט שפּעטער, נאָך דעם אונטערגאַנג פֿון אַרנאָלד רוגעס „דײַטש־פֿראַנצויזישע יאַר־ביכער" איז בערנשטיין באַקאַנט געוואָרן מיט די געוועזענע מיט־אַרבעטער פֿון דער דאָזיקער צײַטשריפֿט, וועלכע האָבן אים געוווּנען פֿאַר די סאָ־ציאַליסטישע אידייען. פֿון דאַן אָן איז דער „פֿאָרווערטס" געוואָרן אַ סאָציאַליסטי־שער אָרגאַן און פֿיל מיטאַרבעטער פֿון דער אונטערגעגאַנגענער צײַטשריפֿט פֿון אַרנאָלד רוגע, ווי צב"ש באַקונין, מאַרקס, ענגעלס, היינריך הײַנע, זשאָרזש הערוועג און אַנדערע איצט אָנגעהויבן אונטערשטיצן דעם „פֿאָרווערטס" מיט לי־טעראַרישע בײַטראָגן.

אין נומער 63 פון „פאָרווערטס" (דערשינען דעם 7טן אויגוסט 1844) האָט מאַרקס פאַרעפנטלעכט אַ פּאָלעמישן אַרטיקל „קריטישע ראַנד־באַמערקונגען צו דעם אַר־טיקל: „דער קעניג פון פּרײַסן און די סאָציאַלע רעפאָרעם". אין אָט־דעם אַרטיקל באַהאַנדלט מאַרקס אויך דאָס וועזן פונעם שטאַט און ווײַזט אויף די אַבסאָלוטע אומפעיִקייט פון דעם שטאַטס־אָרגאַניזם צו מילדערן די סאָציאַלע עלנט און אָפּצו־שאַפן דעם פּאַופּעריזם. די אידייען, וועלכע מאַרקס אַנטוויקלט אין אָט דעם אַרטיקל, זײַנען ריין אַנאַרכיסטישע אידייען און זײַנען פולשטענדיק אין אַנקלאַנג מיט די טעאָרעטישע אָנשויונגען, וועלכע פּרודאָן, באַקונין און אַנדערע אַנאַרכיסטישע טעאָ־רעטיקער האָבן אויפגעשטעלט איבערן וועזן פון דעם שטאַט. דער פאָלגנדיקער אויסצוג פון מאַרקס' אַרטיקל וועט די לייענערס געבן די מעגלעכקייט, זיי זאָלן אַליין קאָנען אורטיילן:

דער שטאַט איז אומפעיִק אָפּצושאַפן די סאָציאַלע עלנט און צו פאַר־ניכטן דעם פּאַופּעריזם. און אויב דער שטאַט באַשעפטיקט זיך שוין יאָ מיט אָט־דער פראַגע, אויב ער באַשליסט זיך שוין יאָ עפּעס צו טאָן, האָט ער קיין אַנדער מיטל נישט ווי די עפנטלעכע וווילטעטיקייט און אַדמיניסטראַ־טיווע מאָס־מיטלען און אָפט מאָל אַפילו דאָס אויך נישט.

קיין שטאַט קען נישט האַנדלען אַנדערש, ווייל כדי אָפּצושאַפן דעם עלנט, וואָלט ער זיך באַדאַרפט אַליין אָפּשאַפן, ווייל די סיבה פון דעם איבל ליגט אין דעם וועזן, אין דער באַטור פונעם שטאַט און נישט, ווי אַ סך ראַדיקאַלן און רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך איינגערעדט, אין אַ באַשטימטער פאָרעם פונעם שטאַט, וועלכע זיי ווילן איבערבייטן אויף אַ נייער פאָרעם.

עס איז אַ גרויסער טעות צו גלייבן, אַז דער עלנט און די שרעקלעכע איבלען פונעם פּאַופּעריזם קענען אויסגעהיילט ווערן דורך וועלכער עס איז רעפאָרעם פונעם שטאַט. אויב דער שטאַט אָנערקענט שוין יאָ די עקסיסטענץ פון געוויסע סאָציאַלע איבלען, זוכט ער זיי צו דערקלערן אָדער פאַר נאַ־טירלעכע געזעצן, צו וועלכע דער מענטש קען קיין זאַך נישט טאָן, אָדער ווי רעזולטאַטן פון דעם פּריוואַטן לעבן, אין וועלכן ער קען זיך נישט אַרייַנ־מישן, אָדער ווי אַ פעלער פון דער עפנטלעכער פאַרוואַלטונג. דערפאַר באַ־טראַכט מען אין ענגלאַנד דעם עלנט ווי דעם רעזולטאַט פון אַ נאַטור־געזעץ, לויט וועלכן די מענטשן פאַרמערן זיך גיכער ווי די צאָל פון די לעבנס־מיטלען. אַנדערע באַהויפּטן, אַז דער שלעכטער ווילן פון די אָרעמע איז די סיבה פונעם עלנט; דער פּרייסישער קעניג פרידריך ווילהעלם דער 4טער זעט די סיבה אין די נישט־קריסטלעכע הערצער פון די רייכע, און דער קאָנווענט, דער רעוואָלוציאָנערער פראַנצויזישער פּאַרלאַמענט, באַהויפּטעט, אַז די סאָציאַלע איבלען זיינען אַ רעזולטאַט פון דער אַנטי־רעוואָלוציאָנערער איבערצייגונג פון די אייגנטימער. בכן באַשטראָפט מען אין ענגלאַנד די אָרעמע. דער קעניג פון פּרייסן דערמאָנט די רייכע אין זייערע קריסטלעכע פליכטן, און דער פראַנצויזישער קאָנווענט נעמט אַראָפּ די קעפּ פון די אייגנטימער.

אויסער דעם זוכן אַלע שטאַטן די סיבה פון דעם עלנט אין די צופעליקע אָדער בכיוונדיקע פעלערן פון דער אַדמיניסטראַציע, און דעריבער גלייבן זיי, אַז זיי וועלן אומשטאַנד זיין צו פאַרניכטן דעם איבל דורך אַדמיניסטראַטיווע מאָסמיטלען. אָבער דער שטאַט האָט נישט די קראַפט אויסצוגלייכן דעם ווידערשפּרוך צווישן דעם גוטן ווילן פון דער פאַרוואַלטונג און אירע אמת־דיקע פעיקייטן; ווייל אויב אַזוי וואָלט ער זיך אַליין באַדאַרפט פאַרניכטן, דערפאַר וואָס ער שטיצט זיך אויף אָט דעם ווידערשפּרוך, דעם ווידער־

> שפּרוך צווישן דעם עפנטלעכן לעבן און דעם פּריוואַטן לעבן, צווישן די אַלגעמיינע אינטערעסן און די באַזונדערע אינטערעסן. די פּאַרוואַלטונג איז דערפּאַר באַשרענקט אויף אַ ריין פאָרמעלער און נעגאַטיווער טעטיקייט, ווייל דאָרטן, ווו עס הייבט זיך אָן דאָס בירגערלעכע לעבן און זיין אַרבעט, דאָרטן ענדיקט זיך די מאַכט פון דער אַדמיניסטראַציע. די שטאַטלעכע פּאַרוואַלטונג איז קיין מאָל נישט אומשטאַנד אָפּצושאַפן די קאָנסעקווענצן, וועלכע אַנטוויקלען זיך לאָגישערווייז דורך דעם אַנטי־סאָציאַלן כאַראַקטער פון דעם בירגערלעכן לעבן, דורך דעם פּריוואַט־אייגנטום, דעם האַנדל, דער אינדוסטריע און דער קעגנזייטיקער באַרויבונג פון די פאַרשיידענע בירגערלעכע גרופּן. די נידערטרעכטיקייט און שקלאַפערײַ פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט זיינען דער נאַטירלעכער פונדאַמענט פון דעם מאָדערנעם שטאַט. די עקסיסטענץ פונעם שטאַט און די עקסיסטענץ פון דער שקלאַפעריי קענען נישט אָפּגעטיילט ווערן איינע פון די אַנדערע. פּונקט ווי דער אַלטער שטאַט און די אַלטע שקלאַפעריי — אָפנהאַרציקע קלאַסישע קעגנזאַצן — זיינען ענג פאַרבונדן געווען איינע מיט די אַנדערע, אַזוי איז אויך דער מאָדערנער שטאַט און די מאָדערנע קרעמער־וועלט — היפּאָקריטישע קריסטלעכע קעגנזאַצן — פעסט צוזאַמענגעשמידט איינע מיט די אַנדערע.

אָט־די פולשטענדיק אַנאַרכיסטישע אויפפאַסונג איבערן וועזן פונעם שטאַט, וועלכע קלינגט אַזוי מאָדנע אין פאַרגלײַך מיט די שפּעטערדיקע מיינונגען פון מאַרקסן, איז אַ נײַער באַווײַז פאַר דעם אַנאַרכיסטישן אורשפּרונג פון זײַן ערשטער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג. אין מאַרקס' אַרטיקל שפּיגלט זיך אָפּ די גאַנצע אידייע פון פּרודאָנס קריטיק וועגן דעם שטאַט, וועלכע האָט געפונען איר ערשטן אויסדרוק אין זײַן באַרימטער שריפט „וואָס איז אייגנטום?" אָט־דאָס אומשטערבלעכע ווערק האָט געהאַט דעם אַנטשיידנדיקסטן אײַנפלוס אויף דעם גײַסטיקן אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון דעם דײַטשן קאָמוניסט, הגם ער האָט שפּעטער אָנגעווענדט אַלע מיטלען — און זײַנע מיטלען זײַנען נישט אַלע מאָל געווען די בעסטע — אויף אָפּצולייקענען די ערשטע פאַזע פון זײַן טעטיקייט ווי אַ סאָציאַליסט. די מאַרסיסטן האָבן נאַטירלעך אונטערגעשטיצט זייער מײַסטער אין דער דאָזיקער באַציִונג, און אַזוי האָט זיך ביסלעכווײַז אַנטוויקלט אַ גאַנץ פאַלשע היסטאָרישע אויפפאַסונג וועגן דעם כאַראַקטער פון די אורשפּרינגלעכע באַציִונגען צווישן מאַרקסן און פּרודאָנען.

הויפּטזאַכלעך אין דײַטשלאַנד, ווו פּרודאָן איז כמעט אין גאַנצן אומבאַקאַנט, עקסיסטירן די מערקווירדיקסטע פאָרשטעלונגען וועגן דער גײַסטיקער פאַרהעלטעניש צווישן די בײדע מענער. און עס וואָלט ווירקלעך נישט געשאַדט, ווען די זעלבע צוויי הערן, וועלכע רופן פּרודאָנען אוטאָפּיסט, „בורזשואַ־סאָציאַליסט" אאַ"וו, הגם זיי האָבן זײַנע שריפטן קיין מאָל פאַר די אויגן נישט געהאַט, עס וואָלט ווירקלעך נישט געשאַדט, ווען זיי וואָלטן עטוואָס בעסער שטודירט די ערשטע שריפטן פון זייער מײַסטער און דעם ערשטן אורטייל, וועלכן ער האָט אָפּגעגעבן איבער פּרודאָנען. זיי וואָלטן געוויס אַ סך געווינען פון דעם, ווײַל פילנדיק דעם געוואַלטיקן ווידערשפּרוך צווישן מאַרקס' ערשטע באַמערקונגען און זײַנע שפּעטערדיקע באַהויפּטונגען איבער דעם אַנאַרכיסטישן טעאָרעטיקער, וואָלטן זיי ביסלעכווײַז באַגריפן, אַז אַפילו גרויסע גײַסטער האָבן אויך זייערע שוואַכע זײַטן, ווי מיר האָבן געזען. זיי וואָלטן זיך ביסלעכווײַז אויסגעלערנט גערעכטער צו משפּטן איבער פּער־

זאַגען און אידייען, וועלכע זיינען נישט אין אַנקלאַנג מיט דער „מאַרקסיסטישער וויסנשאַפט", און דאָס אַליין וואָלט שוין געווען אַ גרויסער געווינס פאַר זיי.

וואָס מער עס געלינגט אונדז זיך צו באַקענען מיט די אומצייליקע שריפטן פון דער אַלטער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, אַלץ מער באַגרייפן מיר ווי פיל, ווי אומענדלעך פיל דער אַזוי געררופענער „וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם" האָט צו דאַנקען יענע „אוטאָפּיסטן", וועלכע זיינען אויף אַ געוויסער צייט פאַרגעסן געוואָרן צוליב דער ריזיקער פּראָפּאַגאַנדע פון דער מאַרקסיסטישער שולע און צוליב אַ גאַנצער רייע אומשטענדן, וועלכע האָבן כמעט אין גאַנצן פאַרניכטעט די סאָציאַ־ליסטישע ליטעראַטור פון דעם ערשטן פּעריאָד. און גראָד פּרודאָן, דער אַנאַרכיסט, וועלכער איז אַזוי פיל פאַרלוימדעט און אַזוי ווייניק פאַרשטאַנען געוואָרן פון אונ־דזערע מאָדערנע שטאַט־סאָציאַליסטן, גראָד ער איז געווען איינער פון די וויכטיק־סטע לערער פון מאַרקסן, וועלכער האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פון זיין גאַנצער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג. אַז די שטעלונג צווישן מאַרקסן און דעם אַנאַרכיזם איז נישט שטענדיק געווען די זעלביקע, איז, דאַכט זיך, גענוגנדיק באַוויזן געוואָרן אין אונדזער אַרטיקל.

1905

# שאַרל פוריע און די „טעאָריע פון פיר באַוועגונגען״

הונדערט יאָר זײַנען אַריבער, זינט עס איז דערשינען איינס פון די מערק־ווירדיקסטע ביכער, וואָס עס איז ווען עס איז געשריבן געוואָרן. מיר ריידן פון שאַרל פוריעס הויפּט־ווערק „די טעאָריע פון די פיר באַוועגונגען״. דאָס דאָזיקע ווערק איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין 1808 אין דער פראַנצויזישער שטאָט ליאָן. דער נאָמען פונעם אויטאָר איז געווען אומבאַקאַנט, און דאָס בוך אַליין האָט נישט אַרויסגערופן קיין שום אויפמערקזאַמקייט. ווייניקע האָבן עס געלייענט און אַפילו די מייסטע פון אָט די ווייניקע זײַנען געקומען צום אויספיר, אַז דער שרײַבער איז אָן ספק, אַ מענטש, וועלכער איז נישט בײַ זײַן פולן פאַרשטאַנד.

די צײַט איז געווען זייער אַן אומגינסטיקע. גאַנץ אייראָפּע איז געווען אַ גע־וואַלטיק שלאַכטפעלד. די שטימען פון די קאַנאָנען האָבן באַהערשט די אַלגעמיינע פּאָליטישע לאַגע. אַן אַלטע וועלט איז אונטערגעגאַנגען אין אַ ים פון בלוט און פײַער, און פאַר פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען און גוזעלשאַפטלעכע קריטישע שפּע־קולאַציעס איז דעמאָלט קיין פּלאַץ נישט געווען. אָט דער דאָזיקער אויסערגעוויינט־לעכער צושטאַנד אין אייראָפּע און הויפּטזאַכלעך אין פראַנקרײַך, ווו נאַפּאָלעאָן האָט מאָביליזירט איין אַרמיי נאָך דער אַנדערער, איז געווען די הויפּט־סיבה פאַר וואָס מען האָט נישט געשאָנקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט דעם דערשײַנען פון יענעם מערקווירדיקן בוך, וואָס אַן איינזאַמער דענקער האָט פאַרעפנטלעכט אויף זײַנע אייגענע הוצאות אונטער דעם נאָמען: „La théorie des quatre mouvements״. אָבער עס איז פאַראַן נאָך אַ סיבה, וועלכע האָט זייער שטאַרק געשטערט דעם בוך, אַפילו שפּעטער, ווען די אַלגעמיינע באַדינגונגען צו שטודירן די סאָציאַלע פראַגן זײַנען גינסטיקער געוואָרן. נעמלעך, דער שרעקלעכער סטיל, אין וועלכן עס איז געשריבן געוואָרן, אַ סטיל, וועלכער דערמאָנט אונדז זייער אָפט אין דעם פילאָ־סאָפישן זשאַרגאָן פון דעם דײַטשן פילאָסאָף העגעל און אַ סך פון זײַנע אָנהענגערס און נאָכפאָלגערס — און די מערקווירדיקע פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען, מיט וועל־כע פוריע איבערראַשט זײַנע לייענער. פוריע, וועלכער האָט זיך אַליין גערופן דער „נאָכפאָלגער פון קריסטוס״, האָט זײַנע אידייען באַטראַכט פאַר אַ מין אַנטפּלעקונג.

ער איז פּערזענלעך געווען איבערצײַגט, אַז זײַן „אַנטדעקונג“ איז די געוואַלטיקסטע, וועלכע דער מענטשלעכער גײַסט האָט ביז אַהער געמאַכט, און די דאָזיקע שטימונג ווײַזט זיך דײַטלעך אַרויס אין הונדערטער פאַרשיידענע פּלעצער פון זײַן ערשטן ווערק. מען דערפילט, אַז דער אויטאָר איז אַליין אויך איבערראַשט געוואָרן פון זײַנע אייגענע אידייען. אַ גאַנץ נײַע וועלט האָט זיך פּלוצלינג אויפגעעפנט פאַר זײַנע אויגן, און ווײַל ער האָט נישט געהאַט קיין באַוווסטע פאָרגייער, האָט ער צו לעצט געגלייבט, אַז זײַן „אַנטדעקונג“ איז דער רעזולטאַט פון אַ העכערער אינספּיראַציע. דאָס איז די איינציקע דערקלערונג פאַר דער עקזאַלטירטער שטימונג פון דעם מחבר, וועלכער גיט זײַנע ווערטער אָפט מאָל אַ קאָמישן אײַנדרוק. דאָס איז אויך די איינציקע דערקלערונג, פאַר וואָס אייניקע היסטאָריקער און קריטיקער פונעם סאָציאַליזם באַגנוגענען זיך מיט אייניקע בײַשפּילן פון פוריעס ווערק, כדי צו באַווײַזן, אַז דער פאַרפאַסער פון דער „טעאָריע פון די פיר באַוועגונגען“ איז אייגנטלעך בלויז געווען אַ משוגענער פאַנטאַזיאָר, אַ האַלבער משוגענער, וועמענס אידייען מען קען נישט אָננעמען פאַר ערנסט. אָבער די יעניקע, וועלכע שטעלן זיך נישט אָפּ בײַ אויסערלעכע קלייניקייטן און דרינגען אַרײַן טיפער אין דעם גײַסט פון פוריעס לערע, וועלן זיכער קומען צו דער מסקנה, אַז דער דאָזיקער מאַן איז געווען איינער פון די גרעסטע און אָריגינעלסטע דענקער, וועלכע דאָס 19טע יאָרהונדערט האָט אַרויסגעגעבן. זײַן גלענצנדיקע קריטיק פון דעם קאַפּיטאַליסטישן האַנדלס־סיסטעם איז ביז איצט געווען די אויסגעצייכנטסטע. זײַן געניאַלע אײַנטיילונג פון דער מענטשלעכער געשיכטע, זײַן אויפפאַסונג פון דער מענטשלעכער אַרבעט, זײַן טעאָריע פון דער „אַטראַקטיווער אַרבעט“, זײַנע טיפזיניקע באַמערקונגען וועגן דער פאַרהעלטעניש צווישן אינדוסטריע און אַגריקולטור; זײַנע פּעדאַגאָגישע קאָנצעפּטן; זײַן נײַע סעקסועלע מאָראַל; זײַן טיף־באַגרינדעטע מיינונג איבער דעם ווערט פון דער אינדיווידועלער איניציאַטיוו און דער פרײַוויליקער טעטיקייט און גרופּירונג, דאָס אַלץ מאַכט אים פאַר איינעם פון די גרעסטע און באַדײַטנדיקסטע פאָרקעמפער פונעם סאָציאַליזם אין אַלגעמיין און אין דער זעלביקער צײַט איינעם פון די גרעסטע פּיאָנערן פון דעם פרײַען אָדער אַנאַרכיסטישן סאָציאַליזם.

שאַרל פוריע איז געבוירן געוואָרן דעם 7טן פעברואַר 1772 אין דער פראַנצויזישער שטאָט בעסאַנסאָן, אין וועלכער אויך פּרודאָן האָט צום ערשטן מאָל דערזען דאָס ליכט פון דער וועלט. זײַן פאָטער איז געווען אַ רײַכער סוחר און האָט אים איבערגעלאָזט אַ היפּש פאַרמעגן בירושה, אָבער בעת דער רעוואָלוציע האָט פוריע אַלץ פאַרלוירן און ער האָט שפּעטער געמוזט פאַרדינען זײַן ברויט ווי אַ האַנדלס־רײַזנדער. אין זײַנע שריפטן דערציילט ער אונדז, ווי ביטער ער האָט געהאַסט די דאָזיקע באַשעפטיקונג, וועלכע האָט אָבער פון דעסטוועגן אין אים אַנטוויקלט דעם ערשטן געדאַנק, אַז די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, אין וועלכער ער האָט געלעבט, איז אַ שלעכטע און פאַרברעכערישע און שטייט נישט אין אײַנקלאַנג מיט דער נאַטירלעכער באַשטימונג פונעם מענטשן. פוריע איז געווען איינער פון די ביטערסטע קעגנער פון דער רעוואָלוציע און דערפאַר איז אויך זײַן אורטייל איבער די גרויסע געשעענישן פון יענער צײַט געווען זייער איינזײַטיק אין פיל באַציִונגען. אָבער איין זאַך האָט פוריע נישט באַגריפן: ער האָט געזען, אַז דער בלוטיקער קאַמף צווישן די פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, אויף צו דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, האָט

פאַר דער סאָציאַלער לאַגע פון די ברייטע מאַסן קיין שום באַדײַטונג נישט. ער האָט געזען, אַז די קאַפּיטאַליסטישע לוין־שקלאַפערײַ, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט נאָך דער אָפּשאַפונג פונעם פעאָדאַליזם, איז נישט מער ווי אַ נײַע פאָרעם פון דער זעלביקער שקלאַפערײַ, אונטער וועלכע די מענטשהייט האָט שוין געקרעכצט זײַט הונדערטער און הונדערטער יאָרן. פוריע האָט פאַרשטאַנען, אַז די פאָרעם פון דער אויסבײַטונג שפּילט אַ קליינע ראָל, אַז אין דער עקסיסטענץ, נישט אין דער אויסבײַטונג־סיסטעם ליגט באַהאַלטן דער איבל. ער איז געווען מיט דער מיינונג, אַז די פּאָליטישע פּאַרטייען אין זייער קאַמף איינע מיט דער אַנדערער זײַנען נישט מער ווי די אומפאַרמײַדלעכע רעזולטאַטן פון די פאַרשיידענע קלאַסן־אינטערעסן אין דער געזעלשאַפט. די עקסיסטענץ פון די דאָזיקע פּאַרטייען שטיצט זיך אויף דער פאַרשיידנקייט פון די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן אין דער געזעלשאַפט. בכן זײַנען די ביטערסטע קעגנער פון אַ האַרמאָניע פון די מענטשלעכע אינטערעסן און זייער גאַנצע טעטיקייט איז אַ שעדלעכע פאַר דעם מענטשלעכן פאָרשריט. אָבער ווי אַזוי קומט עס, וואָס עס עקסיסטירן פאַרשיידענע אינטערעסן אין דער געזעלשאַפט? פשוט דערפאַר, ווײַל די מענטשן האָבן ביז אַהער נישט אויסגעפונען דאָס גרויסע מיטל פון דער האַרמאָניע פון די געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן און אָט דאָס מיטל איז די „אַסאָציאַציע“, די געמיינשאַפטלעכקייט פון דער מענטשלעכער אַרבעט.

אין דער „טעאָריע פון די פיר באַוועגונגען“ דערקלערט פוריע, אַז עס זײַנען פאַראַן פיר רײַכן אין דער נאַטור: 1) דאָס מאַטעריעלע רײַך; 2) דאָס אָרגאַנישע רײַך; 3) דאָס חיהשע רײַך אָדער די וועלט פון די אינסטינקטן; און 4) דאָס סאָציאַלע רײַך אָדער די וועלט פון די לײַדנשאַפטן. אין די דאָזיקע פיר פאַרשיידענע רײַכן הערשט דאָס זעלבע נאַטירלעכע געזעץ, די זעלבע באַוועגונג. דער גרויסער ענגלישער אַסטראָנאָם, אײַזיק ניוטאָן, האָט אַנטדעקט דאָס געזעץ פון דער גראַוויטאַציע, פון דער קעגנזײַטיקער צוציִונג אין דער מאַטעריעלער וועלט. פוריע רופט זיך דער נאָכפאָלגער פון ניוטאָן, וועלכער האָט אַנטדעקט דעם גראַוויטאַציע־געזעץ פון דער סאָציאַלער וועלט. פאַר פוריען איז די מענטשלעכע געשיכטע נישט קיין סעריע פון איינפאַכע צופעליקייטן, נאָר אַ לאַנגער און שטענדיקער אַנטוויקלונגספּראָצעס, וועלכער פירט צו אַלץ שלימותדיקערע און קאָמפּליצירטערע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. ביז אַהער האָט די מענטשהייט איבערגעלעבט פיר גרויסע געשיכטלעכע פעריאָדן: 1) דער פעריאָד פון ווילדקייט; 2) דער פעריאָד פון באַרבאַריע; 3) דער פעריאָד פון דעם פּאַטריאַרכאַט און 4) דער פעריאָד פון דער ציוויליזאַציע. דער לעצטער פעריאָד, אין וועלכן מיר לעבן איצטער, צייכנט זיך אויס דורך דער עקסיסטענץ פון באַזונדערע פאַמיליען־גרופּן, דורך צעטיילטן אייגנטום און נישט אָרגאַניזירטער אַרבעט. דער דאָזיקער פעריאָד וועט אָבער נישט עקסיסטירן פאַר אַלע צײַטן, זײַן פּלאַץ וועט פאַרנומען ווערן דורך דער פאַראייניקונג פון די פאַמיליעס, דורך דער קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט, וועלכע האָט די אויפגאַבע צו באַפרידיקן אַלע מענטשלעכע באַדערפעענישן און צו אַנטוויקלען דעם געניוס.

יעדער אַרבעטער וועט אין דער זעלבער צײַט זײַן אַ באַזיצער. פוריע איז נישט קיין קאָמוניסט, ער אָנערקענט דעם פּערזענלעכן באַזיץ און זעט אין אים — ענלעך ווי פּרודאָן — אַ מיטל פאַר דער אינדיווידועלער פרײַהייט און פאַר דער

לעבנס־פעיִקייט פון דעם געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם. דרײַ עלעמענטן שאַפן דעם יסוד פאַר דעם צוקונפטיקן קאָנסום: קאַפּיטאַל, אַרבעט און טאַלאַנט. אָבער אָט־די דרײַ עלעמענטן וועלן מער נישט זײַן אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע ווי הײַנט, נאָר זיי וועלן זיך קעגנזײַטיק דערגאַנצן און זיך פאַרקערפּערן אין יעדן מיטגליד פון דער געזעלשאַפט.

די סען־סימאָניסטן און די מייסטע אַנדערע סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע שולן אינעם ערשטן העלפט פונעם 18טן יאָרהונדערט, האָבן געפּרעדיקט די אונטערדריקונג פון די מענטשלעכע לײַדנשאַפטן און פון אַלע עגאָיִסטישע שטרעבונגען; אייניקע פון זיי זײַנען צו לעצט אָנגעקומען צום אַסקעטיזם. פוריעס שטאַנדפונקט אין אָט־דער באַציִונג איז געווען פונקט אַ פאַרקערטער: ער איז געווען אַ ביטערער פײַנט פון אַלע אַסקעטישע שטרעבונגען און פּרינציפּן און האָט אָפן דערקלערט, אַז דער גענוס און דאָס שטרעבן צו געניסן איז די טרײַב־קראַפט פון דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע. פאַר אים איז דער מענטש נישט געווען קיין שטיק מאַטעריע, כדי דערמיט צו עקספּערימענטירן געוויסע פּרינציפּן. זײַן גרונט־געדאַנק איז געווען, אַז די פּרינציפּן פון אַ פאַרנונפטיק לעבן דאַרפן זיך צופּאַסן צו די נאַטירלעכע שטרעבונגען און באַדערפעניש פונעם מענטשן. פוריע זעט אינעם מענטשן אַזאַ וועזן, וואָס האַלט זיך אין איין אַנטוויקלען און ווערן שלימותדיקער און גראָד די אינערלעכע פעיִקייט צו שלימות איז פאַר אים דער אויסדרוק פון אַ געטלעכן ווילן. יעדער מענטש האָט אין זיך דעם ווונטש צו זײַן גליקלעך; אָבער דאָס גליק איז נישט אַנדערש ווי דער אומבאַשרענקטער גענוס, דערפאַר האַנדלט עס זיך וועגן שאַפן אַזאַ צושטאַנד, וועלכער זאָל אַלעמען געבן די פולע מעגלעכקייט צו געניסן. וואָס גרעסער דער גענוס, אַלץ גרעסער דאָס גליק פונעם מענטשן. דער גענוס אָבער איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די באַפרידיקונג פון די נאַטירלעכע אינסטינקטן, און מיט דעם וואָס די אינסטיטוציעס פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט דערלאָזן נישט אָט־די באַפרידיקונג, רופן זיי אַרויס דאָס פאַרברעכן, וועלכעס איז נישט מער ווי דער פּראָטעסט קעגן דער אוממעגלעכקייט צו באַפרידיקן די נאַטירלעכע באַדערפענישן. דער עגאָיִזם און די לײַדנשאַפטן זײַנען ווי אַזעלכע נישט שלעכט, נײַערט דער נאַטירלעכער אויסדרוק פון אַ נאָרמאַלן מענטשן, און עס ווענדט זיך אין די באַדינגונגען, אין וועלכע דער מענטש לעבט, צי זײַנע נאַטירלעכע אינסטינקטן זאָלן זיך אַנטוויקלען אין אַ גוטער אָדער אין אַ שלעכטער ריכטונג. מיט איין וואָרט, נישט די אונטערדריקונג, נאָר די האַרמאָניע פון די לײַדנשאַפטן איז דאָס גרויסע פּראָבלעם, וואָס די געזעלשאַפט דאַרף לייזן.

די זעלבע דערקענטעניש האָט פוריען אויך געפירט צו זײַן טעאָריע פון דער „אַטראַקטיווער אַרבעט“, אין וועלכער מיר דערקענען צום בעסטן די געניאַליטעט פון זײַנע געדאַנקען.

פאַר די פאַרטרעטער פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע איז די אַרבעט נישט אַנדערש ווי אַ „ווערט־שאַפנדיקע“ טעטיקייט. דער עקאָנאָמיסט זעט בלויז דעם ווערט, דעם מאַטעריעלן ווערט פון דער אַרבעט און ער איגנאָרירט אין גאַנצן דעם טיפן אינערלעכן פּראָצעס פון דער פּראָדוקטיווער טעטיקייט. אויך די מייסטע סאָציאַליסטישע קריטיקער פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, איבערהויפּט די מאַרקסיסטישע סאָציאַלסטן, מאַכן דעם זעלבקן טעות. ווען מיר וואַרפן אַ בליק אין זייערע

שריפטן, דעמאָלט לייענען מיר בלויז פון „וואַריאַבלען" און „קאָנסטאַנטן" קאַפּיטאַל, פון „אַרבעט־קראַפט" און „אַרבעט־ווערט" אאַ"וו און מען פאַרגעסט זיך אין גאַנצן, אַז הינטער אַט־די מאַטעמאַטישע אויסדרוקן שטייען מענטשן פון פלייש און בלוט, מענטשן מיט לעבעדיקע שטרעבונגען, מיט טויזנטער אינסטינקטן, ווונטשן און באַדערפעניש. מיר באַוועגן זיך אין אַ וועלט פון אַבסטראַקטע פאַרשטעלונגען, פון מאַטעמאַטישע פאַרגלײַכונגען, אין אַ וועלט פון שאָטנס און פאַרלירן צו לעצט אין גאַנצן די פאַרשטענדעניש פאַר דער רעאַלער ווירקלעכקייט פונעם לעבן.

פוריע איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערקלערט, אַז די אַרבעט איז נישט בלויז אַ ריין מאַטעריעל מיטל, אויף צו פאַרזאָרגן דעם מענטשן מיט די נייטיקע פּראָדוקטן, נאָר זי איז אין דער זעלבער צײַט אַן עטישע באַדערפעניש, אַן אינערלעכער אינסטינקט פונעם מענטשן. דער אינסטינקט צו אַרבעטן איז דער אינסטינקט צו שאַפן און דער דאָזיקער אינסטינקט מאַניפעסטירט זיך אין אַלע טיילן פון דער מענטשלעכער וועלט. אַפילו אין דעם ווילדן מענטש לעבט אַט־דער אינסטינקט; ער קריצט אויס פיגורן אויף די שטיינער פון זײַן הייל, ער באַצירט זײַנע וואָפן און אין אַלץ וואָס ער שאַפט, ווײַזט זיך אַרויס זײַן אינערלעכע בענקשאַפט נאָך דער פאָרעם. וואָס ווײַטער די מענטשהייט אַנטוויקלט זיך, אַלץ מעכטיקער מאַניפעסטירט זיך דער דאָזיקער אינסטינקט, די דאָזיקע עטישע באַדערפעניש.

דאָס איז די זעלבע געניאַלע אויפפאַסונג פון דער מענטשלעכער אַרבעט, וועלכע רירט אונדז הײַנט אַזוי טיף און נײַ אין די שריפטן פון וויליאַם מאָריס, קראָפּאָטקין, קאַרפּענטער אאַז"וו. און אין דעם געוואַלטיקן הימן צו דער אַרבעט, וואָס זאָלאַ האָט געדיכטעט און אין וועלכן ער האָט שאַרל פוריען געשטעלט אַ מאָנומענט אויף אַלע צײַטן.

פוריע האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריאַליזם פאַרניכטעט דעם דאָזיקן עטיש־עסטעטישן אינסטינקט אין מענטשן. ער האָט באַגריפן, אַז דאָס קאַפּיטאַליסטישע אויסאַרבעטונג־סיסטעם צעשטערט נישט בלויז דאָס געזונט־ און לעבנס־קראַפט פון זײַנע לוין־שקלאַפן, נאָר עס צעשטערט אויך אין זיי די טיפע שעפערישע קראַפט פון דער מענטשלעכער אַרבעט. אַט דערפאַר פאָדערט פוריע די פילזײַטיקייט פון דער אַרבעט; ער וויל, אַז אין איר זאָל זיך אַרויסווײַזן דער אינדיווידועלער געשמאַק און די באַזונדערע נייגונג פון יעדן אַרבעטער־קינסטלער. פאַר אים איז די אַרבעט נישט בלויז אַ ריין מעכאַנישער פּראָצעס, בדי צו באַפרידיקן די מענטשלעכע באַדערפענישן, אַ „נויטווענדיקער איבל", ווי אייניקע האָבן זי גערופן, נײַערט אַן אַטראַקטיווע קראַפט, וועלכע אַפּעלירט שטענדיק צום שאַפונגס־אינסטינקט פונעם מענטשן.

ענג פאַרבונדן מיט דער געניאַלער אידייע פון דער „אַטראַקטיווער אַרבעט" איז פוריעס דערציִונג־סיסטעם. אויך אין דער דאָזיקער באַציִונג איז דער פראַנצויזישער דענקער געווען אַ פּיאָנער. פוריע איז דער ביטערסטער קעגנער פון יענעם מערדערישן מעטאָד, וועלכער זוכט דעם קינדערשן גײַסט אַרײַנצופּרעסן אין געוויסע בילדונגס־פאָרמען, איגנאָרירנדיק יעדע אינדיווידועלע נייגונג און פעיִקייט. די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דעם דערציִען, איז אויסצוגעפינען די פּסיכאָלאָגישע אייגנטימלעכקייטן פון יעדן קינד באַזונדער, זײַן כאַראַקטער, זײַנע נאַטירלעכע

שטרעבונגען און נייגונגען און נאָך דעם צו זען, ווי ער קען צום בעסטן אַנטוויקלען די דאָזיקע נאַטירלעכע אינדיווידועלע גרונט־באַדינגונגען פון דעם קינדערשן כאַראַקטער. דאָס איז די איינציקע מעגלעכקייט, אַז יעדער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט זאָל קענען געפינען דעם ריכטיקן קרייז פאַר דער מאַניפעסטאַציע און אַנטוויקלונג פון זיינע באַזונדערע פעיִקייטן. פוריע איז אַ קעגנער פון יעדן צוואַנג און דערפאַר אַ קעגנער פון אַלע שטאַטלעכע באַשטימונגען. זיין גרונט־פרינציפּ איז די פריי־ווילינקע טעטיקייט און די פרייע פאַראייניקונג — אַט דערפאַר איז ער איינער פון די גרעסטע פאַרקעמפער פון דעם אַנטי־אויטאָריטעטן אָדער אַנאַרכיסטישן סאָציאַליזם.

פוריע האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז די איינזייטיקע אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג און די פאַרנאַכלעסיקונג פון אַגריקולטור איז נישט מער ווי אַ פאַרביי־גייענדיקע דערשיינונג פונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, אין דער דאָזיקער באַציִונג איז זיין בליק געווען פיל קלאָרער ווי דער בליק פון סען־סימאָן, אָוען, מאַרקס און פיל אַנדערע סאָציאַליסטישע דענקער, וועלכע זיינען אַזוי שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער געוואַלטיקער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, אַז זיי האָבן זייערע טעאָריעס כמעט אויסשליסלעך באַזירט אויף דעם אינדוסטריאַליזם. פוריע האָט געפּרעדיקט די פאַראייניקונג פון אינדוסטריע און אַגריקולטור, אָבער ער האָט דייטלעך אַרויסגעבראַכט, אַז די לעצטע דאַרף פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ אין אַ נאָרמאַלער געזעלשאַפט. די צעל פון פוריעס געזעלשאַפטס־אידעאַל איז געווען די „סעריע" אָדער די גרופּע. די דאָזיקע גרופּן פאַראייניקן זיך אין דעם אַזוי גערופענעם „פאַלאַנסטעריום", אַ געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפט פון 1.600 ביז 1.800 מענטשן, וועלכע לעבן צוזאַמען אין אַ באַזונדערער געביידע און באַשעפטיקן זיך מיט אינדוסטריע און אַגריקולטור. דורך דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע מוז פאַרשווינדן דער אונטערשיד צווישן שטאָט און דאָרף און דער מענטש וועט ווידער זיין פאַראייניקט מיט דער גרויסער נאַטור.

פוריע איז נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנער, ער איז געווען מיט דער מיינונג, אַז מיט געוואַלט וועט מען נישט קענען איבערמאַכן די מוחות פון די מענטשן. ווען די מענטשן האָבן ביז אַהער געלעבט אין עלנט און אין שקלאַפעריי, איז עס דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט געזען קיין אַנדער אויסוועג. דער איינציקער מעטאָד צו באַפרייען די מענטשן איז די דערציִונג און דער פּראַקטישער עקספּערימענט. גאַנצע צען יאָר צייט איז פוריע יעדן טאָג פון 12 ביז 2 געווען אין דער היים און האָט דערוואַרט דעם רייכן מאַן, וועלכער וועט אים געבן אַ מיליאָן, כדי צו גרינדן אַ „פאַלאַנסטעריום", אָבער דער מאַן איז נישט געקומען. אויך זיין פּרוּוו צו פאַראינטערעסירן לוי פיליפּ, דעם קעניג פון פראַנקרייך, פאַר זיין סיסטעם, האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָר נישט.

אין 1822 האָט פוריע פאַרעפנטלעכט זיין צווייט ווערק „Theorie de l'Unité Universelle" (טעאָריע פון דער אוניווערסאַלער איינהייט) אין פיר טיילן, וועלכעס איז אייגנטלעך בלויז אַן אויספירלעכע אויסאַרבעטונג פון זיין ערשטן ווערק וועגן דער „טעאָריע פון די פיר באַוועגונגען". אָבער אויך דאָס ווערק האָט כמעט נישט אַרויסגערופן קיין שום אינטערעס. ערשט נאָך דער אויפלייזונג פון דער סען־סימאָנער שול האָט דער פוריעריזם געפונען מער פאַרשפּריי־

טונג אין פראַנקרײַך. אַ קלײנער קרײַז פון אינטעליגענטע און אָפּפערוויליקע פראָ־פּאַגאַנדיסטן, ווי צב״ש מענע, באַדאַן, דיוואַל, טוסנעל און אַנדערע האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם מײַסטער און אָרגאַניזירט פאַרזאַמלונגען פאַר די אַרבעטער. אין 1833 איז דער שול אַפילו געלונגען אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג אונטער דעם נאָמען „לאַ פאַלאַנסטער", וועלכע איז אָבער נישט לאַנג דערשינען. אין דער זעל־ביקער צײַט האָט באַדאַ די לאַרי, אַ רײַכער סימפּאַטיזירער, געגעבן געלט אויף צו גרינדן אַ פאַלאַנסטעריום, אָבער די פינאַנציעלע מיטלען זײַנען געווען צו ווייניק און דערפאַר איז דער עקספּערימענט קיין מאָל נישט אויסגעפירט געוואָרן. אָט־די דורכפאַלן האָבן דער שול פיל געשאַדט און זי געבראַכט צו אַ קריטישן צושטאַנד. אין אָט דעם געפערלעכן פעריאָד איז וויקטאָר קאָנסידעראַן, אַ העכסט אינטעלי־גענטער, ענערגישער און פעיִקער מאַן צוגעשטאַנען צום פוריעריזם און זײַנע פעיִקייטן האָבן די שול געראַטעוועט פון אַ גיכן אונטערגאַנג. פוריע האָט נאָך אַרויסגעגעבן צוויי גרעסערע ווערק: „Le nouveau monde industriel et societaire" (די נײַע אינדוסטריעלע און געזעלשאַפטן־וועלט) און אין 1835: „La fausse Industrie" (די פאַלשע אינדוסטריע). די פיל דורכפאַלן האָבן אים צו לעצט זייער פאַרביטערט און דעם 9טן אָקטאָבער 1839 האָט מען אים געפונען אַ טויטן אין זײַן קליינעם דאַך־קעמערל אין פאַריז. נאָך זײַן טויט האָט זיך די פוריעריס־טישע שולע אונטער דער פירונג פון וויקטאָר קאָנסידעראַן שטאַרק אַנטוויקלט. קאָנסידעראַן גופא האָט דעם פוריעריזם באַרײַכערט דורך אייניקע זייער באַ־דײַטנדיקע שריפטן, ווי צב״ש „דער סאָציאַליזם פאַר דער אַלטער וועלט", „סאָציאַלע באַשטימונגען" און מ׳טאָר נישט פאַרגעסן זײַן אויסגעצייכנטע קליינע בראָשור: „פרינציפּן פון סאָציאַליזם: מאַניפעסט פון דער דעמאָקראַטיע אינעם 19טן יאָר־הונדערט", וועלכע אַנטהאַלט די טעאָריעס פון דער עקאָנאָמישער געשיכטע־אויפ־פאַסונג פונעם מער־ווערט, פון דער קאָנצענטראַציע פונעם קאַפּיטאַל. מיט איין וואָרט, אַלצדינג וואָס די פאַרטרעטערס פונעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם" האָבן שפּעטער נאָך אַ מאָל אַנטדעקט.

אונטער דער הערשאַפט פון לוי פיליפ האָבן די פוריעריסטן אַפילו אַרויסגעגעבן אַ טעגלעכע צײַטונג, „די פרידלעכע דעמאָקראַטיע". עס זײַנען אויך געמאַכט געוואָרן פיל פראַקטישע פרוון פון פוריעס סיסטעם אין פראַנקרײַך, אַלזשיר, שפּאַניע און אַמעריקע, נאָר אַלע האָבן זיך געענדיקט מיט דורכפאַלן.

דער פוריעריזם האָט אויך באַאײַנפלוסט די ערשטע רוסישע און איטאַליע־נישע סאָציאַליסטן. אין שפּאַניע האָט דער פוריעריסט גאַרידאָ אַרויסגעגעבן אין 1845 אַ פוריעריסטישע צײַטשריפט „לאַ אַטראַקסיאָן" און אין די פּאַראייניקטע שטאַטן האָבן עקסיסטירט אַ גאַנצע ריי פון פוריעריסטישע בלעטער. מיר זעען אַלזאָ, אַז פוריעס אידייען האָבן באַפרוכפערט די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען פון די מייסטע לענדער.

איך האָב אין דער דאָזיקער קורצער אָפּהאַנדלונג נישט דערמאָנט פוריעס אידייען וועגן דער סעקסועלער פראַגע, דערפאַר וואָס אָט־די זײַט פון זײַן לערע פאָדערט אַ ספּעציעל אַרטיקל. איך האָב אויך נישט באַרירט זײַנע פאַנטאַסטישע פּלענער און פאַרשטעלונגען, פון וועלכע מען האָט זיך אַזוי אָפט אויסגעלאַכט

פון אים. איך האָב עס דערפֿאַר נישט געטאָן, ווײַל איך האָב זיך דערמאָנט אין זײַנע אייגענע ווערטער: „איז עס דען נישט אַ ווונדערלעכער דעספּאָטיזם צו פֿאַרדאַמען אַלצדינג, וואָס אַ שריפֿטשטעלער האָט געשריבן, דערפֿאַר וואָס איינצלנע טיילן האַלטן נישט אויס קיין קריטיק? אײַזיק ניוטאָן האָט געשריבן אַלערליי פֿאַנטאַסטישע זאַכן איבער דער אַנטפּלעקונג, ער האָט אַפֿילו געפּרוווט באַווײַזן, אַז דער פּויפּסט איז דער אַנטי־קריסט. אמת, דאָס זײַנען נאַרישקייטן, אָבער פֿון דעסטוועגן אָנער־קענען מיר זײַנע לערעס פֿונעם גראַוויטאַציע־געזעץ. משפּטנדיק וועגן די ווערק פֿון אַ געלערנטן אָדער קינסטלער, דאַרף מען זען אָפּצוטיילן דאָס עכטע גאָלד פֿונעם פֿאַלשן. פֿאַר וואָס בין איך דער איינציקער צו וועמען מען ווענדט נישט אָן אָט־דעם כּלל?"

1908

# מאַקס שטירנער און זיין ווערק

מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז געווען דער 50סטער יאָרצײַט פון אַ מאַן, וועלכער איז געשטאָרבן אָרעם און עלנט, אומבאַקאַנט און פאַרגעסן פון אַלעמען; און פון דעסטוועגן איז אָט־דער מאַן געווען איינער פון די געוואַלטיקסטע גײַסטער אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פונעם מענטשלעכן געדאַנק, אַ זשעני־ע אין פולן זין פון וואָרט, וועלכער האָט אָנגעמאַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע צווישן זײַנע געביל־דעטע צײַט־חברים מיט דער אומבאַזיגלעכער קראַפט פון זײַנע אויסערגעוויינטלע־כע און אָריגינעלע אָנשויונגען.

דאָס איז געווען אין מיטן די פערציקער יאָרן, פאַר דעם גרויסן פעלקער־שטורעם פון 1848, אַ זעלטענע קאָכעדיקע עפּאָכע פון אַ וואונדערלעכער גײַסטיקער אַנט־וויקלונג, זייער ענלעך צו דער אויסערגעוויינטלעכער עפּאָכע פאַר דעם אויסברוך פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ווען די שריפטן פון רוסאָ, וואָלטער, דידראָ, קאָנדאָרסע, העלוועציוס, האָלבאַך, לאַמעטריע און פיל אַנדערע האָבן גע־מאַכט ציטערן די מאָראַלישע יסודות פון דער אַלטער, אָפּשטאַרבנדיקער געזעל־שאַפט און צעשטערט דעם הייליקן רעספּעקט פאַר די אויטאָריטערע טראַדיציעס. אין דײַטשלאַנד האָט דער נײַער פילאָסאָפישער מעטאָד פון זש. וו. פ. העגעל אַרויס־גערופן אַ גאַנצן איבערקער אין די פילאָסאָפישע און פּאָליטישע אָנשויונגען פון דער צײַט, און איר אײַנפלוס האָט זיך אַפילו מאַניפעסטירט אין די מייסטע אַנדערע לענדער פון אייראָפּע. גאַנץ נײַ איז די העגעלשע דיאַלעקטיק אייגנטלעך נישט געווען, וואָרעם דער פראַנצויזישער מאָנאַך דאָם רעשאַן האָט שוין אויפגעשטעלט די זעלביקע טעאָריע פון דער „טעזע", „אַנטיטעזע" און „סינטעזע" אין דער צוויי־טער העלפט פונעם 18טן יאָרהונדערט; אָבער זײַנע שריפטן זײַנען געבליבן אומ־באַקאַנט און זײַן נאָמען איז כמעט פאַרגעסן געוואָרן; דעריבער איז העגעלס דיאַלעקטישער מעטאָד געווען אַ גאַנץ נײַע דערשײַנונג. עס איז גאָר קיין צווייפל נישט, אַז די אייגנטלעכע באַדײַטונג פון העגעל איז זייער שטאַרק איבערטריבן געוואָרן, אָבער פאַר אַ געוויסן פעריאָד האָבן זײַנע אידייען געהאַט אַ געוואַלטיקן אײַנפלוס אויף דעם גאַנצן גײַסטיקן לעבן פון אייראָפּע. העגעל אליין איז געווען אַ קאָנסעקווענטער רעאַקציאָנער און זײַן גאַנצער מעטאָד האָט פאַר אים אייגנטלעך נאָר געהאַט דעם פּראַקטישן ווערט צו באַווײַזן, אַז „אַלץ וואָס עקסיסטירט איז באַרעכטיקט און ווערט צו עקסיסטירן"; אין אָט־דער באַציִונג עקסיסטירט אַ גרויסע

קרובהשאַפט צווישן אים און די ביידע פראַנצויזן דע מעסטר און באָנאַלד, וועלכע האָבן געפּרוווט טעאָרעטיש און פילאָסאָפיש צו באַגרינדן די אויטאָריטערע וועלט־אָנשויונג. אָבער דער העגעלשער מעטאָד, הגם ער האָט נישט קיין ווערט פאַר שטרענג וויסנשאַפטלעכע אונטערזוכונגען, ווירקט ער אָבער זייער שטאַרק אויף די קריטישע זײַטן פון אונדזערע גײַסטיקע פעיִקייטן, און דאָס איז די סיבה פאַר וואָס ער האָט באַקומען פאַר אַ געוויסער צײַט אַזאַ רעוואָלוציאָנערע באַדײַטונג. דער לינקער פליגל פון די העגעליאַנער איז געקומען צו גאַנץ אַנדערע שלוסן ווי דער רעכטער קאָנסערוואַטיווער און רעאַקציאָנערער פליגל, און ענדלעך איז אַנטשטאַנען די גרויסע שפּאַלטונג צווישן די „יונגע" און „אַלטע" העגעליאַנער. די יונגע ריכטונג האָט אָנגעפירט אַ געוואַלטיקן קאַמף קעגן אַלע אידייען און באַגריפן, וועלכע די פאַרגאַנגענהייט האָט אונדז איבערגעלאָזט ווי אַ ירושה. עס איז געווען די גרויסע „צײַט פון דער נעגאַציע", דער קאַמף קעגן אַלע טראַדיציעס, די תקופה פון צעשטערונג. די אויטאָריטערע געזעלשאַפט איז פּלוצלונג אַטאַקירט געוואָרן פון אַלע זײַטן. אירע אַלטע, פאַר הייליק דערקלערטע פונדאַמענטן, האָבן זיך אָנגעהויבן צו טרייסלען אונטער דער מאַכט פון דער רעוואָלוציאָנערער קריטיק. לודוויק פײַערבאַך, דאַוויד שטרויס, ברונאָ בויער, אַרנאָלד רוגע, מיכאַיל באַקונין, קאַרל מאַרקס, משה העס, פרידריך ענגעלס, קאַרל גרין און פיל אַנדערע האָבן אָנגעווענדט העגעלס פּרינציפּ פון דער נעגאַציע מיט אַ שנײַדנדיקער שאַרפקייט.

צו ערשט האָט זיך דער קאַמף הויפּטזאַכלעך אָפּגעשפּילט אויף דעם רעליגיעזן געביט. פײַערבאַך האָט אַנאַליזירט די רעליגיעזע אידייע און האָט דער אַנטי־רעליגיעזער קריטיק צום ערשטן מאָל געגעבן אַ גאַנץ אַנדערע ריכטונג. ער האָט דערקלערט, אַז גאָט עקסיסטירט נאָר אין דער מענטשלעכער פאָרשטעלונג־קראַפט, אַז דער מענטש איז דעריבער דער אייגנטלעכער באַשאַפער פון דער גאָטהייט. דער שטרײַט פון די טעאָלאָגן וועגן דער „בעסטער רעליגיע" איז לעכערלעך און אַבסורד, דערפאַר וואָס ער קען נישט לייזן די אייגנטלעכע פראַגע. די פראַגע איז נישט: וואָס איז די בעסטע רעליגיע? נײַערט: וואָס איז די אורזאַך פון רעליגיע? פון וואַנען האָט זיך גענומען דער גלויבן אין אַ גאָט? וואָס זײַנען געווען די פאַרשיידענע פאַזן פון דער רעליגיעזער אַנטוויקלונג? וואָס וועט זײַן איר סוף? — פײַערבאַך איז געקומען צום באַשלוס, אַז די ביאָגראַפיע פון גאָט איז די ביאָגראַפיע פונעם מענטשן, די געשיכטע פון די רעליגיעס איז די געשיכטע פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג; ווײַל דאָס וואָס דער מענטש רופט גאָט, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די פאַרגרעסערטע געשטאַלט פון זײַן אייגענער פּערזענלעכקייט, די הימלישע אָפּשפּיגלונג פון זײַן ערדישער עקסיסטענץ, די מעטאַפיזישע פאָרשטעלונג פון זײַן מאַטעריעלער אַנטוויקלונג. דער רעזולטאַט פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן פּראָצעס איז געווען אַז דער מענטש, וועלכער לעבט און עקסיסטירט, האָט זיך מקריב געווען פאַר אַ זאַך, וועלכע עקסיסטירט נישט, אָדער בעסער געזאָגט, פאַר אַ זאַך וועלכע לעבט נאָר אין זײַן פאָרשטעלונג־קראַפט; מיט אַנדערע ווערטער: דער מענטש איז געוואָרן אַ שקלאַף פון זײַן אייגענעם שאָטן. דאָס איז די גרויסע טראַגעדיע פון אַלע רעליגיעס, אַז דער מענטש איז תמיד מקריב זײַן מאַטעריעל וועזן פאַר אַן אַבסטראַקטער פאָרשטעלונג. ער גיט אַוועק דאָס לעבן און באַקומט דערפאַר דעם טויט. אַזוי ווי גאָט איז נישט מער ווי די מעטאַפיזישע אָפּשפּיגלונג

פונעם מענטשן, אַזוי איז אויך די פאָרשטעלונג פון אַ יענער וועלט נישט אַנדערש ווי די מעטאַפיזישע אָפּשפּיגלונג פון אָט־דער וועלט; און פּונקט ווי דער מענטש איז מקריב זײַן אייגענע פּערזאָן פאַר אַ פאַנטאַזיע, אַן אַבסטראַקטע פאָרשטעלונג, אַזוי איז ער אויך מקריב אָט־די וועלט, אין וועלכע ער לעבט, לײַדט און שטאַרבט פאַר אַ הימלישער אוטאָפּיע.

דאָס איז געווען די קווינטעסענץ פון פײַערבאַכס פילאָסאָפישער קריטיק. דער דײַטשער דענקער האָט פאַרניכטעט גאָט מיט דעם וואָס ער האָט געפרעגט, פון וואַנען די גאָט־אידייע האָט זיך גענומען; אַנאַליזירנדיק אָט־די אידייע, האָט ער געזען אַז גאָט איז נאָר אַ שאָטן, דער שאָטן פונעם מענטשן. אָבער פײַערבאַך האָט נישט געצויגן די לאָגישע קאָנסעקווענצן פון זײַן נײַער אויפפאַסונג, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן מיטן וועג, און נאָך דעם ווי ער האָט באַגראָבן דעם אַלטן גאָט, האָט ער באַלד געשאַפן אַ נײַעם — דעם מענטשן. „דער מענטש איז דאָס העכסטע וועזן", זאָגט פײַערבאַך, און ער דערפינדט אויף גיך אַ נײַע רעליגיע פאַר זײַן „העכסטן וועזן" — די הומאַניטעט. פײַערבאַך רעדט נישט פון דעם אָדער יענעם מענטשן, נאָר פונעם מענטשן ווי אַ מענטש, פאַר אים איז דאָס וואָרט מענטש נישט קיין אינדיווידועלער נאָר אַ קאָלעקטיווער באַגריף, אַן אַבסטראַקטע פאָרשטעלונג. ער פּרעדיקט די ליבע צום מענטשן פּונקט ווי די טעאָלאָגן פּרעדיקן די ליבע צו גאָט. זײַן מענטש איז אויך נאָר אַ מעטאַפיזישע פאָרשטעלונג, אַ זאַך, וועלכע עק־סיסטירט נאָר אין זײַן פאָרשטעלונג־קראַפט. פײַערבאַך באַקעמפט אַלע געטלעכע אינסטיטוציעס און זוכט זיי צו „פאַרמענטשלעכן", ווײַל ער באַגרײַפט נישט, אַז אַלע „מענטשלעכע" אָדער „געזעלשאַפטלעכע" אינסטיטוציעס זײַנען אויך נישט מער ווי שאָטן־בילדער, טעאָלאָגישע באַגריפן, רעליגיעזע פאָרשטעלונגען, וועלכע דער מענטש האַלט אויף באַצאָלנדיק דערפאַר מיט זײַן מאַטעריעלער עקסיסטענץ.

פון דעסטוועגן האָט פײַערבאַכס קריטיק געמאַכט אַ געוואַלטיקן אײַנדרוק אויף זײַנע געבילדעטע צײַט־גענאָסן, און די מייסטע פון זיי האָבן געגלייבט, אַז דער גרויסער דענקער האָט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט, וואָס עס קען איבערהויפּט געזאָגט ווערן אין אָט־דער פראַגע. אָבער פּלוצלונג, אין נאָוועמבער 1844 איז דער־שינען אַ בוך, וועלכעס האָט אַרויסגערופן אַן אומבאַשרײַבלעכע אויפרעגונג אין דער גאַנצער פילאָסאָפישער וועלט. דער טיטל פון אָט־דעם דורך און דורך אָרי־גינעלן ווערק איז געווען: „דער איינציקער און זײַן אייגנטום". דער אויטאָר איז געווען אַ געוועזענער גימנאַזיע־לערער, קאַספּאַר שמידט, נאָר זײַן ווערק האָט ער פאַרעפנטלעכט אונטער דעם נאָמען מאַקס שטירנער. פאַר דער עפנטלעכער וועלט איז שטירנער געווען אַן אומבאַקאַנטער, און אויסער אייניקע קליינע אַר־טיקלען, איז „דער איינציקער" געווען דאָס ערשטע ווערק פון דעם געניאַלן שריפט־שטעלער. די פּרײַסישע רעגירונג האָט באַלד קאָנפיסקירט דעם רעשט פון דער ערשטער אויפלאַגע, אָבער שוין מיט אייניקע טעג שפּעטער האָט זי די קאָנפיסקירטע 250 ביכער ווידער אַרויסגעגעבן מיט דער דערקלערונג, אַז דאָס ווערק איז „צו אַבסורד, אַז עס זאָל קענען אָנמאַכן שאָדן". דאָס בוך איז ווירקלעך צו שווער גע־ווען פאַר דעם קליינעם פאַרשטאַנד פון אַ פּרײַסישן צענזאָר, און עס איז אַ ביטערע איראָניע פון דער געשיכטע, אַז דאָס ראַדיקאַלסטע ווערק אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור האָט געקענט פרײַ דערשײַנען אין אַזאַ פינצטערער צײַט, ווען די רע־

אַקציע האָט זיך פּאַרטיידיקט מיט אַלע מיטלען קעגן די נײַע אָנשווינגען, וועלכע האָבן צוגעגרייט דעם רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד פון 1848.

שטירנערס ווערק האָט געווירקט אויף דער פילאָסאָפישער וועלט ווי אַ דונער, די מייסנטע האָבן אים פאַרדאַמט, נאָר גאַנץ ווייניקע האָבן אים פאַרשטאַנען. פײַערבאַך אַליין, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס שטירנער האָט אים אַזוי שרעקלעך אַטאַקירט, האָט דערקלערט, אַז זײַן קעגנער איז דער „גענאַיאַלסטער שריפטשטעלער מיט וועלכן ער האָט זיך באַגעגנט אין זײַן לעבן". שטירנער איז איינציק; די ליטעראַטור פון אַלע צײַטן און לענדער האָט נישט אויפצווײַזן קיין ענלעך ווערק ווי דאָס זײַניקע. ער איז דער גרעסטער צעשטערער וועלכער האָט ווען געלעבט, אַן אמתער רעבעל, וועלכער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום קאָנסעקווענצן. אַנאַרכאַזיס קלאָאָטס, דער באַקאַנטער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנער, האָט זיך גערופן דער „פּערזענלעכער פײַנט פון גאָט", אָבער עס איז נישטאָ אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע קיין שום מאַן, וועלכער האָט אַזוי פיל רעכט אויף אָט־דעם נאָמען ווי מאַקס שטירנער. שטירנער באַקעמפט נישט נאָר דעם אַבסטראַקטן קריסטלעך־יידישן גאָט, נאָר ער פאַרפאָלגט די געטלעכע פאָרשטעלונג אויף אַלע געביטן. ער ווײַזט אויף, אַז אַלע אונדזערע אינסטיטוציעס, אונדזערע מאָראַלישע און זיטלעכע אָנשווינגען, אונדזערע גערופענע אַזוי אידעאַלן, זײַנען נישט מער ווי פאַרשיידענע פאָרמען און אויסדרוקן פון דער זעלביקער טעאָלאָגישער גרונט־אידייע. מיר דינען גאָט אין טויזנטער פאַרשיידענע געשטאַלטן, אַפילו דעמאָלט, ווען מיר ריידן זיך אײַן אַז מיר האָבן זיך באַפרײַט פון דעם רעליגיעזן איבערגלויבן. מיר צעשטערן אַלטע געטער און שאַפן נײַע, און אונדזער גאַנצע געשיכטע איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ ריזיקע סעריע פון טעאָלאָגישע באַגריפן און פאָרשטעלונגען, אַ געשיכטע פון איבערגלויבן. פײַערבאַך האָט אונדז געלערנט, אַז גאָט איז די אַבסטראַקטע אָפּשפּיגלונג פונעם מענטשן. אין דער מענטשלעכער פאָרשטעלונג־קראַפט האָט זיך די דאָזיקע אַבסטראַקציע פאַרוואַנדלט אין אַ ווירקלעכקייט, ד"ה, דער מענטש אַליין איז געוואָרן דער שקלאַף פון זײַן פאַנטאַזיע. גאָט איז הייליק דערפאַר וואָס מיר האָבן אַליין דערפונדן זײַן הייליקייט. אָבער דאָס זעלבע איז דער פאַל בײַ אַלע אַנדערע גײַסטלעכע פאָרשטעלונגען וואָס לעבן אין זיך, אָבער נישט אויף דעם פּונקט ... גאָט איז דער אונטערגאַנג פון דער מענטשלעכער אינדיווידואַליטעט; דער רעליגיעזער מענטש האָט נישט קיין אייגענע עקסיסטענץ, נײַערט ער לעבט און עקסיסטירט נאָר דורך און פאַר אַ פרעמדער מאַכט, וועלכע שטייט אויסערהאַלב און העכער פון אים. פאָלגלעך זוכט ער דעם צענטער פון זײַן לעבן נישט אין זיך, נאָר אויסערהאַלב פון זיך און ווערט אַן אײַנפאַכער אויטאָמאַט, אַ ווערקצײַג פון אַ פרעמדער קראַפט. דער טויט פון דער אייגנקייט, דער אונטערגאַנג פון דער אינדיווידואַליטעט איז דעריבער דער פונדאַמענט פון יעדער רעליגיע.

אָבער וואָס איז דער שטאַט, די פאַמיליע, דאָס בירגערלעכע אייגנטום־רעכט, די מאָראַל, די מענטשהייט און אַפילו די פרײַהייט און אמת? וואָס דען אויב נישט פאַרשיידענע פאָרמען פון דער זעלביקער רעליגיעזער גרונט־אידייע? געהערט דען דער בירגער צו זיך אַליין, האָט ער אַן אייגענע עקסיסטענץ אָדער געהערט ער צום שטאַט, פּונקט ווי דער מענטש צו גאָט? אין דער ווירקלעכקייט איז דער שטאַט אויך נאָר אַ טעאָלאָגישע פאָרשטעלונג, אַן אַבסטראַקטער באַגריף, וועלכער באַקומט

ערשט בלוט און לעבן אין זיך דורך ברענגען פאַר אַ קרבן די מאַטעריעלע מענטשלעכע עקזיסטענץ, פּונקט ווי גאָט באַקומט עס דורך דער אָרגאַניזאַציע פון דער קירך, אָדער בעסער געזאָגט, דורך דער עקזיסטענץ פונעם פּריסטער. דער בירגער עקזיסטירט נאָר דורך און פאַר דעם שטאַט, ער גלייבט אין דער אַלמעכטיקייט פון זײַן געץ און דערוואַרט זײַן הילף אין אַלע זײַנע האַנדלונגען, אַזוי ווי דער פרומער מענטש דערוואַרט אַלצדינג פון גאָט. די גאַנצע פּאָליטיק איז נישט קיין אַנדערע זאַך ווי אַ נײַע פאָרעם פון טעאָלאָגיע און דער שטאַט־קולט איז די זעלבע געצנדינערײַ ווי דער קולט פון אַלע אַנדערע רעליגיעס.

שטירנער לאַכט זיך אויס פון אַלע אַזוי גערופענע רעכטן און פרײַהייטן, וועלכע דער ליבעראַלער אָדער דעמאָקראַטישער שטאַט גיט אונדז. דאָס רעכט וואָס דער שטאַט גיט מיר איז נישט מײַן רעכט, נײַערט דאָס רעכט פונעם שטאַט, פּונקט ווי דאָס געטלעכע רעכט פונעם מענטשן איז נישט זײַן רעכט, נאָר גאָטס רעכט. אָבער פון וואַנען נעמט דער שטאַט אָט־די רעכט? פאַרשטייט זיך אַז פון די וואָס האָבן זיי געגעבן צו אים. אַן גאָט און אַן שטאַט שאַפט זיך דער מענטש זײַן אייגענע רעכט, זײַן אייגענע פרײַהייט. זײַן רעכט און זײַן פרײַהייט זײַנען אין אים אַליין און אין די באַציִונגען צו זײַנע מיטמענטשן, מיט איין וואָרט, זיי זײַנען אַ טייל פון זײַן פּערזענלעכער עקזיסטענץ. אָבער דער מענטש איז דער געצנדינער פון זײַן אייגענעם שאָטן, ער ברענגט אַ קרבן זיין עקזיסטענץ און דעריבער אויך זײַן רעכט פאַר אַ פרעמדער מאַכט, און דאָס וואָס ער באַקומט דערפאַר צוריק, זײַנען פרעמדע רעכטן און פרײַהייטן, שטיקלעך פון זײַן צעבראָכענער אינדי־ווידואַליטעט.

אָבער דער מענטש לעבט נישט נאָר דורך און פאַר גאָט, דורך און פאַר דעם שטאַט, דורך און פאַר די הונדערטער פאַרשיידענע פאָרמען און פאַרשטעלונגען פון דעם געטלעכן איבערגלויבן, נאָר אונדזער גאַנץ לעבן אין דער געזעלשאַפט, אונדזערע באַציִונגען צו דער וועלט, אַלץ טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון יענע „העכערע כוחות", וועלכע דער מענטש האָט אַליין באַשאַפן. פּערזענלעך זײַנען מיר נישט מער ווי פּוסטע הילזן און אונדזער כאַראַקטער, אונדזער שטעלונג, אונדזער באַדײַטונג ווערט געמאָסטן נאָך דער געטלעכער מאַכט, נאָך די אַלע מעטאַפיזישע אידייען, פאַר וועלכע מיר אָפּפערן זיך. די באַדײַטונג פון דעם פרומען מענטשן אין דער געזעלשאַפט ווערט נישט באַשטימט דורך זײַנע פּערזענלעכע פרײַהייטן, נאָר דורך זײַן פרומקייט,ד"ה, דורך זײַן גלייבן און זײַנע באַציִונגען צו גאָט; די באַ־דײַטונג פון דעם טרײַען בירגער איז אָפּהענגיק פון דעם שטאַט; די באַדײַטונג פון דעם קאַפּיטאַליסט ווי אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט ווערט באַשטימט דורך זײַן געלט. מיר אַלע זײַנען שקלאַפן פון העכערע כוחות וועלכע עקזיסטירן, לויט אונדזער פאָרשטעלונג, אויסערהאַלב פון אונדז, ביז וואַנען מיר וועלן זיך איבער־צײַגן אַז מיר אַליין האָבן זיי באַשאַפן. די געזעלשאַפט, די מענטשהייט, די פרײַ־הייט, דער אמת, אַזוי לאַנג ווי אָט־די אַבסטראַקטע פאָרשטעלונגען וועלן עקזיס־טירן, אַזוי לאַנג ווי מען וועט מיך צווינגען דורך געטלעכע געזעצן אָדער מאָראַלישע דינים זיך צו ברענגען ווי אַ קרבן פאַר זיי, אַזוי לאַנג וועל איך זײַן אַ געצנדינער פון פרעמדע כוחות, איך וועל פאַרלירן מײַן אייגנקייט, מײַן אינדיווידואַליטעט, מיט איין וואָרט, איך, דער באַשאַפער פון די אַלע אידייען וועל זײַן דער שקלאַף פון

מײַן אייגענעם באַשאַף. ערשט דעמאָלט, ווען די פרײַהייט וועט זײַן דער אויסדרוק פון מײַן אייגנקייט, ערשט דעמאָלט ווען די מענטשהייט, די געזעלשאַפט, וועלן עקסיסטירן פאַר מיר און נישט איך פאַר זיי, ערשט דעמאָלט וועלן פאַרשווינדן די טעאָלאָגישע אוטאָפּיעס און איך וועל זײַן מײַן אייגענער האַר און פירן אַן אייגענע עקסיסטענץ.

שטירנער רופט זיך מיט שטאָלץ אַן עגאָיִסט, ווײַל פאַר אים הייסט עגאָיִזם אינדיווידואַליטעט. אַלע רעליגיעס, אַלע שטאַטן, אַלע מאָראַל־סיסטעמען האָבן אונדז ביז איצט געפּרעדיקט דעם אַלטרויִזם דערפאַר וואָס זיי האָבן אין אונדז נאָר געזען די טויטע אויטאָמאַטן פון העכערע מאַכטן. די געשיכטע פון דעם אַלטרויִזם, ד״ה, די לערע פון זיך מקריב זײַן, איז די געשיכטע פון אונדזער שקלאַפערײַ, און דערפאַר זאָגט שטירנער מיט אַ רעבעלישן שטאָלץ:

„איר פאַרזיכערט אונדז, אַז גאָט און די מענטשהייט האָבן גענוג אינהאַלט, כדי זיך אַליין צו באַפרידיקן. זייער גוט! אָבער איך פיל אַליין אויך, אַז איך קען מיך אַליין באַפרידיקן, נישט האָרפנדיק זײַן דער שקלאַף פון אַ פרעמ־דער מאַכט. מײַן זאַך איז נישט דאָס גאָרנישט אין דעם זין פון פוסטקייט, נאָר דאָס שאַפנדיקע, דאָס פּראָדוצירנדיקע גאָרנישט, פון וועלכן איך, ווי אַ באַשאַפער, מאַך וואָס עס פאַרגלוסט זיך מיר. דערפאַר זאָג איך: אַוועק מיט יעדער זאַך, וואָס איז נישט פול און גאַנץ מיט מײַניקן! אפשר דענקט איר, אַז מײַן זאַך איז אַמווייניקסטן די „גוטע זאַך״? איר האָט אַ טעות ברידער־לעך! וואָס קימערט מיך אײַער באַגריף פון גוט און שלעכט! איך בין דאָך דער פאַרטרעטער פון מײַן אייגענער זאַך, און איך אַליין בין נישט גוט און נישט שלעכט. פאַר מיר האָבן אָט־די ווערטער קיין באַדײַטונג נישט. — דאָס געטלעכע איז די זאַך פון גאָט; דאָס מענטשלעכע — די זאַך פונעם מענטשן. מײַן זאַך איז נישט דאָס געטלעכע און נישט דאָס מענטשלעכע, זי איז אַפילו נישט די גוטע, די פרייע, די גערעכטע זאַך, זי איז איינפאַך מײַן אייגענע זאַך. זי איז אויך קיין אַלגעמיינע זאַך; זי איז איינציק, אַזוי ווי איך אַליין בין איינציק. איך אָנערקען נישט קיין העכערע זאַך פון מיר אַליין!״

שטירנער האָט זייער גוט געוווּסט אַז אַלע רעליגיעזע אידייען אין דעם פּאָ־ליטישן, עקאָנאָמישן און מאָראַלישן לעבן פון דער מענטשהייט שוועבן נישט אין דער לופט, נאָר זיי געפינען אַ רעאַלן אויסדרוק אין דער ברוטאַלער געוואַלט פון די געצן־פּריסטער און זייערע גלייביקע. נישט אומזיסט באַזירט זיך יעדע רעליגיע אויפן קרבן; און אויב דער מענטש וויל זיך נישט פרײַוויליק ברענגען ווי אַ קרבן, צווינגט מען אים מיט געוואַלט. אַלע מאָראַל־אָנשויונגען און רעכט־באַגריפן, וועלכע האָבן ביז איצט עקסיסטירט, זײַנען נישט מער געווען ווי דער עטישער מאַנטל, כדי צו פאַרדעקן די נאַקעטע מאַניפעסטאַציעס פון דער געוואַלט. מאַכט איז גע־וואַלט, און יעדע געטלעכע אידייע איז די פאַרגוואַלטיקונג פון דער פּערזענלעכקייט, די אונטערדריקונג פון דעם מענטשלעכן איך. די פאַרניכטונג פון דער געטלעכער געוואַלט דורך דער געוואַלט פון דער פּערזענלעכקייט, איז פאַר שטירנערן די דעראָבערונג פון דער אייגנקייט. „די געוואַלט איז אַ שיינע זאַך״ — זאָגט שטירנער איראָניש, „און זי איז נוצלעך פאַר פיל אַנדערע זאַכן. אַ ביסל געוואַלט איז בעסער ווי אַ סך רעכט. איר באַגערט די פרײַהייט; משוגעים וואָס איר זײַט! נעמט די

געוואַלט און די פרײַהייט וועט קומען פון זיך אַליין. באַגרײַפט איר נישט, אַז דער וואָס האָט די געוואַלט שטייט „העכער פונעם געזעץ״? ווי שמעקט אײַך אָט־די אויסזיכט, איר געזעצלעכע לײַט? אָבער איר האָט דאָך איבערהויפּט קיין גע־שמאַק נישט״.

פֿאַר די מייסטע מענטשן איז שטירנערס גרויזאַמע קריטיק איינפאַך אומפאַר־שטענדלעך. מיר לעבן און דענקען נאָך שטענדיק מיט די געדאַנקען פון פאַרגאַנ־גענע יאָר־טויזנטער, מיר זײַנען שקלאַפן פון דער טראַדיציע, געצנדינער, פאַר־לוירענע. מיר האָבן באַשאַפן אַ גאַנצע וועלט פון גײַסטער און שאַטנס, און די ביל־דער פון אונדזער פאַנטאַזיע זײַנען אַזוי אַזוי צאַלרײַך, אַז די מייסטע פון אונדז קענען שוין מער נישט אונטערשיידן די ווירקלעכקייט פון דער אײַנבילדונג. מיר דענקען מיט פרעמדע געדאַנקען, מיר פילן מיט פרעמדע געפילן און אונדזערע האַנדלונגען ווערן אינספּירירט פון אַ פרעמדן ווילן. מיר בײַטן איבער אונדזערע געטער, אָבער מיר באַפרײַען זיך נישט פון גאָט, פון די אַלטע טעאָלאָגישע פאָרשטעלונגען, פון דעם רעספּעקט פאַר דער הייליקייט. די אײַנ־קאַלטע לאָגיק פון שטירנערס ווערטער פאַרוואַנדעט אונדזערע בשמות, וועלכע זײַנען אָנגעפילט מיט אַ וועלט פון פאַר־אורטיילן און מעטאַפיזישע עמפינדונגען. מיט רעכט זאָגט דזשאָן הענדי מאַקעי, שטירנערס ביאָגראַף: „מיר קענען זיך נישט אָפּרײַסן פון די אַלטע ווינונגען פון אונדזערע באַגריפן און פאָרשטעלונגען, הגם זיי פאַלן שוין אײַן איבער אונדזערע קעפּ; מיר זײַנען צו פּחדנותדיק צו פאַרלאָזן די אַלטע היים און אַרויספאָרן אויף דעם ים פון זעלבסט־באַוווסטזײַן, וואָס קען אונדז אַליין טראָגן צו אַן אַנדערן ברעג. מיר האָבן נישט קיין ריכטיקן צוטרוי צו דער צוקונפט, דערפאַר וואָס מיר האָבן נישט קיין צוטרוי צו זיך אַליין. געוויס, מיר גלייבן נישט מער אין גאָט; מיר זײַנען געוואָרן אַטעיִסטן, נאָר פון דעסטוועגן זײַנען מיר געבליבן פרומע „לײַט״; ווײַל מיר וואַרפן זיך אויף די קני פאַר דער הייליקער קראַפט פון אונדזערע אידייען״.

די שטימע פון יענעם געוואַלטיקן דענקער, וועלכער צעשמעטערט מיט דער מאַכט פון זײַן פערזענלעכקייט אַלע געזעצן־טעמפּלען, וועלכע מיר האָבן אויפגע־בויט אין פאַרלויף פון די יאָר־טויזנטער קלינגט צו אונדז ווי אַ שטימע פון אַן אַנדער וועלט. און שטירנער איז ווירקלעך געווען דער מאַן פון אַ נײַער וועלט; ער איז נישט קיין לערער, נישט קיין פירער, נישט קיין אַנטדעקער פון אַ נײַעם סיסטעם, ער איז דער צעשטערער פון אַלע סיסטעמען און לאָזט מער נישט איבער ווי דאָס מענטשלעכע איך. פון דעם גראָען נעפּל פון אַן אָפּשטאַרבנדיקער וועלט פון גײַסטער און געשפּענסטער פירט ער זײַן איך אַרויס אין דעם זונען־שײַן פון דער אייגנקייט. אַזוי ווי משה רבינו צעברעכט ער די שטיינערנע טאָוולען מיט די געטלעכע דינים, אָבער ער גייט נישט צוריק אַרויף אויפן באַרג, כדי צו ברענגען נײַע. שטירנער איז אַ צעשטערער, אָבער גראָד דערפאַר איז ער אַ באַנײַער פון לעבן. אָט־דער עגאָיִסט האָט דער וועלט איבערגעלאָזט אַ קאָסטבאַרע ירושה, נישט פאַר אונדז, נאָר פאַר די קומענדיקע דורות — ער האָט אונדז געוויזן פאַר וואָס מיר זײַנען שטענדיק געווען די בעטלערס פון לעבן, און ווי אַזוי מיר קענען זײַן די האַרן פון אונדזער גורל. ווי אַ טיטאַן שטייט שטירנער אין אַ וועלט פון שאָטנס און טויטע, ער רײַסט אויף די הייליקע קברים פון דער פאַרגאַנגענהייט, כדי דער מאָרגנווינט

פון אַ נײַער צײַט זאָל פונאַנדערבלאָזן דעם טויטן שטויב אין אַלע ריכטונגען. נאָך האָט מען אים נישט פאַרשטאַנען, אָבער עס וועט קומען אַ צײַט, ווען מ'וועט פאַר־שטיין זײַנע ווערטער און אין יענעם טאָג וועלן שטאַרבן אַלע געטער...

**
*

שטירנער איז שנעל פאַרגעסן געוואָרן. די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון 1848 האָבן מיט איינמאָל פאַרניכטעט די אויפמערקזאַמקייט פאַר פילאָסאָפישע פראַגן, און די בעסטע עלעמענטן האָבן זיך בעסער באַשעפטיקט מיט דעם פּראַק־טישן קאַמף קעגן דער רעאַקציע.

אַזוי איז דער מאַן פאַרגעסן געוואָרן צוזאַמען מיט זײַן ווערק. ער האָט שפּע־טער נאָך געמאַכט אַ דײַטשישע איבערזעצונג פון די נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע ווערק פון אַדאַם סמיט און מ. ב. סאַי און אַרויסגעגעבן אַ „געשיכטע פון דער רעאַקציע" אין צוויי בענדער, וועלכע מ'קאָן אָבער פאַר קיין פאַל נישט צוגלײַכן צו דעם „איינציקן און זײַן אייגנטום". אָרעם און עלנט האָט שטירנער פאַרבראַכט די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן, שטענדיק קעמפנדיק מיט דעם הונגער. ער האָט זיך צוריק־געצויגן פון אַלע זײַנע פרײַנד און באַקאַנטע און זײַן לאַגע איז צײַטנווײַז געווען אַזוי שלעכט, אַז ער איז צוויי מאָל געצוווּנגען געווען צו שמאַכטן אין געפענקעניש, ווײַל ער איז נישט אומשטאַנד געווען צו באַצאָלן עטלעכע קליינע חובות. מיר האָבן אַפילו נישט קיין בילד פון אים, און ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט אונדז מאַקעי געשענקט אַ ביאָגראַפיע פון דעם איינזאַמען דענקער, זייער נישט קיין שלי־מותדיקע, אָבער דאָך די איינציקע וועלכע עקסיסטירט. מאַקעי האָט זיך געגעבן די גרעסטע מי צו זאַמלען דאָס מאַטעריאַל, וואָס האָט נאָך עקסיסטירט ווו נישט ווו. אים איז אויך צו פאַרדאַנקען, וואָס שטירנערס בוך איז ווידער באַקאַנט געוואָרן איבעראַנײַס, כדי צו ווירקן אויף אונדזערע געדאַנקען און אַנשויונגען.

מאַקס שטירנער איז געשטאָרבן דעם 25סטן יוני 1856, אַ מאַן פון 49 יאָר. זײַן טויט איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דעם שטאָך פון אַ גיפטיקער פליג. אַפילו זײַן קבר איז פאַרגעסן געוואָרן, און ערשט מיט 36 יאָר שפּעטער האָט מען אים ווידער אַנטדעקט. אַן איינפאַכער שטיין מיטן נאָמען מאַקס שטירנער באַצייכנט הײַנט דאָס אָרט, ווו דער דענקער און קעמפער קאַספּאַר שמידט האָט געפונען זײַן לעצטע רו.

1906

# דירעקטע אַקציע און סאָציאַליזם

די דירעקטע אַקציע, וועלכע שטייט איצט אויף דעם טאָג־אָרדענונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, און וועלכע האָט אין דער לעצטער צייט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אין די גרויסע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע קאַמפן פון אונדזער צייט, ווערט פון פיל באַטראַכט אַלס אַ גאַנץ נייע דערשיינונג, אַ נייע פאַזע אין דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג, פון וועלכער מען האָט פריער איבערהויפּט נישט געוווסט. אָבער אָט די מיינונג איז אין גאַנצן אַ פאַלשע, ווייל אין דער אמתן איז די אידייע פון דער דירעקטער אַקציע נישט קיין נייע, נאָר זי האָט זיך אַנטוויקלט צוזאַמען מיט דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווייל זי איז דער לאָגישער פועל־יוצא פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, און עס איז אוממעגלעך די איינע אָפּצוהאַלטן פון דער אַנדערער. אין די לענדער, ווו די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט נישט פאַרלוירן איר אורשפּרינגלעכן כאַראַקטער, איז די סאָציאַליסטישע אידייע שטענדיק געווען ענג פאַרבונדן מיטן מעטאָד פון דער דירעקטער אַקציע. די פאָרמען האָבן זיך געביטן פון צייט צו צייט, לויט די אומשטענדן אונטער וועלכע זיי זיינען פּראַקטיצירט געוואָרן, אָבער דער מעטאָד איז שטענדיק געבליבן דער זעלבער. נאָר אין די גערמאַנישע לענדער און הויפּטזאַכלעך אין דייטשלאַנד, ווו דער סאָציאַליזם איז פון אָנהייב אָן שטאַרק באַאיינפלוסט און דורכגעמישט געוואָרן פון די פּאָליטישע אָנשוויונגען פון דער בירגערלעכער דעמאָקראַטיע, באַטראַכט מען די דירעקטע אַקציע ווי אַ נייע דערשיינונג אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, דערפאַר ווייל מען האָט דאָרט — מיטן אויסנאַם פון ענגלאַנד — קיין מאָל נישט געקענט דעם סאָציאַליזם אין זיין ריינער אורשפּרינגלעכער געשטאַלט.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, וועלכע האָט פאַרשפּרייט די אידייע פון פּאָליטישער פרייהייט צווישן די אייראָפּעישע פעלקער, האָט נישט באַרירט דעם אייגנטלעכן יסוד פון דער סאָציאַלער שקלאַפעריי — די אומגלייכקייט פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען. עס איז אמת, אַז די פאָרגעשריטענע עלעמענטן בעת דער רעוואָלוציע האָבן מער אָדער ווייניקער קלאָר באַגריפן די געוואַלטיקע באַדייטונג פון דער עקאָנאָמישער פראַגע, אָבער דער שטורעם פון דער רעוואָלוציע האָט זיי פאַרשלונגען, און זייערע אידייען זיינען געבליבן אומפּרוכטבאַר אין יענער גיגאַנטישער תקופה. ערשט נאָך דעם פאַלן פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, ווען די אייראָפּעישע

רעאַקציע האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, אויף אויסצוראָטן די לעצטע סמנים פון דער גרויסער רעוואָלוציע, ערשט אין אָט דער תקופה האָבן זיך איינצלנע גענייאַלע גײַסטער נעענטער באַשעפטיקט מיט די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען פון דער געזעלשאַפט.

אין ענגלאַנד איז עס געווען גאָדווין, טהאָמסאָן, ראָבערט אָוען און פיל אַנ־דערע. אין פראַנקרײַך: סען־סימאָן און שאַרל פוריע און זייערע שילער, וועלכע האָבן צוערשט באַגריפן די אייגנטלעכע סיבות פון דעם פּאָליטישן פיאַסקאָ. זיי האָבן געזען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע אין אירע פאַרשיידענע פאַזן, און זיי זײַנען געקומען צום שלוס, אַז פּאָליטישע רעפאָרמען און אומבײַטן וועלן קיין מאָל נישט איבערמאַכן דעם סאָציאַלן צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט. זיי האָבן פאַר־שטאַנען, אַז די פראַגע איז אַ פיל טיפערע, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַן אַלגע־מיינעם איבערבײַט פון די עקאָנאָמישע יסודות פון דער געזעלשאַפט, אַז די פּאָלי־טישע פאָרמען זײַנען נישט די סיבות, נאָר די פאָלגן פון די עקאָנאָמישע באַדינ־גונגען, אונטער וועלכע די מענטשן לעבן און עקסיסטירן, און דערפאַר האָבן זיי זיך אָפּגעקערט פון דעם יאַקאָבינציזם, דעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם, ווײַל זיי האָבן פאַרשטאַנען די אומפּרוכטבאַרקייט פון זײַנע לערעס. און אָט די דערקענטעניש איז אויך געווען די סיבה, פאַר וואָס אָט די ערשטע פאַרטרעטער פון דעם סאָציאַ־ליסטישן געדאַנק האָבן אַזוי ווייניק געהאַלטן פון דער רעוואָלוציע און פאַר וואָס זיי האָבן קיין זאַך נישט דערוואַרט פון דער פּאָליטישער און פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט.

זיי האָבן געזען, אַז דער אַרבעטער, דער שאַפנדיקער און פּראָדוצירנדיקער עלעמענט אין דער געזעלשאַפט, האָט נישט דעם קלענסטן אײַנפלוס אויף דער פאָרעם פון דער פּראָדוקציע און אויף דעם קאָנסום פון די פּראָדוקטן, דערפאַר ווײַל די פּראָדוציר־מיטלען: די מאַשינען, די ערד, די רוי־מאַטעריאַלן זײַנען מאָנאָ־פּאָליזירט געוואָרן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַריסטאָקראַטיע, אַז דער אַרבעטער איז אָפּגעריסן פון דעם פּראָדוקט, וועלכן ער שאַפט, און אַז אָט דער פאַקט איז די אייגנטלעכע סיבה פון זײַן שקלאַפערײַ.

זיי האָבן אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז אָט דער צושטאַנד קען נישט איבערגע־ביטן ווערן דורך פּאָליטישע דעקרעטן און פּאַרלאַמענטאַרישע באַשלוסן, אַזוי ווי די פאַרטרעטערס פון דעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם האָבן זיך פאָרגעשטעלט. דער יאַקאָבינציזם האָט נאָר געהאַט איין מיטל, איין מעטאָד, אויסצופירן זײַנע אידייען — דאָס געזעץ. די מענער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע זײַנען כמעט אין גאַנצן באַאײַנפלוסט געוואָרן פון אָט דעם פּאָליטישן אַבערגלויבן. זיי האָבן געוואָלט היילן אַלע סאָציאַלע קראַנקייטן דורך געזעצן, און ווען עס איז זיי נישט געלונגען, דאַן האָבן זיי געזוכט די סיבה אין דער פאָרעם פון געזעץ אָדער אין דער אומפעיִ־קייט פון די געזעצגעבערס. דער גלויבן אין דעם שטאַט, און די אומבאַשרענקטע הערשאַפט פון די געזעצן האָט פאַרנומען דעם גלויבן אין גאָט און אין די געטלעכע דינים. די רעלייגעזע רעפאָרמאַטאָרס אין מיטלאַלטער האָבן זיך געשטעלט די פראַגע: „וואָס איז די בעסטע רעליגיע?” און זיי האָבן דערפינדן טויזנטער גײַסט פאָרמען צו ראַטעווען די נשמה פונעם מענטשן, ווײַל אַלע האָבן געזוכט די פעלערן פון דעם אַלטן גלויבן אין דער פאָרמע אָבער נישט אין זײַן אינהאַלט, זײַן עקסיס־

טענץ. די פּאָליטישע טעאָלאָגן פון דער גרויסער רעוואָלוציע זײַנען היפּנאָטיזירט געוואָרן פון דער זעלביקער פראַגע: „וואָס איז די בעסטע רעגירונג? וואָס איז די בעסטע און פּולקאָמסטע געזעצגעבונג?“ און זיי האָבן דערפינדן טויזנטער נײַע געזעצן, כדי צו פאַרזיכערן די פרײַהייט פונעם מענטשן, דערפאַר וואָס זיי האָבן נישט באַגריפן, אַז די סיבה פון די איבלען, וועלכע דער אַלטער רעזשים האָט פּראָדוצירט, איז נישט די פאָרעם, נאָר די עקסיסטענץ פונעם שטאַט, די עקסיסטענץ פון דער רעגירונג.

אָבער אָט דער גלויבן אין אַבסאָלוטע פּרינציפּן, דער גלויבן אין דער אַבסאָ־לוטער נויטווענדיקייט פון רעליגיע און געזעץ, אין גאָט און שטאַט, האָט אויך אין דער זעלבער צײַט געמוזט באַשטימען די טעטיקייט פון זײַנע פאַרטרעטערס און פאַרטיידיקערס, זייער מעטאָד, זייער טאַקטיק.

פאַר דעם טעאָלאָג איז גאָט דער צענטער פון דער וועלט, דער מיטלפּונקט פון אַלע דערשײַנונגען, דאָס לעבן פון יעדן איינציקן ווערט באַשטימט דורך דעם געטלעכן ווילן, און דערפאַר איז דער פּריסטער די העכסטע אויטאָריטעט אויף דער וועלט, ווײַל ער איז דער ערדישער רעפּרעזענטאַנט פון גאָט, דער לערער פון די געטלעכע דינים. דער מאָדערנער פּאָליטישער טעאָלאָג, דער יאַקאָבינער באַטראַכט דעם שטאַט פאַרן יסוד פון אַלע סאָציאַלע דערשײַנונגען, פאַר דעם מיטל־פּונקט פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, און דערפאַר איז דער געזעצגעבער פאַר אים די העכסטע אויטאָריטעט אין דער געעזלשאַפט, ווײַל ער איז דער רעפּרעזענ־טאַנט פונעם פאָלק, דער לערער פון די געזעצן. די רעליגיע, אַקוראַט ווי די פּאָלי־טישע טעאָלאָגיע, באַזירן זיך ביידע אויף דער אידייע פון דער פאַרמיטלונג, זיי שליסן אויס יעדע זעלבשטענדיקע האַנדלונג פונעם מענטשן, יעדן דירעקטן קאַמף, יעדע דירעקטע אַקציע, יעדע דירעקטע באַפרײַונג. דער ציל פון דער פאַרמיטלונג קאָן אָנגערופן ווערן מיט פאַרשיידענע נעמען: עס זײַנען פאַראַן פאַרמיטלערס, וועלכע באַטראַכטן פאַר זייער אויפגאַבע צו דערהאַלטן די שקלאַפערײַ און עס זײַנען פאַראַן פאַרמיטלערס וועלכע זאָגן צו דעם פאָלק די פרײַהייט, אָבער די גרונט־אידייע בלײַבט שטענדיק די זעלבע: דער מענטש קאָן אַליין נישט האַנדלען און אויספירן זײַנע ווונטשן, ער איז אָפּהענגיק פון זײַנע פאַרטרעטערס, וועלכע האָבן די באַזונדערע אויפגאַבע צו באַזאָרגן זײַנע אָנגעלעגנהײַטן. אין דער ווירק־לעכקייט איז אָט די פּאַטאַליסטישע דאָגמע, אָט דער מעטאַפיזישער אַבערגלויבן די גרעסטע שטערונג פאַר דער מענטשלעכער באַפרײַונג און דער שטאַרקסטער פונ־דאַמענט פון דער עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און סאָציאַלער טיראַניי; ווײַל זי מאַכט פון דעם מענטשן אַ שטומען צושויער, אַ טויטע זאַך, אַן אויטאָמאַט, וועלכער באַוועגט זיך נאָר אויף דעם ווונטש פון זײַנע פאַרמיטלערס. זי פאַרניכטעט יעדן זעלבשטענדיקן אינסטינקט, יעדעס רעבעלישן געפיל און איז די בעסטע שולע פאַר דער דערציִונג פון פרומע און געהאָרכזאַמע שטאַטס־בירגער.

אויך די אידייע פון דער דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט, וועלכע איז אין די געמאַנישע לענדער נאָך אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט אין די מוחות פון אונדזערע שטאַטס־סאָציאַליסטן, איז נישט מער ווי אַן אויסדרוק פון אָט דער אַלטער מעטאַפיזישער פאַרמיטלונגס־אידייע, וועלכע די „דערפינדערס“ פון דעם אַזוי גערופענעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם“ האָבן איבערגענומען פון דער ביר־

גערלעכער דעמאָקראַטיע, דער בעסטער באַווײַז ווי ווייניק די גײַסטיקע פּאַרטרע־טערס פון אָט דער ריכטונג האָבן פאַרשטאַנען דאָס אייגנטלעכע וועזן פון דעם סאָציאַליזם און אויף וויפל זייערע סאָציאַליסטישע אָנשויונגען זײַנען נאָך דורכגע־דרונגען פון בורזשואַזע און יאַקאָביניסטישע טעאָריעס.

די ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטן און טעאָרעטיקערס פון דעם מאָדערנעם סאָציאַ־ליזם האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז די עקאָנאָמישע פונדאַמענטן פון דער געזעלשאַפט קאָנען נישט איבערגעביטן ווערן דורך געזעצלעכע באַשלוסן, און דערפאַר האָבן זיי געהאַט אַ קנאַפּן צוטרוי צו דער פּאָליטיק. זיי האָבן געוואָלט פאַרווירקלעכן זייע־רע אידייען דורך קליינע עקספּערימענטן פון סאָציאַליסטישע גענאָסנשאַפטן, כדי צו איבערצײַגן זייערע צײַט־גענאָסן, אַז אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז מעגלעך און בעסער פון דער אַלטער געזעלשאַפט. דער אַזוי גערופענער עקספּערימענטאַל־סאָציאַליזם איז געווען די ערשטע פאָרעם פון דער דירעקטער אַקציע. אין ענג־לאַנד און נאָרד־אַמעריקע האָט ראָבערט אָוען און זײַנע נאָכפאָלגערס געגרינדעט סאָציאַליסטישע קאָאָפּעראַציעס און קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, און דאָס זעלבע האָבן אין פראַנקרײַך געטאָן די פוריעריסטן און סען־סימאָניסטן, כדי צו פּראָפּאַגאַנדירן זייערע אידייען. עס איז אמת, אַז זייערע עקספּערימענטן זײַנען נישט געווען קיין דערפאָלגרײַכע, זיי זײַנען אונטערגעגאַנגען צוליבן מאַנגל אין קאַפּיטאַל און אַנדערע ווייניקער באַדײַטנדיקע סיבות, אָבער טראָץ דעם האָבן אָט די מענער דורך זייערע עקספּערימענטן, דורך דער דירעקטער אַקציע מער בײַגעטראָגן צו דער פאַרשפּריי־טונג פון די סאָציאַליסטישע אידייען און אָנשויונגען ווי אַלע אָנהענגערס פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַקציע צוזאַמענגענומען.

די פוריעריסטן און סען־סימאָניסטן האָבן זיך אַזוי פיל ווי מעגלעך געוואָלט אָפּשליסן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. זייער הויפּט־ציל איז געווען צו פּראָ־דוצירן אין זייערע גענאָסנשאַפטן פאַר דער באַפרידיקונג פון זייערע פּערזענלעכע באַדערפענישן און דורך אָט דעם בײַשפּיל צו ווירקן אויף דער אויסערלעכער וועלט. אָט דאָס פּראָבלעם איז געווען צו שווער, ווײַל זײַנע דערפינדערס האָבן זיך צו ווייניק גערעכנט מיט דעם אײַנפלוס פון די אַלגעמיינע אומשטענדן אויף די יונגע סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען, און דערפאַר זײַנען זיי אויך קיין מאָל נישט אומ־שטאַנד געווען צו שאַפן אַ ריכטיקע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג.

אָבער אָט די ערשטע פאָרעם פון דער דירעקטער אַקציע האָט באַלד אָנגענו־מען אַ מער פּראַקטישע פאָרעם אין איר ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג. פּ. זש. ב. בישע, איינער פון די געוועזענע שילערס פון סען־סימאָן, איז געקומען צו דער אידייע, אַז די סאָציאַליסטן זאָלן נישט אָפּלייגן זייער גאַנצע צײַט און טעטיקײַט אויף דער גרינדונג פון קליינע מער אָדער ווייניקער געלונגענע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטן, נײַערט זיך בעסער באַשעפטיקן מיט דער גרינדונג פון אַרבעטער־פּראָדוציר־גענאָסנשאַפטן, כדי צו געווינען די ברייטע מאַסן פאַר זייערע אידייען. בישע איז אַליין פריִער געווען איינער פון די מוטיקסטע און איבערגעגעבנסטע פּי־רערס פון דעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם, אָבער דורך דער באַקאַנטשאַפט מיט סען־סימאָן און זײַנע פילאָסאָפישע שטודיעס פון דער סאָציאַלער פראַגע, איז ער געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז אָט די פראַגע קאָן נישט געלייזט ווערן דורך פּאָליטישע רעפאָרמען נײַערט נאָר דורך אַ טראַנספאָרמירונג פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען

דורך דער דירעקטער אַקציע פון די אַרבעטער אַליין. אין זײַנע שריפטן און זשור־
נאַלן האָט ער אַנטוויקלט די פאָלגנדיקע אידייע: די אַרבעטער זאָלן פּרוּוון זיך וואָס
מער צו פאַראייניקן אין פרײַוויליקע קאָאָפּעראַטיוון. צוערשט וועלן אָט די קאָאָפּע־
ראַטיוון דאַרפן קאָנקורירן מיט די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, אָבער וואָס
מער זיי וועלן זיך אַנטוויקלען, אַלץ מער וועלן זיי זײַן אומשטאַנד צו פּראָדוצירן
פאַר זייערע אייגענע באַדערפענישן, און צולעצט וועלן די קאַפּיטאַליסטן איבער־
הויפּט מער נישט געפינען קיין אַרבעטער, וועלכע וועלן זיך לאָזן אויסבײַטן. אַזוי
וועט די אַסאָסיאַציע פון די אַרבעטער ביסלעכווײַז פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער
קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. די אַרבעטער וועלן זײַן די פאַרוואַלטערס פון זייערע
פּראָדוקטן און די פּראָדוקציע וועט מער נישט באַשטימט ווערן דורך דעם פּראָפיט
פונעם קאַפּיטאַליסט, נאָר דורך די באַדערפענישן פון די, וועלכע פּראָדוצירן. לײַ־
דער איז בישע נישט געווען קיין גוטער טאַקטיקער, און דערפאַר האָט ער ווייניקער
דערגרייכט, ווי ער און זײַנע אָנהענגערס האָבן דערוואַרט. אָבער ער איז געווען
דער ערשטער, וועלכער האָט פאַרשטאַנען די גרויסע היסטאָרישע באַדײַטונג פון
די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע וועלן ביסלעכווײַז איבערנעמען די פאַרוואַל־
טונג פון דער אינדוסטריע. אינטערעסאַנט זײַנען געווען די דיסקוסיעס, וועלכע זײַ־
נען פאָרגעקומען צווישן דעם שטאַטס־סאָציאַליסט לואי בלאַן און די אָנהענגערס
פון בישע. לואי בלאַן איז אויך געווען אַן אָנהענגער פון די אַרבעטער־קאָאָפּעראַ־
טיוון, אָבער זײַענדיק אַ פאַנאַטישער אָנהענגער פון דער יאַקאָביניסטישער שטאַטס־
אידייע, האָט ער געוואָלט, אַז דער שטאַט אַליין זאָל גרינדן אַרבעטער־פּראָדוציר־
גענאָסנשאַפטן, און ביסלעכווײַז צענטראַליזירן די גאַנצע אינדוסטריע אין זײַנע
הענט. דערפאַר האָט ער פאַרדאַמט די פרײַוויליקע פאַראייניקונגען פון די אַרבע־
טער. לואי בלאַן האָט געוואָלט באַפרײַען די אַרבעטער דורך דעם געזעץ, און זײַן
ציל איז געווען דער שטאַטס־סאָציאַליזם אָדער בעסער געזאָגט דער שטאַטס־קאַפּי־
טאַליזם. בישע האָט דערקלערט אַז די אַרבעטער דאַרפן זיך אַליין באַפרײַען דורך
דער דירעקטער אַקציע, און זײַן ציל איז געווען די פרײַע אינדוסטריעלע קאָאָפּע־
ראַציע. אָבער אָט די פּראָפּאַגאַנדע פאַר די פּראָדוקציע־געזעלשאַפטן איז פּלוצ־
לינג אונטערגעבראָכן געוואָרן דורך דער פּאַריזער פעברואַר־רעוואָלוציע און די בלו־
טיקע יוני־שלאַכט, אין וועלכע טויזנטער און טויזנטער פּראָלעטאַריער זײַנען דער־
מאָרדעט געוואָרן פון די הענקערס פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע.

נאָך אָט די בלוטיקע פּאַסירונגען איז די פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער דירעקטער
אַקציע ווידער אויפגענומען געוואָרן פון פּרודאָנען, דעם גרויסן טעאָרעטיקער פון
דער אַנאַרכיע. פּרודאָן איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט קלאָר באַגריפן, אַז
דער קאַמף פון דעם אַרבעטער־קלאַס קעגן דעם קאַפּיטאַליזם מוז אין דער זעלבער
צײַט זײַן אַ קאַמף קעגן דער עקסיסטענץ פון דעם שטאַט. פּרודאָן האָט די אידייע
פון דער פרײַער אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע ערשט ריכטיק אַנטוויקלט און געפּרוּווט
אויסצופירן. ער האָט די אַרבעטער טאָג און נאַכט דערקלערט, אַז זיי האָבן קיין
זאַך נישט צו דערוואַרטן פון דער רעגירונג, צי זי איז קאָנסערוואַטיוו אָדער ראַדי־
קאַל, און אַז זייער איינציקער מיטל איז די זעלבסטהילף, די דירעקטע אַקציע, אויף
זיך צו באַפרײַען פון דעם צווייפאַכן יאָך פון קאַפּיטאַל און רעגירונג. פּרודאָן האָט
פאַרשטאַנען, אַז די גרינדונג פון פרײַע פּראָדוקציע־גענאָסנשאַפטן איז פאַרבונדן מיט

גרויסע מאַטעריעלע שוועריקייטן, און דערפאַר איז ער געפאַלן אויף דער אידייע פון זיין פאָלקס־באַנק. די אַרבעטער זאָלן אַליין שאַפן אַ גרויסן פאָנד, מיט דעם וואָס זיי וועלן נעמען אַקציעס אויף זייערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען; אַזוי זאָל געגרינדעט ווערן אַ באַנק, וועלכע זאָל יעדע קאָאָפּעראַטיוו פאַרזאָרגן מיט די נייטיקע פּראָדוציר־מיטלען, נישט נעמענדיק דערפאַר קיין פּראָצענט. אויף אַזאַ מין אופן וועלן די אַרבעטער ביסלעכווייז ווערן די אייגנטימער פון די פּראָדוקציע־מיטלען, און דער קאַפּיטאַליזם וועט פון זיך אַליין אונטערגיין דורך דער קאָנקורענץ פון די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון. אָט די קאָאָפּעראַטיוון וועלן זיך שפּעטער פעדערירן איבערן גאַנצן לאַנד אין פרייע קאָמונעס, און דער פּלאַץ פון דעם הייַנטיקן שטאַט וועט פאַרנומען ווערן דורך דער איינפאַכער פאַרוואַלטונג פון דער אינדוסטריע; מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז די פרייע פּראָדוציר־גענאָסנשאַפטן פון די אַרבעטערס וועלן נישט נאָר זיין דער מיטל פאַר זייער עקאָנאָמישער באַפרייונג, נאָר אין דער זעלביקער צייט אויך פאַר זייער פּאָליטישער באַפרייונג.

פּרודאָן האָט געהאַט אַ געוואַלטיקן איינפלוס אויף דעם פראַנצויזישן אַרבעטער־קלאַס, אַן איינפלוס, וועלכער עקסיסטירט נאָך ביז צום הייַנטיקן טאָג; ווייל דער טעאָרעטישער יסוד פון דער איצטיקער פראַנצויזישער געווערקשאַפט־באַוועגונג, וועלכע באַטראַכט די אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע פאַר דעם איינציקן מיטל אויף אָפצושאַפן דעם קאַפּיטאַליזם און די רעגירונג און אין דער זעלביקער צייט פאַר דער צעל פון אַ נייער פעדעראַליסטישער געזעלשאַפט, אָן צענטראַליזאַציע, אָן שטאַט, אויפגעבויט אויף דעם פונדאַמענט פון דער פרייער אַרבעט און דער פּאָליטישער אויטאָנאָמיע. אָט דער טעאָרעטישער יסוד פון דער הייַנטצייטיקער געווערקשאַפט־באַוועגונג אין פראַנקרייך, וועלכע רעפּרעזענטירט די אייגנטלעכע אַרבעטער־באַוועגונג אין דעם דאָזיקן לאַנד, איז אייגנטלעך נישט אַנדערש ווי די גרונט־אידייע פון פּרודאָנס סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם.

אָבער פּרודאָנס אָנשויונגען האָבן נישט נאָר געווירקט אויף פראַנקרייך, נאָר אויך אויף די מייסטע אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער. אין איטאַליע, בעלגיע, שפּאַניע, פּאָרטוגאַל און דער פראַנצויזישער שווייץ איז דער פּרודאָניזם געווען דער אָנהייב פון דער אייגנטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג. די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטונגען אין אָט די לענדער, ווי צ״ב „על אָבררעראָ“ אין באַרצעלאָנע און „איל פּראָלעטאַריאָ“ אין טורין האָבן פּראָפּאַגאַנדירט די אידייע פון דער פרייער אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע, פּראָדוקציע־געגאָסנשאַפטן אויף דער באַזע פון דעם מוטואַליזם, מיט איין וואָרט, אַלע אידייען, וועלכע פּרודאָן און זיינע אָנהענגערס האָבן פּראָפּאַגאַנדירט אין פראַנקרייך.

קיין ספק נישט, אַז דער פּרודאָניזם איז געווען רעוואָלוציאָנער אין זיין ציל, אָבער נישט אין דער טאַקטיק. און דאָס איז געווען די סיבה, פאַר וואָס פּרודאָנס פּראַקטישע פּלענער זיינען נישט געווען דערפאָלגרייך. דער באַזיצנדיקער קלאַס האָט געציטערט פאַר אָט דעם מאַן ווי פאַר דעם טייוול אַליין, אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע איז ער פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי דער „אומגליק פון פראַנקרייך“. אין די טעאַטערן פון פּאַריז האָט מען געשפּילט אַ באַזונדער שטיק, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט אָדם און חווה אין גן־עדן. אין אָט דער שטיק האָט פּרודאָן געשפּילט די ראָל פון דער שלאַנג, וועלכע האָט פאַרפירט חווהן און גע־

מאַכט די מענטשן שלעכט און זינדיק. מיט איין וואָרט, קיין מענטש איז פון דער בורזשואַזיע נישט אַזוי פיל פאַרהאַסט געוואָרן ווי פרודאָן, ווײַל דער הערשנדיקער קלאַס האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די די פּראַקטישע אָנווענדונג פון זײַן אידייע וועט זײַן דער אונטערגאַנג פון דעם קאַפּיטאַליסטישן רויב־סיסטעם. אָבער גראָד אָט דער האַס פון דער בורזשואַזיע האָט פרודאָנען געמאַכט פּאָפּולערער פון טאָג צו טאָג בײַ די אַרבעטער. דער פאָנד פאַר דער גרינדונג פון אַ פאָלקס־באַנק איז געוואָקסן וואָס אַ טאָג מער און פרודאָן האָט שוין גערעכנט אין גיכן צו מאַכן דעם ערשטן פּראַקטישן פּרווו מיט זײַן פּלאַן; אָבער פונקט אין אָט דעם מאָמענט האָט מען אים אַרעסטירט און צוגענומען דאָס געלט. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט אין דער־זעלבער צײַט געפּרווווט אים צו פאַרלוימדן אויף דעם נידעריקסטן אופן, באַהויפּטנ־דיק, אַז ער האָט געוואָלט באַשווינדלען די אַרבעטער פאַר זײַן פּערזענלעכן נוצן און אַזוי ווײַטער.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט די צווייטע פאַזע אין דער אַנטוויקלונג פון דער דירעקטער אַקציע. די שטאַרקע אַנטוויקלונג פון דער רעאַקציע אין פראַנקרײַך און אין גאַנץ אייראָפּע נאָך דעם רעוואָלוציאָנערן פעלקער־שטורעם פון 1848 און 1849 האָט מיט דער צײַט געמוזט פאַרניכטן בײַ די אַרבעטער יעדע האָפענונג אויף אַ פרידלעכער אַנטוויקלונג פונעם סאָציאַליזם. אַ סך האָבן אין גאַנצן פאַרלוירן דעם מוט און האָבן זיך צוריקגעצויגן, און פיל האָבן גענומען אַנטייל אין די קאָנספּיראַ־טיווע קאָמוניסטישע און יאַקאָבינערישע געזעלשאַפטן. די רעאַקציע האָט פאַרניכ־טעט די גאַנצע אַלטע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, וועלכע איז אַזוי רײַך געווען, און פיל ווערק וועלכע זײַנען דעמאָלט פאַרניכטעט געוואָרן, זײַנען אַפילו הײַנט נאָך אומבאַקאַנט טראָץ די צאָלרײַכע פאַרשונגען. ערשט אין אָנהייב פון די 60ער יאָרן האָט זיך ווידער אַנטוויקלט אַ נײַער גײַסט אין אייראָפּע, און אין 1864 האָט זיך ענדלעך געגרינדעט די גרויסע „אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אַסאָסיאַציע", די גרעסטע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־פאַראייניקונג, וועלכע האָט ביז איצט עק־סיסטירט. דער גרונט־פּרינציפּ פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" האָט זיך אויסגעדריקט אין די ווערטער: „די באַפרײַונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס מוז זײַן די אויפגאַבע פון די אַרבעטער אַליין"! די גאַנצע געשיכטע פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" איז גע־ווען אַ געשיכטע פון דער דירעקטער אַקציע. אומעטום האָבן די אַרבעטער אָנגע־פירט דעם דירעקטן קאַמף, כדי צו פאַרבעסערן זייער לאַגע און צוצוגרייטן זייער באַפרײַונג פון דעם יאָך פון לוין־שקלאַפערײַ. און גראָד אָט די דירעקטע קאַמפן זײַנען געווען דער לעבנסקוואַל פון דער גרויסער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע; ווײַל נאָך יעדן גרויסן שטרײַק, נאָך יעדער גרויסער רעוואָלוציאָנערער מאַניפעסטאַציע האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל פון אירע אָנהענגערס. אין דער צײַט פון דעם „אינ־טערנאַציאָנאַל" האָט זיך די רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפט־באַוועגונג מעכטיק אַנטוויקלט. דער פּלאַץ פון די פרידלעכע קאָאָפּעראַציעס איז פאַרנומען געוואָרן פון די אַרבעטער, דורך וועלכע זיי האָבן אָנגעפירט זייערע קאַמפן. נאָר אין דײַטשלאַנד, ווו דער „אינטערנאַציאָנאַל" האָט איבערהויפּט נאָר געהאַט אַ פּאָר אָנהענגערס צווישן די אַרבעטער, האָט זיך די אַרבעטער־באַוועגונג אַנטוויקלט אויף אַ פּאָלי־טישן באָדן.

די שטרעבונגען פון די אַרבעטער אין די ראָמאַנישע לענדער האָבן זיך צום

בעסטן אויסגעדריקט אין דער רעדע פון דעם באַקוניסט פּענדי אויף דעם קאָנגרעס אין באַזעל (1869). פּענדי האָט דערקלערט, אַז די געווערקשאַפטן האָבן נישט נאָר די אויפגאַבע צו פֿאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער אינערהאַלב פון דער הײַנטיקער געזעלשאַפט דורך שטרײַקן און אַנדערע פאָרמען פון דער דירעקטער אַקציע, נאָר זיי האָבן אין דער זעלבער צײַט די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע שפּעטער איבערצונעמען די אָרגאַניזאַציע פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע, מיט איין וואָרט, זיי וועלן זײַן די פרײַע קאָמונעס פון דער צוקונפט. יעדער פאַך וועט אויסקלײַבן זײַנע באַזונדערע דעלעגאַטן, און אָט די פֿאַרוואַלטונג פון די עפנטלעכע אָנגעלעגנהײַטן דורך די אַרבעטער אַליין וועט פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער הײַנטיקער רעגירונג.

די מאַיאָריטעט פון דעם קאָנגרעס האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע, וועלכע פּענדי און זײַנע פרײַנד האָבן פֿאָרגעשלאָגן, אַז די אַרבעטער זאָלן אָנווענדן אַלע מיטלען, אויף צו אַנטוויקלען זייערע פאַך־אָרגאַניזאַציעס און צוצוגרייטן זייערע מיטגלידער צו דער גרויסער היסטאָרישער מיסיע פון די געווערקשאַפטן. דאָס איז פּונקט דאָס זעלביקע, וואָס די געווערקשאַפטן אין די ראָמאַנישע לענדער פאָדערן הײַנט צו טאָג. שוין אויף דעם קאָנגרעס אין בריסל (1868) האָט זיך דער גײַסט פון דער דירעקטער אַקציע דײַטלעך אַרויסגעוויזן אין דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט דערקלערט, אַז די אַרבעטער דאַרפן זוכן נישט צו דערלאָזן צו אַ קריג צווישן צוויי פֿאַרשיידענע לענדער דורך דערקלערן אַ גענעראַל־שטרײַק. מיט איין וואָרט, אַלע אידייען און מיינונגען, וועלכע באַשעפטיקן הײַנט אַזוי שטאַרק די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין די פֿאַרשיידענע לענדער, זײַנען שוין פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרן מיט פערציק יאָר צוריק, נאָר זיי זײַנען לײַדער שפּעטער ווידער פֿאַרגעסן געוואָרן פֿאַר אַ געוויסער צײַט, צוליב דער מיליטערישער רעאַקציע און דער אַנטוויקלונג פון דער פּאָליטישער אַקציע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער גרויסער קאַמף צווישן מאַרקסן און באַקונינען אין דעם „אינטערנאַציאָנאַל” איז אייגנטלעך נאָר אויפגעקומען, ווײַל מאַרקס און זײַנע אָנהענגערס האָבן געוואָלט מאַכן פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל” אַ פּאָליטישע וואַל־מאַשין אָנשטאָט אַ גרויסע עקאָנאָמישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. פּאָליטישע אַקציע אָדער דירעקטע אַקציע? יאַקאָביניזם אָדער סאָציאַליזם? דאָס זײַנען געווען די הויפּטפראַגן אין אָט דעם קאַמף. דער סאָציאַליזם און די דירעקטע אַקציע זײַנען פון אָנהייב אָן ענג פֿאַרבונדן געווען איינע מיט די אַנדערע, און די אַזוי גערופענע „פּאָליטישע אַקציע”, אָדער בעסער געזאָגט, די פּאַרלאַמענטאַרישע אַקציע האָט ערשט דאַן אָנגעהויבן צו שפּילן אַ ראָלע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווען די סאָציאַליסטישע גרונטאָנשויונגען זײַנען אויסגעמישט געוואָרן מיט די בורזשואַזע אידייען פון דעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם.

די סיבה פון אָט דער מערקווירדיקער אַנטוויקלונג איז געווען דער זיג פון דײַטשלאַנד אין 1870, וועלכער איז געווען דער אָנהייב פון אַ לאַנגן פּעריאָד פון רעאַקציע, אַ רעאַקציע, וועלכע הערשט נאָך ביז צום הײַנטיקן טאָג אין גאַנץ אייראָפּע. דער אונטערגאַנג פון דער פּאַריזער קאָמונע און די בלוטיקע נידערלאַגע פון דער קאַבערנאַליסטישער רעוואָלוציע אין שפּאַניע, וועלכע האָט זיך געענדיקט מיט דעם אונטערגאַנג פון דער קאָמונע פון קאַטהאַכענאַ, האָט אין די ראָמאַנישע לענ־

דער אַרויסגערופן אַ שרעקלעכע רעאַקציע, וועלכע איז מיט אַלע קרעפטן אונטער־געשטיצט געוואָרן פון ביסמאַרקס פּאָליטיק. אין פראַנקרייך, שפּאַניע און איטאַליע איז די סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע אונטערדריקט געוואָרן פאַר אַ לאַנגער צייט און האָט געמוזט אָננעמען די פאָרמע פון אַ קאָנספּיראַטיווער אַגיטאַציע.

אין דייטשלאַנד האָט ביסמאַרק פאַרניכטעט די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע דורך דעם אַלגעמיינעם וואַלרעכט, וועלכער איז פאַר די דייטשן געווען אַ גאַנץ אומ־באַקאַנטע זאַך, ווייל דייטשלאַנד איז אַפילו נאָך הײַנט אַ האַלבער פעאָדאַל־שטאַט. דערפאַר האָבן זיך די אַרבעטער צוגעכאַפּט צו דער פּאָליטישער אַקציע, און אָנשטאָט אָנצופירן אַ דירעקטן קאַמף פאַר דער עקאָנאָמישער באַפרײַונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס, האָבן זיי באַזאָרגט די אַרבעט פון דער בירגערלעכער דעמאָקראַטיע.

דאָס איז די סיבה, פאַר וואָס גראָד אין דייטשלאַנד איז דער סאָציאַליזם אַזוי ווייניק אַנטוויקלט צווישן די ברייטע מאַסן, וועלכע זײַנען אויסשליסלעך באַאײַנ־פלוסט פון ריין פּאָליטישע אָנשויונגען.

ערשט נאָך דעם ווי דער אַרבעטער־קלאַס אין די ראָמאַנישע לענדער האָט ענדלעך באַזיגט די רעאַקציע דורך לאַנגע, שרעקלעכע קאַמפן, האָט זיך ווידער אַנטוויקלט דער גײַסט פון סאָציאַליזם און דירעקטע אַקציע צווישן די אייראָפּעישע אַרבעטער. דער פּראָגראַם פון די רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפטן אין פראַנקרייך, שפּאַניע, איטאַליע, פּאָרטוגאַל, דער פראַנצויזישער שווייץ, האָלאַנד און זיד־אַמערי־קע איז דער פּראָגראַם פון דעם אַלטן „אינטערנאַציאָנאַל", דער פּראָגראַם פון דעם ווירקלעכן סאָציאַליזם.

די פּאָליטישע אַקציע איז אַ דירעקטער פּראָדוקט פון דער בורזשואַזיע, אַ מיטל צו פאַרזיכערן אירע פּריווילעגיעס.

די דירעקטע אַקציע פירט צום פרײַען סאָציאַליזם און צו דער פאַרניכטונג פון דעם שטאַט. די פּאָליטישע אַקציע קאָן אונדז העכסטנס פירן צום שטאַטס־קאַפּיטאַליזם. עס איז אַ פראַגע צווישן פרײַהייט און שקלאַפערײַ, און די אַרבעטער וועלן דאַרפן אַליין באַשליסן, אויף וועלכן וועג זיי וועלן גיין.

1906

# אַנאַרכיזם און אינדיווידואַליזם

„דער אַנאַרכיזם איז אַ ריין־אינדיווידואַליסטישע טעאָריע. אַט דערפאַר קען ער קיין מאָל נישט זײַן אין אײַנקלאַנג מיט דער געזעלשאַפט, וועלכע פאָדערט די אונטערוואַרפונג פונעם יחיד״. דאָס איז דער געוויינטלעכער אַרגומענט פון די שטאַט־סאָציאַליסטן קעגן דעם אַנאַרכיזם. אָבער אַט־די באַהויפּטונג איז דורכויס פאַלש. דער אינדיווידואַליזם, ווי מיר פאַרשטייען אים, איז גראָד דער פונדאַמענט פון אַן אמתער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע. פאַר אונדז איז די פרײַהייט פונעם יחיד ענג פאַרבונדן מיט דער פרײַהייט פאַר אַלעמען. מיר זײַנען מיט דער מיינונג, אַז אַ געזעלשאַפט קען זיך אַנטוויקלען נאָרמאַל נאָר דעמאָלט, ווען זי גיט דעם יחיד די בעסטע מעגלעכקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון זײַנע באַזונדערע פעיִקייטן.

די געשיכטע ווײַזט אונדז, אַז די פרײַע אַנטוויקלונג פונעם יחיד איז שטענדיק געווען דער פאַרויסיקער תּנאַי פון פּראָגרעס און פרײַהייט. און פאַרקערט, זי ווײַזט אונדז אויך, אַז די רעאַקציע האָט שטענדיק אונטערדריקט די פרײַע אינדיווידועלע אַנטוויקלונג אין נאָמען פון דער געזעלשאַפטלעכער נויטווענדיקייט.

מיר וויסן אָבער, אַז די אונטערדריקונג פון דער אינדיווידואַליטעט איז שטענדיק געווען דער אונטערגאַנג פון דער פרײַער און אמתער געזעלשאַפטלעכקייט. די יִדישע טעאָקראַטיע און די טעאָקראַטיע בכלל האָט אַראָפּגעשלײַדערט די מענטשהייט אין אַן אָפּגרונט, מיטן תּירוץ, אַז זי גייט שטיצן די געזעלשאַפט קעגן די שלעכטע זײַטן פון דער אינדיווידואַליטעט. כּדי צו פאַרטיידיקן דעם דאָזיקן משוגענעם פּרינציפּ, האָט מען פאַרוויסט גאַנצע לענדער און פאַרניכטעט זייערע אײַנוווינער, מען האָט דערפונדן די שפּאַנישע אינקוויזיציע, אַט־די אייביקע שאַנדע פאַר דער מענטשהייט. כּדי צו פאַרטיידיקן די „געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג״ קעגן דער טיראַניי פון די איינצלנע, האָט די רעאַקציע אויסגעשאָכטן די פּאַריזער פּראָלעטאַריער אין יוני 1848 און בעת דער צײַט פון דער קאָמונע אין 1871. און דאָס אייגענע טוט איצט די רוסישע זעלבסטהערשונג; אויך זי פאַרניכטעט די יחידים, כּדי צו ראַטעווען דעם כּלל.

יעדע פרײַהייטלעכע באַוועגונג, וואָס איז פאָרגעקומען ביז איצט, האָט די אינדיווידועלע פרײַהייט אָנגעשריבן אויף איר פאָן. די גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, פון וועלכער דאָס קריסטנטום איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן, האָט זיך

באַזירט אויף די דאָזיקע פונדאַמענטן. די ווערטער, וואָס מען האָט שפּעטער אַריינ־געלייגט קריסטוסן אין מויל: „זעט צו זיין אַזוי שלימותדיק, ווי אייער פאָטער אין הימל!", האָבן צו ערשט געהאַט אַ פיל טיפערע באַדייטונג. דאָס איז געווען דער רוף צום יחיד זיך צו באַפריינען פון יעדער שקלאַפעריי, איבערגלויבן און אונטער־דריקונג דורך דער העכסטער פאַרפולקאָמונג פון זיינע באַזונדערע פעיקייטן. די קריסטלעכע קירך, וואָס איז אייגנטלעך בלויז געווען די פאַרמאַסקירטע רעאַקציע קעגן דער באַפרייונג פון די מאַסן, האָט באַלד געפּרעדיקט די אונטערוואַרפונג פונעם יחיד אין נאָמען פון דער געזעלשאַפטלעכער נויטווענדיקייט.

און לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל פון דער נייער געשיכטע: די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד. אַ גאַנצער דור האָט באַקומען זיין רעוואָלוציאָנערע דער־ציונג דורך די ווערק פון פּיסאַרעוו, דאָבראָליובאָוו און אַנדערע, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די פרייהייט פונעם יחיד. די רוסישע יוגנט האָט מקריב געווען בלוט און לעבן אונטערן איינפלוס פון דער דאָזיקער לערע. טויזנטער יונגע מענער און פרויען זיינען אונטערגעגאַנגען אין די תפיסות פון סיביר, הונדערטער זיינען גע־שטאָרבן אויף די תליות. אָבער די רעאַקציע איז נישט געווען אומשטאַנד צו פאַר־ניכטן אין זיי דעם אידעאַל פון אינדיווידועלער פרייהייט און אַנטוויקלונג, הגם זי האָט געפּרווט פאַרענטפערן איר ווילדע אַכזריות מיט דער נויטווענדיקייט צו פאַרטיידיקן די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג. אין דער איצטיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד זעען מיר די זעלביקע דערשיינונג און די סאָציאַליסטישע פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע באַקעמפן אַזוי שטאַרק דעם אינדיווידואַליזם, באַ־ווייזן דערמיט נאָר איין זאַך, אַז מיט זייער גאַנצער „וויסנשאַפטלעכקייט" הייבן זיי נישט אָן צו פאַרשטיין דעם אמתן כאַראַקטער פון רעוואָלוציאָנערע פרייהייט־לעכע פאָלקס־באַוועגונגען.

**
*

אַנדערע וועלן אונדז צוגעבן, אַז מיר זיינען טאַקע גערעכט, נאָר פון דעסטוועגן דאַרף מען דאָך פאָרט באַשרענקען די יחידישע פרייהייט ביז צו אַ געוויסן גראַד, באַהויפּטן זיי. און וואָס שייך דעם היינטיקן שטאַט, וועלכער אונטערדריקט יעדע פרייהייטלעכע באַוועגונג, קען מען דאָך אים פאַר קיין פאַל נישט צוגלייכן צו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן שטאַט, ווו דער פּראָלעטאַריאַט גופא האָט די הערשאַפט אין זיינע הענט.

אָבער וואָס איז דאָס אַזוינס די הערשאַפט פונעם פּראָלעטאַריאַט? וועט אפשר דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט הערשן? זיכער נישט. אָבער ער וועט אויסדריקן זיין ווילן דורך זיינע פאַרטרעטערס, אַזוי באַהויפּטן די אָנהענגער פון דער שטאַט־אידייע. ווי אַזוי אָבער קלייבט מען אויס אָט־די פאַרטרעטערס און ווי אַזוי דריקן זיי אויס דעם ווילן פון די ווילערס?

אויב עס איז פאַראַן אַ מאַיאָריטעט, איז אויך פאַראַן אַ מינאָריטעט. די שטאַט־סאָציאַליסטן זיינען מיט דער מיינונג, אַז די מינאָריטעט האָט די פליכט זיך אונ־טערצווואַרפן אונטער דער מאַיאָריטעט. דאָס הייסט בכן, אַז עס וועט שוין מער נישט זיין קיין הערשאַפט אָדער בעסער געזאָגט, דיקטאַטור פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט, נייערט נאָר פון אַ טייל פונעם פּראָלעטאַריאַט. מיר ווייסן אָבער זייער גוט, ווי אַזוי

עס ווערן געמאַכט מאַיאָריטעטן. די מאַיאָריטעט באַשטייט דאָס רוב פון אויבער־פלעכלעכע גײַסטיק באַשרענקטע און הינטערשטעליקע עלעמענטן, וואָס פאָלגן וועלכע נישט איז אויטאָריטעט, צוליבן מאַנגל אין אייגענער זעלבסטשטענדיקייט.

עס איז אויך גאָר נישט מעגלעך אָפּצוּווענדן, אַז די פּראָגרעסיווע און מער אַנטוויקלטע עלעמענטן זײַנען שטענדיק געווען אין דער מינאָריטעט. נײַע פּראָ־גרעסיווע אידייען האָבן שטענדיק געפונען אָנהענגער בלויז בײַ דער מינאָריטעט. און מען קען אויך נישט אָפּוואַרפן, אַז די אויטאָריטעט האָט שטענדיק פאַרפאָלגט די דאָזיקע נײַע אידייען מיט דער הילף פון אַ פײַנער און אָפט מאָל קינסטלעך פאַבריצירטער מאַיאָריטעט, פרעדיקט אין דער זעלביקער צײַט די אונטערדריקונג פונעם פּראָגרעס.

צי איז דען די גאַנצע געשיכטע עפּעס אַנדערש ווי אַ שטענדיקער קאַמף צווישן דער מינאָריטעט מיט דער מאַיאָריטעט?

ווען דער פעאָדאַליזם איז נאָך געווען בײַ זײַן פולער קראַפט, איז אַנטשטאַנען די בורזשואַזיע. די בורזשואַזע מינאָריטעט האָט אַזוי לאַנג אָנגעפירט דעם קאַמף קעגן דער פעאָדאַלער מאַיאָריטעט, ביז וואַנען זי האָט געזיגט. הײַנט קעמפט די סאָציאַליסטישע מינאָריטעט קעגן דער בורזשואַזער מאַיאָריטעט. וואָרום עס איז גאָר קיין ספק נישטאָ, אַז די ברייטע מאַסן זײַנען היינט נאָך דורכגעקנאָטן מיט בורזשואַזע אידייען און פאַרשטעלונגען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט נאָך נישט געזיגט, אָבער שוין האָט זיך אויפגעהויבן אין סאָציאַליסטישן לאַגער אַן אַנדער מינאָריטעט — די אַנאַרכיסטישע.

ווען מיר שטודירן די געשיכטע געפינען מיר, אַז אין אַלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן אַ מינאָריטעט, וואָס איז געווען מער ראַדיקאַל און רעוואָלוציאָנער, מיט אַ מאַיאָריטעט, וועלכע איז געווען מער קאָנ־סערוואַטיוו.

אויב מען פאָדערט פון אונדז, פון דער מינאָריטעט, אַז מיר זאָלן זיך אונ־טערוואַרפן צו דער שטאַט־סאָציאַליסטישער מאַיאָריטעט, דערפאַר ווײַל מיר זײַנען אין דער מינאָריטעט, דעמאָלט שטעלן מיר אײַנפאַך די פראַגע: פאַר וואָס אונטער־וואַרפט איר זיך נישט צו דער בורזשואַזער מאַיאָריטעט? מיר וועלן קיין מאָל נישט פטור ווערן פון אָט דער קינסטלעכער פראַגע, כל־זמן מיר וועלן פּרעדיקן „אונטער־וואַרפונג" און זיך אײַנרעדן אַז מיר זײַנען, נישט געקוקט אויף דעם, אָנהענגערס פון פרײַהייט.

די מענטשהייט בלײַבט קיין מאָל נישט שטיין אויף דער זעלביקער שטופע, זי שטרעבט שטענדיק ווײַטער און ווײַטער. און ווײַל עס איז אײנפאַך נישט מעגלעך, אַז אַלע מענטשן זאָלן זיך באַגײַסטערן פאַר דער זעלביקער אידייע, אָדער בעסער געזאָגט, אַז אַלע זאָלן טראַכטן גלײַך, וועלן מיר דעריבער שטענדיק האָבן מאַיאָ־ריטעטן און מינאָריטעטן. חוץ דעם, איז די מאַיאָריטעט ס'רוב אַ „געמאַכטע". די פאַרטרעטערס פון שטאַט און קאַפּיטאַל זוכן אויפצוהאַלטן זייער הערשאַפט מיט דער הילף פון דער מאַיאָריטעט. אָט דערפאַר קען דער ווילן פון אײנצלנע פאָלקס־פאַרטרעטערס קיין מאָל נישט זײַן דער ווילן פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט.

אָט דערפאַר איז אויך די אַזוי גערופענע „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", פון וועלכער אונדזערע מאַרקסיסטן חלומען, נישט נוצלעך פאַר די פּראָלעטאַריערס, נאָר

זי איז נוצלעך פאַר אַנדערע. די לערע פון דער „דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט", פון דער „נויטווענדיקייט פונעם שטאַט", פון דער „פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור" אאַ"וו, אַט די אַלע טעאָריעס זײַנען דערפינדונגען פון אַ נײַ אויפגעקומענעם קלאַס, פון דער אַזוי גערופענער אינטעליגענץ, וועלכע האָט זיך ערשט אַנטוויקלט אונטערן קאַפּיטאַליסטישן רעזשים און זיי האָבן בלויז אין אויג די אינטערעסן פון אַט דעם נײַעם קלאַס.

אונדזערע סאָציאַליסטישע פּאָליטיקערס זעען אין אונדז נישט מער ווי באַשרענקטע אוטאָפּיסטן, אָבער אין דער אמתן נעמען מיר די מענטשן ווי זיי זײַנען. ווי דער מענטש זאָל נישט זײַן, וועט ער זיך שטענדיק האַלטן פאַר אַ מין העכערן וועזן, ווען ער האָט די מאַכט אין זײַנע הענט און קען אַנטשיידן דעם גורל פון דער ברייטער מאַסע.

כדי איינער זאָל נישט אונטערדריקן דעם אַנדערן, דאַרף מען פאַרניכטן די מעגלעכקייט פון אַזאַ אונטערדריקונג. כדי קיינער זאָל נישט קענען באַנוצן אויף אַ שלעכטן אופן די עפנטלעכקייט, דאַרף מען אין גאַנצן אָפּשאַפן די עפנטלעכע מאַכט-דעם שטאַט. כדי איינער זאָל נישט קענען עקספּלואַטירן דעם אַנדערן, דאַרף מען אין גאַנצן אָפּשאַפן די אינסטיטוציע פון פּריוואַט-אייגנטום.

אָבער די מענטשן וועלן דאָך מיט אַ מאָל נישט ווערן קיין מלאכים, וועט מען אונדז זאָגן. גאַנץ ריכטיק, זאָגן מיר. און טאַקע דערפאַר זאָלן מיר זײַן גענוג קלוג און נישט איבערגעבן אונדזערע פּערזענלעכע עניינים אין פרעמדע הענט אַרײַן. יעדער איינציקער דאַרף ווערן דער האַר פון זײַן אייגענעם גורל. אַט אַזוי וועלן די זעלביקע אינטערעסן גרופּירן די מענטשן אין קאָמונעס און פעדעראַציעס, וועלכע וועלן זיך גרינדן אויף דער פרײַוויליקער פאַרשטענדיקונג און אויף דער קעגנזײַטיקער הילף פון די מיטגלידער.

אינדיווידואַליזם און קאָמוניזם באַזירן זיך אין דער אמתן אויף די זעלביקע פונדאַמענטן.

1909

# אויסגאַבן פון דער בוכגעמיינשאַפט ביי דער
# יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

הומאַהואַקאַ 4318 בוענאָס איירעס

---

**כאָסע אַנטיטש** — פראַנסיסקאָ פעררערס פעדאַגאָגיע, 30 זייטן
**ושאַן גראַוו** — בורזשואַזע און פרייהייטלעכע דערציאונג, 28 זייטן
**פ. אוראַלעס** — די פרייע שול, 30 זייטן
**י. פ. עלסלאַנדער** — אַ באַזוך אין אַ מאָדערנער שול, 43 זייטן
*¿Qué es el antisemitismo?* **(Encuesta mundial) 80 págs.**

**סעבאַסטיאַן פאָר** — ווערטער פון אַ דערציער, 96 זייטן
**פראַנסיסקאָ פעררער** — די מאָדערנע שול, 200 זייטן
**רודאָלף ראָקער** — די ראַציאָנאַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט און דער אַרבעטער־קלאַס, 168 זייטן
**לואידזשי פאַברי** — ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ — זיין לעבן און זיינע סאָציאַלע אידעען, 48 זייטן
**א. מילער־לענינג** — שטאַט און מאַרקסיזם, 32 זייטן
**ע. מאַלאַטעסטאַ** — אין קאַפע־הויז, 120 זייטן
**א. י. זאַקוסקי** — י. ל. פרץ, 64 זייטן
**רודאָלף ראָקער** — נאַציאָנאַליזם און קולטור, 744 זייטן.
**רודאָלף ראָקער** — „אין שטורעם״, 840 זייטן.
**יונה גאָראָדיסקי** — דוד עדעלשטאַט, 32 זייטן.
אבא גאָרדין — זכרונות און חשבונות 1טער באַנד, 460 זייטן.
אבא גאָרדין — זכרונות און חשבונות, 2טער באַנד, 464 זייטן
א. אַלמי — אין געראַנגל פון אידייען, 226 זייטן
אבא גאָרדין — אין געראַנגל פאַר פרייהייט, 476 זייטן.
אַבאַ גאָרדין — דרייסיק יאָר אין ליטע און פוילן, 496 זייטן
מאַרטין בובער — שטעגן אין אוטאָפיע, 208 זייטן
שמואל לעווין — צווישן צוויי תהומען, 440 זייטן
רודאָלף ראָקער — עסייען, 224 זייטן

